ב. גאָרין
(י. גוידא)

Fergesene

# פערגעסענע נגונים

ערשטער באַנד.

יום טוב'דיגע ערצעהלונגען.

פערלאַג ב. גאָרין, 77-79 בויערי, ניו יאָרק
1919.

# אינהאַלט:

## פסח



## שבועות



## ימים נוראים

זייט



## סכות

# די סימנים.

(פון די קינדערשע יאהרען)

שוין עטליכע וואכען פאר פסח האב איך געוואוסט, אז אדער דער שניידער אדער דער שוסטער אדער דער קירזשנער וועט האבען אויף יום טוב אביסעל ארבייט פון מיר און אפשר אלע צוזאמען. א גארניטערל, אדער א פאר שטיוועלאך איז געווען עפעס ניט קיין קלייניגקייט אין יענע מקומות, וואו איך האב מיינע בעסטע קינדער יאהרען פערבראכט. דאס איז געווען א גאנצע געשעהעניס. האסטו אנגעטהאן א נייעם גארניטערל, האט יעדער איינער געקאנט זעהן, אז דאס איז ערשט פון נאדעל ארויס און האט עס בעטראכט פאר א ניט געוועהנליכע זאך. עלטערע מאנסביל, דעם טאטענס אדער מאמעס קרובים אדער זייערע גוטע בעקאנטע האבען זיך אפגעשטעלט און געוואונשען דיר א „התחדש“ און אויסגעדריקט דערביי א פרייד, אזוי ווי מי יודע וואס עס וואלט געשעהן. עלטערע ווייבער, קרובות אדער בעקאנטע האבען צוגעווינשעוועט: „געזונד זאלסטו טראגען“, אדער „פערניץ געזונד“. חברים האבען גערעט פון „אבנעץ“ געלט. מיט איין ווארט, א נייער בגד'ל האט געמאכט א גאנצען רושם.

און שוין עטליכע וואכען פאר פסח האב איך געוואוסט, אז איך וועל זיך אויף יום טוב מיט עפעס „התחדש“ זיין. און געוואוסט האב איך עס ניט מחמת עס איז א מוז צו מאכען אויף יעדען יום טוב א נייעם בגד, ניין, דאס דוקא ניט. ביי אונז אין שטעדטיל האט יעדער בעל הבתישער איד געהאט זיינע שבת'דיגע און יום־טוב'דיגע בגדים פון דער צייט וואס ער איז צו דער חופה געגאנגען. זיי זיינען דערויף געווען שבת'דיגע און יום טוב'דיגע בגדים,

אז זיי זאָלען געדויערען לכל הפּחות א האַלבען לעבען. אויך ניט פון עפּעס אַן אַנצוהערענים — פערקעהרט, די מאַמע האָט דעם גאַנצען ווינטער גערעט וועגען דערלעבען „אריינצוברענגען דעם פּסח אין שטוב" מיט אַזאַ קול, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען א צווייטער קריעת ים סוף, און איהר פּנים איז דערביי געווען אַזוי פערקלערט און פערזאָרגט, אַז איך האָב זיך דערפון גערארפט אַנשטויסען אַז קיין בגדים׳לאך וועלען ניט זיין. די מאַמע האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע שטענדיג צו זאָרגען, און נאָך איידער זי האָט מיך רעכט אַנט־וואָרט, האָט זי אַנגעהויבען צו דאגה׳ן וועגען מיין פּריזיוו, ווייל איך בין קיין בכור ניט געווען און האָב קיין ליגאַטע ניט געהאַט.

נאָר איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל זיך מיט עפּעס התחדש זיין, און שוין עטליכע וואָכען פאַר פּסח בין איך דערין געווען זי־כער. מיר חדר אינגלאך האָבען געהאַט אונזערע אייגענע סימנים. עס האָבען זיך בעוויזען קליינע ווייסע פלעקען אונטער די נעגעל אויף א פּאָר פינגער, און דאָס איז א כלל גדול, אַז קוים בעווייזט זיך א בליהונג אונטער׳ן נאָגעל, בעדייט עס אָדער א נייעם גאַר־ניטערל, אָדער א פּאָר שטיוועלאך און אפשר ניט מעהר ווי א נייע היטעלע. און פערשטעהט זיך, אַז דאָס קאָן קומען נאָר אויף יום־טוב, אין מיטען ווינטער אָדער אין מיטען זומער וועט מען קיין נייע בגדים ניט מאַכען.

די ווייסע בליהונג איז געווען דייטליך גענוג. נאָר ווען עס איז געקומען צום ריכטיגען אויסטייטשען, וואָס יעדע ווייסע פינ־טעלע בעדייט איז געוואָרען א חלוקי דעות. אפילו שלום פון דער גרעסערער כתה, א אינגעל מיט א נייגונג צו חקירה און דערפאַר טאַקע האָבען מיר זיין נאָמען געלאָזט, ווי ער איז, אַהן א פערקלע־נערונג און אַהן א פערצווייגענקייט, — אפילו אַט דער כמעט־חקרן האָט ניט געקאָנט בעשטימען ריכטיג, וועלכע פינטעלע בעדייט א גאַרניטער און וועלכע א פּאָר שטיוועלאך און וועלכע ניט מעהר ווי א היטעלע.

די שמחה פון בענייען זיך מיט עפּעס אויף יום טוב איז ניט סתם א פרייד פון האָבען א נייעם מלבוש. דער אמת איז, אַז איך האָב זיך קיין מאָל ניט געפיהלט אַזוי אונגעלומפּערט, אַזוי שעמעוו־

דיג, אזוי אונבעקוועם, ווי ווען איך האב אנגעטהאן א נייעם גאר־ביטערל. מיין מאמע, געזונד זאל זי זיין, איז ניט נאר אן אויס־געדרעכענטע אידענע נאר איהר פראקטישער שכל פערלויפט אפילו דעם וועג איהר אויסגערעכענטקייט. ווען מען האט געגעבען ניי־הען עפעס א בגד׳ל פאר מיר, האט זי שוין אכטונג געגעבען, אז ער זאל זיין ניט נאר געראם נאר טאקע ברייט און לאנג. און עס איז ניט געוועזן דער שניידער וואס האט מיר גענייהט א קאפאטקע, אז ווען ער האט שוין געבראכט דעם פארטיגען בגד, זאל זיך צווישען דער מאמען און איהם ניט אנהויבען א סכסוך. ער האט מעשה קינסטלער, מיט א געניטער האנט, וועלכע האט זיך כמעט ניט בע־וועגט, מיך ארומגעדרעהט מיט׳ן פנים און מיט׳ן רוקען און מיט יעדען זייט בעזונדער צו דער מאמען און אליין בעוואונדערט זיין ארבייט, בעמערקענדיג מיט התפעלות: „א בגד׳ל, הא? ווי אויסגע־גאסען!“ און דערביי מיט דער צווייטער האנט געגלעט מיט ליעבע דעם קאלנער, די קליאפעס, די ארבעל. און די מאמע איז געזע־סען מיט פערלעגטע הענט און מיט א קריטישען אויג עקזא־מינירט יעדען טהייל פון דעם בגד בעזונדער, און זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו מיר, א טאפ געטהאן אונטער א פאכווע און געזאגט קורץ:

— דא איז ענג.

— ניין, מאמע, — שריי איך אויס, — עס איז ניט ענג, און דעמאנסטריר דערביי מיט דער האנט און הויב אויף און לאז איהר ארונטער.

דער שניידער שווייגט אויך ניט. ער לעגט ארונטער זיין האנט אונטער דער פאכווע און מאכט א ברייטען פאלד.

— אט דאס הייסט ביי אייך ענג? איהר ווילט דאך ניט אז איך זאל איהם אויפנייהען א זאק!

די מאמע ווערט ניט נתפעל דערפון און שענקט איהם א בליק, וואס זאגט קלאר און דייטליך, אז נייהען קאן ער אפשר, אבער קיין שכל האט ער ניט כי הוא זה. ווי פערשטעהט ער דאס ניט, אז א קינד וואקסט, און א בגד וואקסט ניט מיט.

און זי גיט זיך גלייך א כאפ צו די ארבעל.

— נו, זאָגט אַליין, ווער מאַכט עס פאַר אַ קינד אַזעלכע קורצע אַרבעל. מירצעשעם, איבער אַכטאָג וועלען זיי שוין קאָם דערגרייכען צו די עלענבויגען.

דער שניידער וויל בשום אופן ניט נאָכגעבען, אַז די אַרבעל זיינען קורץ, און איך האַלט שטאַל און אייזען מיט איהם, נאָר דאָס העלפט אונז ווי דער פאַר אַ יאָהריגען שניי, און דער סוף איז, אַז די אַרבעל אין מיין נייען בגד פערשטעלען כמעט דעם גראָבען פינ־גער און איך פיהל זיך אומגעלומפּערט און די ערשטע צייט, דאַכט מיר, אַז אַלע קוקען אויף מיר און לאַכען פון די לאַנגע אַרבעל.

נאָר דאָס איז שוין העט־העט שפּעטער, דערווייל אָבער עפּענט די אויסזיכט פון אַ בענייאונג אויף עפּעס אַ קוואַל פון אונגעהערטע פערגעניגענס.

דער גרעסטער פערגניגען איז ניט פון אַ בגד נאָר פון נייע שטיוועלאַך. דער שניידער איז עפּעס אַ קאַלטער נפש, אַ פער־קלערטער, אַ פערטראַכטער, מיט איהם קאָן מען זיך ניט חבר'ען. און מיט זיינע געזעלען איז מען קיין מאָל ניט זיכער, צו זיי לאַכען פון דיר הינטער דעם רוקען צו ניט. אָבער מיין שוסטער איז גאָר אַנדערש. געהייסען האָט ער חילקע און מיט איהם האָט מען גלייך געקאָנט ווערען אַ פּאַניבראַט. ער איז קיין מאָל ניט געזעסען שטיל : אָדער ער האָט געלאַכט, אָדער ער האָט געזונגען, אָדער ער האָט געזאָגט תורה ־ ווערטלאַך, אָדער געטייטשט עברי. ער איז געווען אַזאַ לאַכעדיגער, אַז ווען ער האָט אויסגעטהאָן זיין קאַפּאָטע און מען האָט אַ קיצעל געטהאָן דאָרטען וואו עס דאַרפען זיין די פּאַכוועס, איז ער פערגאַנגען פון לאַכען. ער האָט זיך ניט בענוגענט מיט אַזעלכע געוועהנליכע ווערטלאַך ווי „אגיל ואשמח" אָדער „כלחוך השור", נאָר ער האָט געהאַט זיינע אייגענע. אַז ער האָט זיך געשאָלטען אין גוטען מוטה, אין זיין קללה געווען „ויכון בחסד, עס זאָל דיר אַנדרעהען ווי אַ ראָד", "כל עצמותי תאמרנה, עס זאָל דיר ברעכען און שטעכען" און דאָס גלייכען.

מיט חילקע'ן האָב איך אויסגעפיהרט וואָס איך האָב געוואָלט. אַז יעף איך האָב איהם פערטרויט, אַז איך וויל מיינע שטיוועלאַך זאָ־

לען סקריפּען, האָט ער מיר גלייך צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שוין זיין „עומדים צפופים“. אַז צווישען די אַבסאַצען און אויבערסטע פּאַ־רעשוועס זאָל זיין געפאַרבט מיט רויטען, האָב איך איהם שוין גאָר ניט געדאַרפט בעטען, דאָס האָט ער אליין געטהאָן. נאָר דער עיקר איז, אַז ער האָט מיר ערלויבט צו שלאָגען הילצערנע טשוועטש־קעס, ניט אין קיין שיך, נאָר אין דעם הילצערנעם ברעטיל, אויף וועלכען ער האָט צוגעשניטען די לעדער, און יעדעס מאָל וואָס איך האָב דעם טשוועקעל אַריינגעשלאָגען מיט איין קלאַפּ, האָט ער מיר צוגעשריען:

— גוט, גוט! א כוואַט א אינגעל. אַט דאָס הייסט וחלקלקות — א גלאַטע שטיקעל אַרבייט!

עס איז געווען פּונקט דריי וואָכען פאַר פּסח ווען די מאַמע האָט מיך מיטגענומען אין שניט קראָם אויסקלייבען סחורה אויף א גאַרניטער און נאָך די זעלביגע וואָך האָט מען געשיקט נאָך חילקען. ער זאָל מיר נעהמען א מאָס אויף א פּאָר שטיוועלאַך. איך האָב געבעטען, אַז די כאָלאַוועס זאָלען אויבען זיין אַרומגעלעגט מיט רויטען זאַמש, נאָר אַזוי ווי די מאַמע האָט דערפון ניט געוואָלט הערען. האָט חילקע צו מיר א וואונק געטהאָן און געזאָגט:

— דאָס איז גד גדוד יגודנו!

אַזוי ווי ער האָט ניט געפונען פאַר נויטיג צו פערטייטשען אַזא בפירוש'ען פּסוק און אַזוי ווי זיין טייטשונג איז געווען אַן איינגענאַרטיגע איז מיר ביז היינטיגען טאָג ניט קלאָר, וואָס ער האָט דערמיט געמיינט, נאָר איך שטוים זיך אָן, אַז דאָס איז שוין געווען צופיעל געבעטען.

און יענע דריי וואָכען ביז פּסח זיינען געווען פון די גליקליכס־טע אין די קינדערשע יאָהרען. דער גאַנצער פערשפּאַרטער ווינטער אין חדר איז ווי מיט א רויך פערשוואונדען, די אייזערנע דיסציפּ־לין וואָס האָט אונז געהאַלטען ווי צוגעשמידט צוועלף שעה א טאָג האָט מיט אמאָל געפּלאַצט. מיר האָבען זיך פון חדר אַרויסגעריי־סען און געאַקערט און געזוכט יעדע אַרבייט, אבי נאָר זי זאָל ניט האָבען קיין שייכות מיט לערנען. ביי חילקען אין ברעטיל האָב איך הילצערנע טשוועקלאַך געשלאָגען, צום שניידער געדאַרפט לויפען

זעהן וואו עס האלט מיט מיין גארטיטער. פון פאר'ן שטוב האט מען געראַרפט דעם גאַנצען אייז וואָס האָט זיך אָנגעקליבען און געוואַק־סען דעם גאַנצען ווינטער צוהאַקען און אבראַמען. מיט וואָס פאר א בייזקייט איך האָב געקוקט אויפ'ן טאַטען און עלטערן ברו־דער וואָס זיי האָבען צוגעלעגט א האַנט צו דער ארבייט! און וועל כלם געהן אין פאַדראַד רעדלען מצה. לייבקע דער רעדלער איז געווען א גוטער יונג, און אז מיר איז געלונגען צוצומאַכען זיך צום ברודערס פאַפּיראָסען און ברענגען איהם א צעהנדליג, האָט ער מיר א רעדעל אין האַנט געגעבען און געלאַזט שטעכען די מצה און ער האָט נאָכדעם דעם גאַנצען יאָהר די גרויסע טובה ניט פער־געסען און דערמאַנט וועגען מיין ברודערס פאַפּיראָסען...

און קיין כפוי טובה בין איך ניט געווען...

זאָל זיך איהם גרינג סלוקערצען, לייבקען.

די דריי וואָכען ביז פסח, וואָכען פול מיט קינדערישער טהע־טיגקייט, זיינען ווי א זיסער חלום פערשוואונדען, און ערב פסח פאַר נאַכט, ווען איך האָב אָנגעטהאָן מיין נייען גאַרניטער, מיט די אַרבעל ביז איבער די גראָבע פינגער און געראָם, זעהר געראַם אונ־טער די פאַכוועס, מיט דעם נייען היטעלע, וואָס האָט געהאַט אויי־בען א קנעפּיל אין סאַמע מיטען, איז אפשר מיין גרויס נחת געווען אביסעל געשטערט פון מיין אונגעלומפּערטקייט און איך בין דורכ־געגאַנגען אין בית המדרש פון דער טהיר צום אויבען אַז ווי דורך א קאַסטראַי, נאָר דערפאַר האָב איך דעם גרעסטען פערגניגען גע־האָט פון מיינע נייע שטיוועלאַך. דעם גאַנצען וועג פון דער היים ביז'ן בית המדרש האָב איך מיט דער גרעסטער פלינקייט אויסגע־מיטען די קליינע לוזשעס, וואָס זיינען נאָך געבליבען פון דעם צו־גאַנגענעם ווינטערדיגען אייז און שניי און קיין פלעק איז ניט גע־פאַלען ניט נאָר אויף די שטיוועלאַך פון אויבען, נאָר אפילו די רויטע פאַרב צווישען אבסאַץ און דער אויבערסטער פאַדעשווע האָט אָנ־געהאַלטען איהר גלאַנץ. און ווען איך האָב זיך אָנידערגעזעצט אויף אונזער שטאַט און געוואָלט זיך פערשאַפען א נחת רוח האָב איך נאָר געראַרפט א דריק טהאָן די פאַדעשווע און עס איז געוואָרען „עומדים צפופים".

# פסח.

אט שטעהט דער פסח אין מיין שטעדטעל פאר מיינע אויגען.

ערב פסח נאך איידער די זון האט גענומען פערגעהן האט זיך דער מארק אנגעהויבען אבלעדיגען, די סעמערם זיינען פערשוואונדען איינער נאכ'ן צווייטען און צוזאמען מיט זיי דער גאנצער וואכעדיגער הוהא און טאראראם. די קראמען האבען זיך אויך פערמאכט בעצייטענס און מיט זיי זיינען אוועק די לעצטע שפורען פון אונרוהיגקייט און קליינליכקייט.

נאר ביי חנה'לע רב יאסעלעס אין אכסניא האלט נאך אן אן אונגעוועהנליכע שפע. דארטען איז היינט דער אמת'ער יריד, דארטען פערקויפט מען וויין און מעד, און די שפע איז אזוי גרויס, אז אפילו רב יאסעלע, וועלכער מישט זיך וועניג אין געשעפט און די ווייב איז די אמת'ע עקרת הבית, כאפט זיך ניט ווי שפעט עס ווערט, און אהן א קאפאטע, מיט פערקאטשעטע ארבעל מעסט ער און גיסט דעם יין צמוקים אין די גרויסע גרינע בוטלעס.

די חשוב'ע בעלי בתים מיט די מאנטלען פערווארפען איבער די אקסלען ציהען זיך שוין מיט גיכע טריט איבער'ן מארק צום שוהל, צום בית המדרש, צום קלויז, און די פערשפעטיגטע ארימערע אידען שפאנען מיט די בוטלעס וויין אהיים אין די הינטער־געסלאך און נאך זיי לויפען זייערע קדישים, וועלכע האבען דעם איינציגען טאג אין יאהר אן אומזיסטען כבוד מיט א גאנצע גלעזעל וויין מיט אמאל און טאקע צוליעב דעם צוועק האבען די טאטעס זיי מיטגענומען צום איינקויפען יין של פסח.

אין אן ארימען שטעדטעל איז אלץ געווען א קרן, און א גלעזעל יין צמוקים איז ניט געגאנגען צו־פוס.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערט דער לעצטער וואכעדיגער

גערודער פערשוואונדען און א שטילקייט פערשפרייט זיך איבער'ן גאנצען שטעדטיל. די שטילקייט איז אבער אויסגעמישט מיט א בעהאלטענער פרייד, וואס שטראהלט ארויס פון אלע פענסטער. די שטילע פרייד איז אויסגעגאסען אויף די קליינע הייזלאך, אויף די גאסען און אפילו אויף די האלב אבגעטריקענטע שטיינער פון ברוק. איהר פיהלט א מין שטילען טאן, א מין שירה וואס די הייזער און די גאסען זינגען, פאר וואס זיי האבען זיך בעפרייט פון דעם שווערען איינגעקאוועטען שניי און אייז. די מילדע לופט פון אנהויב פריהלינג איז אנגעפילט מיט א זיפץ פון ערלייכטערונג.

די שוהל, דער בית המדרש, די קלויזען זיינען איצט בעגאסען מיט ליכט. דא האט שוין דער יום טוב געקריגען א פרעהליכען קבלת פנים; א ברומען פון פרייד און גליק רייסט זיך אלע העכער און העכער און פילט אן אלע ווינקעלאך.

גוט יום טוב! גוט יום טוב!

עס צוטראגט זיך דער גוט יום טוב פון שוהל, פון בית המדרש פון קלויז אין יעדען אידענס שטוב. דער יום טוב'דיגער גייסט דארף זיך שוין מעהר ניט שלאגען מיט דער וואכעדיגקייט. די זארגען, דאגות, קאפ-דרעהענים, קלעמענים פון א גאנץ יאהר זייענען ווי פון דער ערד אבגעווישט געווארען, יעדער איד פיהלט איצט די ברייטקייט פון א מלך. אין איילענים האט מען פערגעסען חרוסת אנצוגרייטען, און דער עלטערער איינגעל לויפט אריבער צום רב מיט א קליין טעצעל. דער צייטליכער מלך טהוט אויס די יום-טוב'דיגע קאפאטע און שטעלט זיך מיט א ריב-אייזען ביים אויוועז אנרייבען מרור. די מלכה גרייט צו די היסב בעט. אלע פנים'ער שטראהלען, אפילו די טרערען וואס שטעהען ביים מלך אין די אויגען פון דעם געריבענעם מרור נעהמען ניט אוועק דעם אויסדרוק פון פרייד און גליק.

און באלד דערהערט זיך פון אלע אידישע הייזער דער בעקאנטער סקארבאווער נגון פון דער הגדה. וואס ווייטער דערווארעמען זיך מעהר די שטימען און עס וואקסט די בעגייסטערונג. די מעשה'לאך פון דער הגדה טראגען אריבער אין א צויבער-וועלטעל און אלץ וואס ווערט געטהאן און געזאגט אין דעם אבענד בעקומט

עפּעס ניט קיין ערדישען כאראקטער. אלץ איז אזוי אונגעוואויני־
ליך, פאנטאסטיש, סימבאליסטיש.

נח דער מלמד, אן אמת'ע חסיד'ישע נשמה, קען זיך ניט צו־
פריעדענשטעלען מיט'ן זאגען און זינגען אליין. דאס איז נאך אלץ
צו טרוקען פאר איהם. ער דארף בפועל איבערלעבען יציאת
מצרים און דארף פיהלען אזוי ווי ער אליין איז ארויס פון פרעה'ס
לאנד און אריבער דעם ים טרוקען. זיין ארימע ענגע שטיבעל
ווערט ווי דורך א צויבער פערוואנדעלט אין א מדבר. מיט א שטע־
קען אין האנט, מיט א פעקיל אויף די פּלייצעס שפּרייזט ער איבער'ן
הייסען זאמד. די מולטער וואס איז צו דעם צוועק אוועקגעשטעלט
אין מיטען שטוב בעקומט א פּנים פון דעם גרויסען ים סוף און ער
געהט איהם אריבער טרוקען און ווען ער דערגרייכט צו דער צווייי־
טער זייט ווארפט ער ארונטער זיין פעקיל און שטעלט אנידער
דעם שטעקען און מיט גרויס הרחבה ציהט ער זיך אויס אויף דעם
היסב בעט און זינגט א שבח דעם בורא.

און ווען די פיער כוסות זיינען שוין אויסגעלעדיגט און די
הגדה פערמאכט און שיר השירים אבגעזונגען און דער איד געהט
ארויס אין דרויסען און זעהט די שעהנע קיילעכדיגע לבנה און א
ריינעם פריהלינגס הימעל אהן א שום וואלקענדעל, צוגיסט זיך א
נחת איבער זיין גאנצען הארצען. דאס שיינט אזוי און שטראהלט
אזוי און גיסט אזא צויבערליכען ליכט אונזער לבנה און קיינער
האט זיך נאך קיין מאל ניט געפיהלט אזוי יום טוב'דיג, אין אזא
וואונדערבארער שטימונג, אזוי אויפגעראמט, אזוי תקיף, אזוי
זיכער און אזוי פורכטלאז, ווי אין דער דאזיגער נאכט פון פסח. עס
איז פערשוואונדען ניט נאר יעדע מורא, יעדער פּחד פאר'ן צוויני־
גער און פאר'ן דריקער און פאר'ן פייניגער, וואס דער לאנגער און
שווערער גלות האט געגען אונז ארויסגעשטעלט, נאר אויך פאר
אלערליי סארטען מזיקים און שדים און רוחות וואס ווארפען אן
אויף אונז א שרעק דאס גאנצע יאהר. אין דער דאזיגער נאכט
פון פסח האבען זיי קיינער אויף אונז קיין שליטה ניט.

און אויף מארגען אז מען האט געעפענט די אויגען, זיינען די
גאסען, דער מארק געווען לעדיג. א גרויסע הייליגע רוה האט זיך

אראבגעלאזט אויפ'ן גאנצען שטעדטיל. מען האט נאר געזעהן ווי פון אלע געסלאך האט זיך א שטראם מענשען געצויגען צום שוהל הויף. דאס גאנצע עפענטליכע לעבען איז איצט קאנצענט־רירט אין און ארום די בתי מדרשים.

א גרויסע נאכפראגע נאכ'ן עסען ווערט אויף א שטיקעלע פייער. א יונגער מאן מיט א פערדרויכערטען פאפיראס אדער עלטע־רער איד מיט א פעררויכערטער ליולקע איז איצט אן עולם ומלואה. מען שטעלט איהם אב אויף שריט און טריט און מען בעט לייהען א שטיקעלע פייער. און איינער איז מזכה דעם צווייטען. שטעהט אן עלטערער איד פאר זיין טהיר מיט זיין ליולקע אנגעפילט מיט טאבאק און קוקט אויס די אויגען אויף א פערבייגעהער, וואס רויכערט. געהט אן א יונגערמאן מיט א פעררויכערטען פאפיראס שטעלט ער איהם אב, נעהמט אהן מחילה דעם פאפיראס פון זיין האנט און שטופט דאס פייער צו זיך אין ליולקע, און דער יינגער־מאן ווארט געדולדיג, ביז דער טאבאק צינדט זיך אן, און פער־קעהרט, זוכט א יונגערמאן פייער פאר זיין פאפיראס און דערזעהט אן עלטערען אידען מיט א ליולקע שטעלט ער איהם אב און רוקט זיין פאפיראס צו יענעם אין ליולקע אריין און גראבט זיך אין דעם בערגעל אש און אז דאס פייער ווייזט זיך אלץ נים, העלפט איהם דער עלטערער אויס און הויבט אן ציהען און בלאזען צוריק זיין ציבעק און הגם דער יונגערמאן קריגט אביסעל אש אין די אויגען בעקומט ער אבער אויך דאס פייער וואס ער האט געזוכט און ביידע שיידען זיך צופריעדענע.

אין די ריינע אויפגעראמטע הייזער קומען דערווייל פאר שטילע שמחות. דארטען וואו א זוהן איז פער'קנס'ט איז די כלה מיט די מחותנים פערבעטען און די גרויסע און די קליינע, און די אלטע און די יונגע פערטרייבען די צייט מיט שפיעלען אין וועלשענע נים. נאר די יונגע מיט פערפלאמטע פנים'ער, מיט א גייציגקייט צו געווינען, חתן־כלה מיט א בושה און שעמעוודיגע בעוועגונגען און די עלטערע מיט אן אפענעם קאמישען שמייכעל פון זיך גופא, וואס מען מאכט זיך נאריש, ווייל ביי אונז אין שטעדטעל איז יעדער־סארט שפיעל געווען פעררעכענט פאר א נארישקייט.

די אינגערע אינגלאך זיינען אויפ'ן זיבעטען הימעל, ווייל די מיידלאך און ווייבער ווארפען דעם ראש אזוי אונגעלומפערט, אז ער וועט קיין מאל קיין נוס ניט טרעפען. און דער איינציגער וואס פערדארבט זייער שמחה איז זייער ברודער דער חתן. ווען ניט ער וואל־טען זיי אבגעוואונען אלע ניס און זיי מליצ'ען אין דער הויך. ווען ער שיקט ארוים דעם ראש, ספעציעל ווען עס האט זיך אנגעקליע־בען א גאנצע פארלאגע מיט ניס. נאר אפילו דאס העלפט זיי זעהר זעלטען. נאר דערפאר ווען דער חתן אליין טרעפט אמאל ניט, הויבט זיך אויף אין שטוב אזא געפילדער פון פריידענס-געשרייען, אז מען קען טויב ווערען.

— היינטיגע קינדער! — זאגט די מוטער און איהר פנים גלאנצט פון פרייד. — עס קומט אוים, קוריצא יאיצא אוטשיט. זיי זיינען קליגער פון אונז. איך געדענק, ווען איך בין נאך א מיידעל געווען, האט מען א כלה אויספראבירט מיט פראסטע מיטלען. מען האט איהר כלומרשט געבעטען העלפען פערגאנדערוויקלען א פלאנ־טער און אז זי האט ארויסגעוויזען אונגעדולד, איז דאס געווען א סימן, אז זי איז א כעס'ניצע. מען האט בכיון עפעס ארונטערגע־ווארפען און אויב זי איז פערבייגעגאנגען און ניט אויפגעהויבען עס, איז דאס געווען א סימן אז זי איז א פוילערקע. היינט וועלען אזעלכע מיטלען גארניט העלפען. די קינדער קענען אונז קויפען און פערקויפען...

# דער ערשטער סדר.

## 1.

שוין אנהויב ווינטער האט סאסיען אנגעהויבען צו דארען דער קאפ, ווי אזוי מען וועט אריינברענגען דעם פסח אין שטוב. און הגם זי האט גוט געוואוסט, אז דער וואס שיקט דעם שפינער זיין פלאקס און דעם טרינקער זיין וויין און דער וואס שפייזט דעם שור הבר און די מילב. וועט זיי אויך ניט פערלאזען, האט זי דאך ניט אויפגעהערט צו רעדען איבערן מאן אין די טעג ווען ער איז געווען אין דערהיים, ווי אזוי נאך אזא ביטערען ווינטער וועט מען כח האבען אנצוגרייטען אלע נויטיגע זאכען צום גרויסען יום טוב.

פלטיאל האט, ווי סאסיע האט אויף איהם געזאגט, פון קיין זאך דאס הארץ זיך ניט אבגעגעסען און אויף איהרע טענות האט ער נאר א ציה געטהאן מיט די אקסלען און געענטפערט:

— איך ווייס ניט, וואס דו דאגה'סט אזוי. עס איז נאך פיוו ראקו דא ראקו און דו האסט שוין קיין צייט ניט.

און ער האט מיט דער לינקער האנט עטוואס אויפגעהויבען זיין שווערע היטעל און מיט דער רעכטער א קראץ געטהאן זיך אין מיטען קאפ.

נאר פונדעסטוועגען האבען די ווייבס רייד איהם אין גאנצען רוהיג ניט געלאזט און דער געדאנק וועגען פסח האט איהם גע־דופעט.

פלטיאל איז געווען א בעל העגלה און איז יעדע וואך געפאהרען פון ראפשאנסק קיין ווילנא און צוריק. ער פלעגט געוואוינליך ארויספאהרען זונטאג אין דער פריה און צוריקקעהרען זיך דא־נערשטאג. נאר אויב דער וועג איז געווען א שלעכטער האט ער קוים

פּאַספּייעט אַנצוקומען אהיים צו לכה דודי. ער האָט ליעב געהאַט אין די טעג וואָס ער איז אין דערהיים געווען, אז אין שטוב זאָל זיין ווי אין א בעדיל. ער האָט זיך ערשט היימיש דערפיהלט, ווען ער האָט געקענט אַרונטערוואַרפען פון זיך די קאַפּאָטע און עסק׳ענען זיך אַרום שטוב אין זיין רויטליכען קאַפּטעל. אָבער אז האַלץ איז אַזוי חריף און מען דאַרף האָבען אין זינען פסח, האָט ער זיך ניט געקלאָגט, וואָס מען קען אַרומטרייבען וועלף איבער׳ן שטוב, און האָט זיך פערקליבען מיט די קינדער אויפ׳ן אייוווען און דאָרטען געשפּיעלט מיט זיי אין דוראַקעס, בשעת סאָסיע איז געזעסען איי־בער א פּייער טאָפּ פאַר׳ן טיש און האָט געפּליקט פּערדערען.

סאָסיע האָט זיך ניט בענוגענט מיט׳ן דאַגה׳ן אַליין. אַזוי גיך ווי דער ווינטער איז אַנגעקומען, האָט זי אָנגהויבען צו האַנדלען מיט גענז און אויב זי האָט דערפון קיין גליקען ניט געמאַכט, האָט זי לכל הפּחות געהאַט גריבענעס אויף עטליכע מיטאָגס פאַר די קינדער צו ברויט און ביסלעכווייז אַנגעקליבען שמאַלץ אויף פּסח.

פלטיאל האָט קיין איבריגע רווחים ניט געקענט מאַכען. נאָר וויפיעל ער האָט געקענט האָט ער זיך געסטאַרעט, אז אין שטוב זאָל אַריינפאַלען מיט עטליכע גראָשען מעהר א וואָך. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעזאָגט צו נעהמען אן איבריגען פּאַסאַזשיר אָדער אן איבעריגען פּעקיל, ווען אפילו איהם איז אויסגעקומען אָבצוטרעטען זיין פּלאַץ, און ניט זעלטען איז ער דעם גאַנצען וועג פון ראַפּשאַנסק קיין ווילנא און צוריק געגאַנגען צו־פוס פּאַזע וואַגען און ווען דער וועג איז געווען א שלעכטער האָט ער זיין אַקסעל צו־געשפּאַרט צום וואַגען און אַרויסגעהאָלפען דעם פּערד, נאָר דער־פאַר האָט ער געקריגען א רגילות צו הויבען אַלע ווייל דעם רעכ־טען אַקסעל.

פון איבריגע פּאַסאַזשירען אָדער איבריגע משאות האָט דאַרוי־בער קיין רייד ניט געקענט זיין, נאָר איצט האָט ער זיך דערמאָנט, ווֹעמעס א זוהן לערענט אין א ישיבה אין ווילנא אָדער וועמענס א טאָכטער האָט חתונה געהאַט אין ווילנא און ער האָט אָבגעזוכט די עלטערן און גענומען קליינע פּעקלאַך, וואָס זיינען בעשטאַנען פון א לעבעל ראַזעווען ברויט אָדער א קריגעלע פּוטער אָדער א

האַרטען קען אַדער גריבענעס — אַזעלכע מאכלים וואָס מען קען אַזוי גרינג ניט קריגען אין דער גרויסער שטאָדט און ער האָט דער־פאַר געכאַפּט עטליכע גראַשען. געוועהנליך, האָט ער זיך נאָך אַזעל־כע פערדיענסטען ניט געאַיִנט און אין ראַפּשאַנסק האָט מען זיך ביי איהם קוים איינגעבעטען ער זאָל אַזעלכע פּעקעלאַך מיטנעהמען. נאָר אַז מען ערוואַרט אַזאַ גאַסט איז קיין ברירה ניטאַ.

אָבער ווי סאַסיע האָט ניט געקאַרגט און געשפּאָרט איז פון די דאָזיגע אַלע פערדיענסטען גאָר ניט געבליבען. דורך די לאַנגע ווינטער חדשים איז אַ קינד קראַנק געוואָרען און מען האָט געמוזט אַריינרופען דעם פעלשער, וועלכער נעהמט ניט ווענינער ווי צעהן גראַשען יעדעס מאָל וואָס ער קומט, און אין אַפּטייק רייסט מען ממש די הויט, און אַרום פּורים צייט האָט סאַסיע ערקלערט מיט אַ פערצווייפעלטען קול, אַז סיידען דורך אַ נס וועלען זיי קענען אַריינ־ברענגען דעם פּסח.

פּלטיאל האָט איצט גאָר ניט געהאַט צו ענטפערן אויף דעם. ער האָט אַ שטאַרקערן ציה געטהאָן פון דער ליולקע, וואָס ער האָט גערויכערט און אַרויסגעלאָזט אַ געדיכטערן רויך פון דער ביטערער מאַכאָרקע. סאַסיע האָט זיך פערהוסט.

— און וואָס איז מכח דעם פּאַדראַט? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב שוין אָבגערעדט מיט אפרים'ען: איך וועל זיין אַ וועלגערקע, וואַווקע אַ וואַסער גיסער און מירקע אַ מעהל שיטערקע.

— פּ־ף־ף־ף־ף! האָט ער אַרויסגעלאָזט דעם רויך פון מויל, אַפּקעהרענדיג בשעת מעשה דעם קאָפּ אַזוי, אַז דער רויך זאָל ניט געהן סאַסיען אין פּנים. — שוטה, אויב אַזוי, טאַ וואָס דאגה'סטו?

— יאָ, אָבער אויף די קינדערשע פערדיענסטען קען מען ניט בויען. אַ חוץ דעם, דאַרף וואַווקע אַ נייע פּאָר שטיוועלאַך, און מירעל אַ נייע קליידעל. זיי זיינען ניט מעהר ווי קינדער און מען קען ניט פערשטערען זייער יום טוב.

— דאגה ניט, מיר וועלען מיט גאָטס הילף האָבען אַ פּסח ניט ערגער ווי ביי אַלע אידען. שמאַלץ האָסטו, פאַר'ן באַקען מצה וועסטו ניט דאַרפען צאָהלען. דו וועסט זעהן, סאַסיע, מיר וועלען האָבען אַזעלכע קניידלאַך, אַז —

ער האט האסטיג אריינגערוקט דעם ציבעק אין מויל ביים לעצ־טען ווארט, און ניט דערזאגט, וואס פאר א קניידלאך זיי וועלען האבען.

יענע נאכט האט סאסיע לאנג ניט געקענט איינשלאפען. פלטיאל האט אנהויב אבענד געמאכט א חשבון, פיעל זיי וועלען פערדיענען אין פאדראד און זי האט זיך ניט געקענט אב'חדוש'ען. ווי קלוג דער אויבערסטער האט די וועלט איינגעארדענט. האט ער געגעבען די אידען א פסח, האט ער אויך געגעבען פאדראטען, אז ארימע לייט זאלען קענען פערדיענען עטליכע זייטיגע רובעל, אז זיי זאלען האבען א יום טוב ווי ביי אלע אידען. אמת, די ארבייט איז א שווערע, מען דארף שטעהן פיערצעהן שעה אין מעת לעת אויף די פיס און וועלגערען און וועלגערען ביז די הענט ווערען געשוואָ־לען און אלע גליעדער ברעכען. אבער מצה וועט שוין א דאנק דעם הענט ניט געוואשענעם ניט פעהלען, און קניידלאך וועלען אויך זיין, און זי איז שפעט איינגעשלאפען מיט דעם רוהיגען געדאנק, אז דער וואס זיצט אויבען וואכט איבער אלעמען.

## א י ן פ א ד ר א ט.

### 2.

זיי שטעהען אלע ארום א לאנגען טיש און שאקלען זיך, ווי די שאטענס, די פיס זיינען ווי קלעצער, די הענט ווי בערג, די דא־לאניעס ווי קישעלאך, די גליעדער צובראכען, דער קאפ ווי מיט בליי אנגעגאסען, דאס פנים פערשלאפען, צוקראכען, בלאס, פויל.

ס'איז שטיל. קיינער חכמה'ט זיך, קיינער וויצעלט זיך: ס'הערט זיך נאר א שטילער רוישען פון די וואלגער־העלצלאך און רעדלעך איבער די בלעך פון די טישען און אפט א קרעכץ, א געניץ — א לאנגער געניץ.

ס'איז שרעקליך הייס, אלע פנים'ער פערשוויצט, נאר קיינער פאכט זיך, ס'איז שווער אויפהויבען די האנט אבצואווישען דעם שוויים.

מען ענדיגט די לעצטע מיירע פון לעצטען בעל הבית'שען פעקיל, די קנעטערקע איז קוים געפאלען זיצען אויפ'ן ביינקעל, די וועלגערקעס־מיידלאך האבען שוין זייער לעצטע טייגעל גע'פטר'ט. איין סאסיע האלט זיך נאר מיט איהר טייגעל און איהר דוכט, אז דאס איז ניט טייג, נאר אייזען...

די וועלגערקעס זעצען זיך איינע נאך דער אנדערע אנידער. אויף זייער טיש האקט זיך אב די ארבייט: דער רעדלער פיהרט זיך נאך ארום מיט די לעצטע פאר מצות, נאר אט ווארפט ער אויף אוועק דאס רעדעל, גיט פרעהלעך א פויק מיט'ן וועלגער־העלציל איבער'ן בלעך און ציהט זיך אוים אויף זיין באנק. דער איין זעצער בלייבט נאך שטעהן אויף א ווילע ביים אייוועז.

מען נעהמט ארוים די לעצטע פאר מצות פון אייוועז. דער „מענש" קלייבט אוים די מצות פון'ם שלאף־באנק, דער זעצער שפארט זיך איין מיט די הענט אין די „באקעס", גיט זיך א לאנגען „פאטשאי". און זינגט אוים א „אוי", אנגעהויבען פון דער העכס־טער אקטאווע און געענדיגט מיט דער נידריגסטער.

מען „ווארפט איבער" דעם אייוועז. דער זעצער זעצט זיך אויפ'ן ראנג שלאף־באנק, פערלעגט א האנט אויף א האנט, פיפקעט די ליולקע און קוקט פערטראכט אויפ'ן פייעריל.

וואווקע דער וואסער גיסער קריכט אונטער דעם רעדלערס טיש און דרעמעלט דארט איין אויף דער סטאלקע.

חיענקע די מעל־שיטערקע ליגט אנגעשפארט מיט'ן קעפיל אויף א פעקעל און שלאפט הארט.

א שעה איז שטיל. עס ווערט פינסטערלאך. דער בעל הבית פון פאדראט צינדט אן די לאמפען.

די קנעטערקע, וואווקע און חיענקע שטעהען שוין ביי דער מיירע, די וועלגערקעס כאפען זיך אויף, הויבען אן צו מורמלען. ווער ס'האט מעהר כח שרייט העכער.

— דאס איז דאך אן אקציע אין דער וועלט — שרייט איינע: צו בדיקת חמץ זאל מען דארפען שטעהן אין פאדראט!

— אין דער וועלט פערלויפט ניט אזא עולה, צו בדיקת חמץ זאל מען מענשען מוטשען א גאנצע נאכט, — שרייט א צווייטע.

— נו, נו, צו בדיקת חמץ זאָל מען שטעהן א גאנצע נאכט, — שרייען און מורמלען אלע.

דערווייל הויבט זיך אָן די ארבייט, מען באַקט איצט „חיובים“, די ארבייט געהט לעבעדיגער, דער רעדלער זינגט א וואולגארע ליעדעל, מיידלאך־וועלגערקעס לאַכען, יונגע ווייבלאַך שמייכלען, עלטערע בטל'ען אוים אלע בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ:

— פארהאַלושעט זאָל ער ווערען! ס'זינגט זיך איהם — זינגען זאָל גר א לעצטען מאָל!

—חא, חא, חא! — לאַכען נאָך העכער די מיידלאַך.

פאר טאָג איז געוואָרען נאָך פרעהליכער, דער רעדלער האָט געזונגען און געשיט המצאות, די וועלגער־העלצלאך האָבען פרעהליך געקלאַפּט איבער'ן טיש, דאָס רעדעל האָט געקוויטשערט, ס'איז בשום אופן געווען צו דערקענען אז אויף דער שמחה טאַנצען לעבעדיג־טויטע ברואים.

סאָסיע מיט איהרע צוויי קינדערלאַך, וואָוקע און חיענקע, ווי אויך אלע איבעריגע, האָבען בעקומען זייערע שכירות גלייך, ווי די ארבייט האָט זיך געענדיגט און זיינען העגדום־פּענדום געלאָפען אהיים אריינברענגען דעם פסח אין שטוב.

## ע ר ב  פ ס ח.

### 3.

סאָסיע האָט ניט געוואוסט צו וואָס זיך צו כאַפּען פריהער, א שפּאַס פסח! ארבייט איבער'ן האַלז, ווען וועט זי אוספּייען מאכען אלץ כשר? לייט האָרעווען וואכען־לאַנג איידער מען מאַכט כשר די שטוב. עס לויפט איהר טאַקע ממש די שוים פון מויל. זי פערגעסט אין גאנצען, אז זי איז אזוי צובראָכען, אז קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פיס; א נס וואָס שבת צו נאַכט האָט זי פּסח'דיג געמאַכט דאָס בעט, דעם טיש, די פּאָדלאָגע, אז ניט — איין גאָט ווייסט, וואָס ס'וואָלט געווען. חיענקע מיט וואָוקען לויפען ארום ווי פער'סם'טע, סאָסיע טרייבט ארום און לאָזט ניט

א מינוט רוהען: לויף, לייה א סטופע, לייה א זיפעלע, לייה דאס, לייה יענעס, זיי האבען אפילו קיין צייט אראבצוכאפען זיך צו די בעל מלאכה׳ס, וואווקע חלש׳ט צו זעהן די שטיוועלאך; וואס בערקע דער שוסטער נעהט פאר איהם, פאר וועלכע ער וועט בעצאהלען מיט זיין אייגען געלט, וואס ער האט פערדיענט פון וואסער־גיסע־ריי, און חיענקע — דעם קארטונענעם יאקעל וואס ביילע די נייטערקע נעהט פאר איהר.

מען דארף העלפען דער מאמען.

און סאסיע ארבייט פאר צעהן מענשען. ביז צוויי אזייגער איז שוין געווען דער חמץ ארויסגע׳פטר׳ט פון שטוב, דער זאמד אראבגעקעהרט פון דער ריינער פאדלאגע און פערבעט מיט א ראגאזשקע, די צושייערטע כלים צושטעלט אויף אן ארט, דער שפייז אלמער אויסגעבעטט, פון די בוריקלאך אראבגענומען די שיווע פלעווע, דער אייוועז גע׳כשר׳ט, דאס פלייש, פיש גרייט צום קאכען דאך איז איהר דאס הארץ ניט רוהיג, זי רייסט זיך אפט אב פון איהר ארבייט, לויפט צו צום פענסטער און קוקט אין דרויסען...

אויף דרויסען הערט זיך א גערויש פון רעדער, חיענקע און וואווקע האבען זיך פלינק אווארף געטהאן צום פענסטער און איידער סאסיע האט אוספייעט אבקעהרען דעם קאפ פון אייוועז — האבען זיי שוין אויסגעשריען פרעהליך:

— דער טאטע, דער טאטע איז געקומען!

סאסיען האט זיך דאס פנים אנגעצונדען פון פרייד, זי איז צוגעלאפען צום פענסטער, דערווייל איז וואווקע געלאפען אין סטאדאלע און טוז נאך איהם חיענקע און האבען פערנאנדער געעפענט דעם טהויער.

פלטיאל האט אבגעווישט דאס נאסע פערדיל און אריינגעפיהרט אין סטאדאלע.

— וואס מאכט איהר? אה! אזוי פערשפעטיגט היינט, אזוי פערשפעטיגט! זיינע געווען פלטיאל׳ס ערשטע ווערטער, ווען ער איז אריין אין שטוב.

דאס פנים, די הענט, די סערמינקע, וואס איז אין העלפט געווען פערגארטעלט מיט א רימען, די שטיוועל זיינע געווען גראב

בערעקט מיט בלאַטע, ס׳וואָלט געווען אַ גרויסער יושר זיך אָבצו־וואַשען, נאָר ווער האָט צייט?

ער האָט נאָך גערארפט פערנאַנדער טראַגען אַביסעל סחורה צווישען די קרעמער און בעקומען געלט.

דערווייל האָט זיך פערדרעהט אַ שטאַרקע שעה און דער זייגער האָט געשלאָגען דריי.

איידער ער האָט זיך איספראַוועט מיט דער שטוביגער אַר־בייט, אַנגרייטען היי פאַר׳ן פערד, אָנשפּאַלטען האָלץ אויף יו״ט, אַראָבנעהמען די פּסח׳דיגע געפעס פון בוידעם, צוקויפען אַ פּאָר כוסות, אָבסקראָבען און אויסשמירען די שטיוועל מיט דזעגאַכץ, האָט דערווייל אַריינגעטריבען אין פאַרנאַכט.

— כאַפּ אַ בולבע — בעט זיך ביי איהם סאָסיע וואָס האָט דערוויזען אָפּצוקאָכען קאַרטאָפּעל אויף „ביי טאָג“: — כאַפּ אַ בולבע! ס׳האַרץ מוז דיר חלש׳ען.

ער טהוט איהר צוליעב, כאַפּט אַ בולבע און בריהט זיך עסענ־דיג.

— נו, וואַווקע, נעהם די בוטלעס און קום נאָך וויין.

וואַווקע נעהמט פרעהליך די גרינע בוטלעס, איינע אויף מעד, די צווייטע אויף וויין: ער ווייסט אַז דער שיינקער וועט איהם געבען פערזוכען אַ גאַנצע גלעזעל וויין. פּלטיאל נעהמט אין קע־שענע אַ קליין פלעשעלע אויף פּסח׳דיגען בראַנפען: זאָל יו״ט זיין, ווי ביי לייטען!

און פּלטיאל מיט וואַווקען לויפען געשווינד: מען דאַרף נאָך אַראָבלויפען אין מרחץ.

פון מרחץ זיינען זיי געקומען רויט ווי צונטער, פּלטיאל האָט זיך אויפ׳ן פּאָל גוט אויסגעשמיסען, ס׳איז שוין געווען גוט פינס־טער, אַ נס וואָס פּלטיאל און וואַווקע האָבען פריהער מנחה געדאַ־ווענט, אַז ניט — וואָלט מען שוין ניט געטאָרט דאַווענען.

— לויפט, איהר וועט נאָך אפשר כאַפּען אַ ברכו, — טרייבט סאָסיע די מאַנסבילען פון שטוב: — חרוסת ניט פערגעסט צו נעהמען ביים רב.

פלטיאל האט אנגעטאן זיין געלע לאסטענע קאפאטע, וואווקע די נייע שטיוועלאך און זיינע אוועקגעלאפען אין קלויז.

און אז זיי זיינען געקומען פון קלויז איז שוין דער טיש גע־ווען געדעקט מיט א ווייסען סערוועט איבער א ראגאשוע, צוויי מה־נשתנה ליכטעלאך האבען געברענט העל, די מצות זיינען גע־לעגען גרייט, אין א טעלער זיינען געלעגען אבגעקאכטע אייער, די זרוע; די כוסות מיט די פולע בוטליעס זיינען געשטאנען, אלץ איז שוין געווען פארטיג, אויסער חריין האט מען נאך געדארפט אנרייבען.

פלטיאל האט אין קוימען אנגעריבען א ביסעל חריין, אנגע־טהאן דעם ווייסען קיטעל און זיך געזעצט אנגעלענט אויף צוויי קישענס צום טיש.

חיענקע האט דערווייל אנגעטהאן דעם נייעם יאקעל, סאסיע— אן אויסגעוואשענע ספארניצע.

## דער סדר.

— ע״ע, דו שלאפסט שוין — האט סאסיע געזאגט, צוגעהענדיג צום טיש.

— ווער, איך? ניין. — האט פלטיאל געענטפערט אויפ־כאפענדיג זיך פון דרעמעל.

ער האט אנגעגאסען די כוסות פאר זיך, סאסיען און אליהו הנביא׳ן מט וויין, וואווקע און חיענקען מיט מעד און גענומען פראווען דעם סדר.

— וואווקע! דו דרעמעלסט שוין?

— ניין, ניין.

— קדש, אז מען קומט פון שוהל מאכט מען קדוש.

פלטיאל האט אויפגעעפענט א פערשטויבטע הגדה, וואווקע א קליין סדור׳ל, סאסיע דעם קרבן מנחה און חיענקע איז אזוי גע־זעסען אנגעשפארט ביי דער מאמען אויפ׳ן שוים.

— איך געפין ניט די הגדה, — האט סאסיע געזאגט.

פלטיאל האט גענומען בלעטערן איהר קרבן מנחה. דערווייל האט סאסיע איינגעדרעמעלט.

— דו דרעמעלסט, הא? — האט פלטיאל געפרעגט, ווען ער האט שוין געהאט געפונען די הגדה.

— ס׳קלעפען זיך מיר די אויגען.

— קינדערלאך, שלאפט ניט, — האט פלטיאל געזאגט און גענומען מאכען קדוש.

ער האט אבגעזופט א רוב כוס.

— מצ... מצ... געשמאקער וויין!

וואווקע, סאסיע און חיענקע האבען זיך אויף בעשמאקעוועט פון מתיקות. דערנאך, אז מען האט גע׳פטר׳ט „ורחץ“, „כרפס“, „יחץ“, האט פלטיאל א קאמאנדעווע געטהאן „מגיד“ און מען האט גענומען זאגען די הגדה.

זיי האבען אבגעזאגט „הא לחמא“, וואווקע האט געפרעגט די פיער קשיות מיט א פערשלאפען קול און פלטיאל האט איהם גע־ענטפערט מיט א האלבען מויל: עבדים היינו.

— עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה׳ אלהינו משם ביד ח־ז־ק־ה... חררא!

— פלטיאל! דו שלאפסט שוין? — וועקט איהם סאסיע מיט א פערשלאפען קול.

— הא? עבדים היינו לפרעה — לפרעה ב־מ־צ־ר־י־ם...

— פלטיאל! וואווקע! איהר שלאפט?

— עבדים היינו ל־פ־ר־ע־ה...

א ווײלע איז שטיל.

— איהר ש־ל־א־א־פ־ט? ה־א־א־א?

חררא!

חררראא!

# דער חלום.

5.

ס׳האט אנגעהויבען צו טאגען. דאס פערד אין שטאל האט זיך פערנאנדער געהירזשעט.

פלטיאל איז געשלאָפען האַרט און איהם האָט זיך געדוכט, אז ער איז אין וועג. דער וועג האָט געלאָזט, אומעדום שטעהען ברייטע טיעפע לוזשעס; ביי די זייטען וועג ליגט דער שניי האַרט, ווי אייז און צוגעדעקט מיט א שוואַרצע פלעווע: די בלאַסע, וואַרעמע שטראַהלען פון דער זון פאַלען אויף איהם און טרייבען פון זיינע זייטען א מוטנע וואַסער.

ער געהט פאַזע וואָגען, דאָס בידנע פערד שליאָפּעט אין בלאָ־טע און שליאָפּעט, עס געהט שווער, אויפ׳ן וואָגען איז זעהר פיעל משא: ס׳ווילט זיך האָבען א יו״ט ווי ביי לייטען, נאָר ער האָט איצט שטאַרק חרטה, ער האָט מורא דאָס ער זאָל חס ושלום ניט פער־שפּעטיגען מיט׳ן קומען אהיים. שוין צוויי מעת לעת, ווי ער האָט מיט אן אויג ניט צוגעמאַכט. דאָס האַרץ רייסט איהם פאַר׳ן פער־דעל: ער קאָן איהם ניט לאָזען פאַשען.

ס׳זעהט זיך א ווערסט.

— נאָך דריי מייל ביז דערהיים.

דריי מייל ביי אזא וועג מיט אזוי פיעל משא קען אמאָל דויערן... אל תפתח פה לשטן. איבערהויפּט אז דאָס פערדעל האָט זיך לאַנג ניט געפאַשעט.

דער געדאַנק, אז ער קען חס ושלום בלייבען אויף יו״ט אין וועג, רופט ביי איהם אַרויס אלע זיינע כחות און מיט דער אויס־געמאַגערטער ברייטביינינגער פלייצע העלפט ער שטופען דעם וואָ־גען.

דאָס פערדעל געהט טאַקע ניכער, דער וואָגען ריהרט זיך גע־שווינדער, ער ווערט לעבעדיגער: דאָס בידנע פערד וועט זיך ניט אַרויסשלאָגען אזוי פון די כחות.

ס׳זעהט זיך פון ווייטען נאָך א ווערסט: דער ווערסט איז גוט געגאַנגען, נאָר פלוצים, סטאַי! דער וואָגען האָט זיך אריינגעזעצט אין א גרוב, דאָס פערדעל מאַכט מיט די זייטען, וואַרפט זיך אהין און אהער און שטעהט פאַרט אויף איין אָרט.

— נאָ, נאָ! — שרייט ער מיט א הייזעריג קול, ער בויגט זיך איין אין דרייען, רוקט אונטער דעם אַקסעל אונטער׳ן דרענגעל פון

וואַגען און גיט איהם מיט די לעצטע כחות א הויב איז דער לופט...

— טרררראַך!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פלטיאל, סאַסיע, וואוקע און חיענקע האָבען זיך א כאַפּ געטהאָן ניט טויט, ניט לעבעדיג:

דער טיש איז געווען אומגעקעהרט, די בוטלעס, די כוסות, די טעלער צובראָכען, דער וויין אויסגעגאָסען, איין איי האָט זיך פערקייקעלט אזש צום שוועל.

# מצה דעם פריץ.

דער אמת איז, אז אין מיין ארים שטעדטעל איז מען געווען זעהר הינטערשטעליג אין הלכת אכילה. ניט נאר האט מען וועניג געגעסען, ווייל מען האט פשוט ניט געהאט קיין איבריגע געלט צו קיכלען זיך, נאר ווען אפילו די שפע וואלט געווען איבער די פאַ־דושקעס, וואלט מען אויך ניט געוואוסט ווי צו קיכלען זיך. קיין זאך האט אזוי פעראכטליך ניט געקלונגען אין דעם מויל פון אונ־זערען א תושב, ווי ווען ער האט געזאגט „אנשטאפּען דעם מאגען", „אבגעבען זיך מיט דער אכילה". און ווען מען האט אויף איינעם געזאגט זולל וסובא איז דאס טאקע געווען פשוט געזידעלט. אזא איינער איז געשטאנען אויף איין מדרגה מיט א פערד גנב און א מסור. עס האט גאר ערגער ניט געקענט זיין ווי א טרפה'נע האלז.

ווי געזאגט, האט מען ביי אונז נאר געגעסען צו דערהאלטען די נשמה און פון קיין פאטראוועס האט מען ביי אונז ניט גע־וואוסט. דאס בעקאנטע ליעדעל „זונטאג בולבעס, מאנטאג בול־בעס, דינסטאג בולבעס, מיטוואך בולבעס, דאנערשטאג און פרייטאג בולבעס, שבת א רויטינקער קוגעלע און זונטאג ווייטער בול־בעס" איז ווי צוגעפאסט צו מיין שטעדטעל, ווייל בולבע איז טאקע געווען אפשר דער איינציגער מאכל פון וועלכען מיר האבען זיך געקליגט צו מאכען פערשיעדענע פאטראוועס. אזוי א שטייגער האט מען געבאקט בולבעס אין פעלצלאך און דאס איז געווען א פאטראווע פון וועלכע ארים בחורים האבען געלעקט די פינגער. ווייטער זיינען געווען גאנצע געקאכטע בולבעס, געוועהנליך איז דאס געווען א פאטראווע אין מיטען זומער און דאס איז געווען א לאבונג פאר'ן גאנצען שטעדטעל, סיי ארים און סיי רייך, מעהר ניט, די ארימע אידען האבען די דאזיגע בולבעס געגעסען מיט ראסעל

פון אונגערקעס און די רייכע האבען זיך פערגונען צו טונקען זיי אין פוטער. און װיעדער האט מען פון בולבעס געמאכט קאשע, געװעהנליך פאר א מוזיניקעל אדער מוזינקע אדער בן יחיד אדער בת יחידה. עלטערע מענשען האבען זיך שוין אזא זולל וסובא׳ריי ניט ערלויבט. און די בולבענע קאשע האט מען אין ארימען אופן פון אויבען בעשמירט מיט טוקעװע שמאלץ און אין רייכערען מיט היהנערשע אדער גענזענע. און װיעדער איז געװען א פאטראװע װאס האט געהייסען פיש בולבע. דער דאזיגער נאמען קען אריינ־פיהרען אין טעות און קען מאכען דעם איינדרוק, אז מען האט דא צו טהאן מיט טרפה׳נע העלזער. דער גאנצער קונץ פון פיש בול־בעס איז, װאס די בולבעס זיינען אפילו קיין מאל ניט געלעגען לע־בען פיש.

דאס זיינען אלץ פאטראװעס פון בולבעס אליין, אהן א שום צומישונג פון אנדערע שפייזען, און פון יענע קען מען װיעדער מאכען נאר א בעזונדער צעטעל.

די גאנצע רייכקייט אין פאטראװעס איז אװעק אויף די בול־בעס און װייטער האט מען ביי אונז נאר א קליינע ידיעה געהאט װעגען מאכלים. א פארשטעלונג האט מען ביי אונז געהאט, אז אין דער גרויסער װעלט זיינען פאראן זעהר רייכע מענשען און זיי קענען זיך פערגינען צו עסען אפילו מארצעפאנעס. װאס דאס איז אזוינס, האט קיינער ניט געװאוסט, דאס איז געװען עפעס פאנ־טאסטישעס, עפעס מעהר פון װאס טריפה׳נע העלזער און זולל וסובא׳ס קענען זיך פערגינען און דאס איז געװען כמעט אויף דער זעלביגער מדרגה װי היהנדעלאך מיט פוטער.

הייסט עס, אז אין הלכות אכילה איז מען ביי אונז געװען זעהר הינטערשטעליג. דאס איז געװען ביי אונז, אז עמיצער האט גע־קויפט בויגעל, האט מען געפרעגט, װער איז ביי איהם קראנק? דאס האט מען ביי אונז געשטעלט איינגעמאכטץ, אז מען זאל עס ניט דארפען. נאר פון דעסטװעגען זיינען מיר ניט נאר ניט גע־װען געפאלען ביי זיך, נאר מיר האבען באמונה שלמה געגלויבט, אז צו אונזער טיש איז קיין גלייכען ניטא. דאס הייסט ניט חס ושלום אז מיר שטאפען אונזער קישקע אדער גיבען נאך אונזער

האלז, דאס האט נאר געהייסען, אז ווען מיר דארפען, קענען מיר מאכען אזעלכע פאטראוועס, אנטקעגען וועלכע אלע מעדני מלך דארפען זיך שעהמען.

וואס דארף מען האבען א גרעסערען זולל וסובא ווי דער פריץ ספאטשינסקי! ער אליין, זאגט מען, הולטעוועט אין פאריז און קיין זאך איז ניט טהייער פאר זיין טריפה'נע האלז. ביי איהם זיינען שוין אפילו מארצעפאנעס א וואכעדיגע אכילה. נאר ווען ער קומט א פאר מאל אין יאהר אין אונזער געגענד אויף זיין גוט, וואס איז ארויסגעלאזט אין ארענדע צו לייבע דעם גאוויער. איז די ערשטע זאך וואס ער זאגט איהם אן, אז זיין ווייב זאל פאר איהם צוגרייטען געפילטע העלזעל. און ער וואס הולטעוועט אין פאריז און דערווייזט די טהייערסטע מאכלים אין די טהייערס־טע פאריזער רעסטאראנען קומט בכבודו ובעצמו צו לייבען אין שטוב, זעצט זיך ביי זיין טיש און לעקט ממש די פינגער פון די געפילטע העלזלאך. מען קען גרינג זעהן, אז דער דאזיגער פריץ האט נאך קיין מאל קיין אמת'ע גוטע פאטראוועס ניט פערזוכט, און ער שעהמט זיך ניט און זאגט, אז אזא גוטע זאך האט ער נאך קיין מאל ניט געגעסען.

איך דערמאן ניט קיין געפילטע פיש, ניט מחמת מיר האבען זיך דערמיט ניט איבערגענומען, אדער ניט געוואוסט ווי ווייט די גוים ווערען א כפרה דערפאר, נאר ווייל דאס איז שוין א דבר ידוע.

ווען עס איז געקומען פסח האט יעדער איד וואס האט א נאהענטע פערבינדונג מיט א פריץ צורעכט געמאכט פאר איהם א מתנה, און וואס פאר א מתנה קען אן ארימער איד מאכען א רייכען פריץ? עס פערשטעהט זיך, אז נאר עפעס אזוינס. וואס האט צו טהאן מיט אכילה.

און הגם ביים סדר האט יעדער איד געזאגט „הא לחמא עניא“. ווייזענדיג אויף די מצות, איז ער דאך געוועזן איבערציינגט, אז דאס וואס איז לחמא עניא פאר אונז, דארף זיין די גרעסטע נאשערייי פאר דעם פריץ. און דעם צווייטען טאג פסח נאכ'ן מאהלצייט. האט מען ביי אונז אין שטוב אויסגעקליעבען די שעהנסטע פינף

מצות, ארויפגעלייגט זיי אויף א שעהנעם טעלער, איבערגעדעקט מיט א שעהנע סערוועטקעלע, אנגעגאסען פון דער גרויסער גרינער בוטלע א קאראפינקע יין צמוקים און געטראגען עס צום פריץ.

דער פריץ האט געוואהנט עק שטאדט, וואו עס זיינען געוועזן נאך עטליכע פריצישע הייזער. די דאזיגע הייזער האבען זיך אויס־געצייכענט ניט נאר מיט זייער גרויסקייט, נאר אויך מיט זייער פערשטעלטקייט. דער אריינגאנג אין אזא הויז איז געוועזן דורך א הויף, וואס איז געוועזן ארומגעצאמט מיט א הויכען פארקאן. אזוי ווי די פריצים וואלטען מורא געהאט מען זאל זיי קיין עין הרע ניט געבען. בשעת אלע אידישע הייזער אין גאנצען שטעדטעל האבען די טהירען געהאט גלייך אין גאס אריין.

עס פערשטעהט זיך, אז אין הויף איז געלעגען א הונד. דאס איז געוועזן א גרויסער געלער הונד מיט ווייסע פלעקען אויף די לאפקעס. ער איז געלעגען פויל, אנגעשפארט מיט׳ן קאפ אויף א פאדערשטער לאפקע, געווארעמט זיך אנטקעגען דער זון און געדרע־מעלט. ווען דער טהויער האט זיך געעפענט, האט ער פויל עטוואס אויפגעהויבען דעם קאפ און האט אפילו בדעה ניט געהאט ארויס־צולאזען א בול. נאר ליתר בטחון האט דער פאטער צו איהם א זאג געטהאן „סוואי, סוואי" און ער האט צוריק אנגענומען זיין פריהערדיגע פאזע. נאר איין אויג האט ער געהאלטען אביסעל אפען. עפעס זיינען איהם געוועזן קשה די רויטע משקה אין קאראפין, אויף וועלכען עס האבען איצט געשפיעלט די שטראהלען פון דער זון און די איבערגעדעקטע טעלער. זיין הינטישער קאפ האט ניט געקענט געדענקען אן ערשיינונג, וואס ווייזט זיך נאר איין מאל אין א יאהר. דער קאראפין און די איבערגעדעקטע טעלער האבען איהם אביסעל אונרוהיג געמאכט, און אפשר איז איז דעם געווען שולדיג איך אליין, וואס האב דעם ווין און די מצה געטראגען. איך האב געהאט אן איינגעווארצעלטע מורא פאר הינט און ער האט בעמערקט מיין מורא און ער האט זיך טאקע גלייך א הויב געטהאן און זיין גאנצע פוילקייט איז מיט אמאל פער־שוואונדען געווארען. נאר אין דער מינוט האט זיך דערהערט א קול מיט א בייזער: „פרעזיידענט!" און ער האט אנגעהויבען

צו דרעהען מיט'ן עק און בעגלייט אונז צו דער טהיר. ווי פערענט־פערענדיג זיך פאר וואס איהם האט דער חוש געפעהלט צו אונטער־שיידען פון „סוואי" ביז א פרעמדען.

די טהיר האט פאר אונז געעפענט די דיענסט און אריינגעפיהרט אונז אין קיך, אן אונגעהויער גרויסע, געראמע און זויבערע קיך. זי האט צום טאטען געשמייכעלט מיט אזא דאנקבארקייט, אזוי ווי די מתנה וואלט געווען געמיינט ניט פאר'ן פרייז, נאר פאר איהר. זי איז באלד ארויסגעלאפען און אריינגערופען דעם פרייז. ער איז געווען א שווערער, סאלידער מענש מיט א רויטען פנים און א דאַ־פעלטע מארדע וואס האט זיך אנגעהויבען גלייך נאך די אויערען און איז ווי א שווערער פאלד געלעגען פון ביידע זייטען באקען. אויך איז אזא שווערער פאלד געלעגען אויפ'ן נאקען, און זיין איינ־געטיעטער בויך האט געוויעזען, אז ער איז געווען א בקי אין הלכות פרעסעריי.

זיינע אויגען האבען אנגענומען א הומאריסטישען אויסדרוק און א צופריעדענקייט האט זיך אויסגעגאסען איבער זיין גאנצען פנים ווען ער האט דערזעהן דעם קאראפין און מען האט געקענט שווערען אז מיט זיין גאנצען בארען זיך אין כל טוב, האט ער דאך ניט געקענט דערווייזען אזא טהייערען ביסען, וואס מיר האבען גע־רופען לחמא עניא. ער האט עפעס שטיל א זאג געטהאן צו דער דיענסט און זי איז אויף א ווייילע פערשוואונדען און באלד ארויסגע־קומען מיט גאנצען פעקעל פאמעראנצען, ניס און נאך אזעלכע גוטע זאכען, דאס איז געווען א בעלוינונג מיר פאר'ן טראגען די מתנה און דעם טאטען האט ער פיין געדאנקט בעזונדער.

און ווען מיר זיינען ארויס פון דארטען מיט'ן לעדיגען קאראַ־פין און לעדיגען טעלער האט דער טאטע געפיהלט, אז ער האט דעם פרייז גענעבען צו פערזוכען עפעס אזוינס, וואס מיט אלע זיינע מאר־צעפאנעס האט ער קיין מאל ניט טועם טעם געווען.

# חול המועד.

די גאס, דער מארק האט אנגענומען א נייען פנים.

געוועהנליך אטהעמט דער מארק מיט א פער'הב'עוועטקייט: סיי עס איז פארהאן א יריד און סיי קיין יריד איז ניטא, איז דער מארק קיין מאל ניט לעדיג. אין דעם טאג פון א יריד קען מען דעם מארק פשוט ניט דורכגעהן און א גערויש פון מענשען־שטימען אויס־געמישט מיט א הירזשען פון פערד הערט זיך איבער דער גאנצער שטאדט. אין די אנדערע טעג פעהלען די מחנות פויערים, עס איז ניטא אזא גערויש, נאר דער מארק איז לעבעדיג. די בעקער מיט זייערע טישלאך און די סעדיכעס מיט זייערע סעמערס פערנעהמען א היבשען פלאץ. דא און דארט שטעהט א פויער מיט א וואגען, און די לופט־שלינגער דרעהען זיך ארום פון וואגען צו וואגען און טאפען ארום אפשר קען מען עפעס איינקויפען און פערדיענען עט־ליכע גראשען און ווען אפילו קיין זאך איז ניטא צו קויפען אדער פערקויפען איז די הב'עניש פארהאן.

חול המועד פסח ווערען די בעקאנטע סצענעס פון דעם מארק פערשוואונדען און ער נעהמט אן א נייען פנים.

דער פלאץ פון די בעקערשע טישלאך איז איצט לעדיג און דער גרעסטער טהייל פון די סעמערס פעהלען. די קראמען זיינען אפען און פון יעדען קוקט ארוים די גרויסע מחיצה, וואס פערשטעלט מעהר ווי א העלפט סחורה. די קרעמערקעס און קרעמער זיצען מעהר פון יוצא וועגען און קוקען אפילו ניט אוים קיין קונים. אלץ וואס מען האט געדארפט אויף דעם גרויסען יום טוב, האט מען זיך איינ־געשאפט פריהער און קיינער האט ניט וואס צו קויפען, סיידען א קווארט מילך פאר א חול המועד'יגער מילכיגער וועטשערע מיט מצה פארפעל. דער גאנגבארסטער ארטיקעל איז איצט די סטופע, וואס

מען שלעפט פון שטוב צו שטוב אנצושטויסען מצה־מעהל און מצה־פארפעל.

דערפאר האבען זיך אויפ'ן מארק איצט געוויזען פנים חדשות. די אייביגע לופט שלינגער וואס בלאנקען ארום מיט א לאנגען שטרוי צווישען די צייהנער זעהען זיך ניט און אנדערע פנים'ער וואס ווייזען זיך נאר פון חול המועד צו חול המועד פערנעהמען זייער פלאץ.

אלע מלמדים פון שטעדטעל זיינען ארויסגעקראכען פון זייערע לעכער און האבען זיך פערזאמעלט אין מארק. חול המועד איז זייער יריד. נאר זיי פיהלען זיך דא ניט היימיש, און זיי קלייבען זיך צוזאמען אין א קליינער גרופע, אזוי ווי צוזאמען וואלטען זיי זיך געפיהלט זיכערער. זיי האבען ווייניג וואס צו רעדען איינער מיט'ן צווייטען. זיי זיינען אהער ניט געקומען דעבאטירען אדער רעדען וועגען פאליטיק. זיי דארפען קוקען שארף צו עס געהט ניט פערביי א בעל הבית, וועלכען זיי ווילען זעהען, אדער אז יענער זאל זיי דערזעהען. די עלטערע קרעכצען פון צייט צו צייט, וואס מלמדות איז אזוי הפקר און יעדער וואס וויל טהוט אז אזא עטרה. מען קרעכצט אויך, וואס מיט יעדען יאהר ווערט דער יקרות גרעסער און דער שכר למוד בלייבט שטענדיג דער זעלביגער און מען איז מכבד איינער דעם צווייטען מיט א שמעק טאבאק און מען שווייגט ווייטער.

דאס איז די פערזארגסטע, אומעדיגסטע גרופע אין גאנצען מארק.

ניט ווייט שטעהט אן אנדער רעדעל. דאס זיינען די שניידער פון שטעדטעל. די גאנצע ארבייט וואס זיי האבען געהאט איז ארויסגע'פטר'ט געווארען ערב פסח און אין שטוב איז אפילו קיין שטאך ניט געבליבען. זיי האבען געהאט א שווערען ערב פסח. פון פורים אן האט מען געארבייט פון א שפראץ אויף טאג ביז שפעט נאך האלבער נאכט און די וואך פאר פסח האט מען זיך גאר ניט אויסגעטהאן צו געהן שלאפען. דאס איז געוועזן זייער יריד און מען האט געדארפט ארייננכאפען פיעל מען האט געקענט. איצט וועט שוין אזוי גיך קיין ארבייט ניט זיין.

אין זייער רעדעל איז איצט לעבעדיג. מען רעדט אויף די

הויכע טענער און איינער שרייט איבער דעם צווייטען. העכער פון אלעמען שרייט אברהם איטשע, וועמען גאט האט געבענשט מיט א שווארצער בארד וואס וואקסט אין דער לענג און אין דער ברייט, אזוי אז ווען מען זעהט זיין פנים דאכט זיך, אז מען זעהט נאר א בארד, פון וואנען עס שטעקט ארויס א נאז און א פאר אויגען. ער איז שטענדיג א פערשמאיעטער און דער ברילעק פון זיין היטעל קומט אויס איבער אן אויער.

אין שניידערשען קלייזעל וועט זיין היינט צו מארגען ביי־נאכט א קלפי און דאס איז ניט קיין קלייניגקייט. וואס די קלפי זאל ניט מיינען, און ווער די בוררים זאלען ניט זיין, האבען שוין עטליכע צדדים בעצייטענס בעשלאסען וועמען אויסצוקלייבען פאר גבאים. און די בעזונדערע צדדים ארבייטען אויף טיש און אויף ביינק פאר זייערע קאנדידאטען. אלע מאכען מיט די הענט און איינער דעם צווייטען כאפט אן פאר דער קליאפע, כדי יענער זאל זיך פון איהם ניט אפקעהרען און אויסהערען. א נס וואס זיי טראגען איצט זייערע שבת'דיגע בגדים, אז ניט וואלטען פיעלע פינגער צושטאכען גע־ווארען, ווייל דער היימישער שניידער האט שטענדיג א נאדעל ארייננעשטאכען אין זיין קליאפע.

און די שניידער זיינען ניט די איינציגע וואס האבען א קלפי. אין די אנדערע קלייזלאך דארף אויך חול־המועד בעשטימט ווערען דער גורל פון די גבאים. און יעדער פאך בעזונדער האט זיין רעדעל אויפ'ן מארק, און יעדער רעדעל בעזונדער קאכט זיך און ליארעמט.

נאר עס זיינען אויך פאראן אזעלכע וואס האבען ניט וואס זיך צו קאכען. זייער צעך איז צו קליין, אז זיי זאלען קענען האבען זייער בעזונדער קלייזעל, מיט בעזונדערע גבאים. אזעלכע זיינען ביי אונז, למשל, געווען די טאקארעס: זיי האבען פאר זיך קיין בע־זונדער רעדעל ניט געהאט און זיי זיינען געגאנגען איבער'ן מארק פון איין רעדעל צום צווייטען, צוגעהערט זיך צו די טענות און וכוחים, אבער אליין זיך ניט ארייננעמישט. פון אלע בעלי מלאכות זיינען זיי געווען די איינציגע, וואס האבען אויסגעזעהן ווי משגיחים, ניט אזוי דערפאר וואס זיי האבען זיך ניט געקאכט און זיינען ארומ־

געגאנגען אהין א בעשטימטען צוועק, נאר מעהר מיט זייערע שטע־קעלאך.

די מלמדים האבען אויך כמעט אלע געהאט שטעקעלאך, נאר דאס זיינען געווען קאטשערקעס, געוועהנליכע שטעקלאך מיט אויס־געבויגענע הענטלאך, אבער די טאקארעס האבען געהאט אמת׳ע אנטיקלאך, אזעלכע שטעקעלאך וואס קיין אנדער בעל מלאכה האט זיך ניט געקענט פערגינען.

דאס איז אלץ געווען ניט נאר אייגענע האנט־ארבייט, נאר דאס איז אפשר געווען דער איינציגער חפץ, אויף וועלכען זיי האָ־בען זיך געסטארעט ארויסצואווייזען זייער קונסט. דעם טאקער׳ס שטעקעלע איז געווען דער אויסדרוק פון דעם קינסטלער אין דעם בעל מלאכה. די ארבייט וואס ער האט געמאכט פאר אנדערע איז געווען ניט מעהר ווי א מלאכה און האט איהם בעפרידיגט נאר אויף אזוי פיעל, ווי דאס האט איהם געגעבען ברויט. דער שטע־קעלע וואס ער האט געמאכט פאר זיך איז געווען זיין גייסטיגע בעפרידיגונג.

יעדער טאקער האט אויסגעדריקט זיין אייגענע אינדיווידוא־ליטעט אין זיין שטעקעלע. שמואל גיטקעס, א געזונטער בחור, מיט ברייטע פלייצעס און גראבע רויטע באקען האט פאר זיך אויסגע־טאקט א דובינקעלע. זי האט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט קיין גרויסען חן, נאר דערפאר האט שמואל אנגעקוואלען פון איהר וואג. יעדען בעקאנטען וואס ער האט בעגעגענט, האט ער געגעבען די דו־בינקע יענער זאל איהר א הויב טהאן און צופריעדען געזאגט:

— הא? א בענש דערמיט אין קאפ? מען קען א קדוש ווערען.

זאנוועל דער טאקער, א נידריגער, דארער אידעל מיט זעהר א שיטערען בערדעל און זעהר א בלייכען פנים, האט פאר זיך גע־שאפען א ביינערנעם שטעקעלע, אויסגעטאקט פון שווארצליכע הער־נער און שטארק פאלירט, און אז ער האט מיט איהם איצט ארומגע־שפאצירט איבער׳ן מארק, האט מען בחוש געזעהן, אז איהם קומט צו חיות פון טראגען דעם שטעקעלע.

וואס ווייטער איז דער מארק אלץ לעבעדיגער געווארען. איי־ניגע האבען זיך אפגעטהיילט פון די רעדלאך און זיינען פערשוואונ־

דען אין די זייטיגע געסלאך, און פרישע זייגען פון דארטען צוגע־קומען מיט נייע פאטשטען.

און דער וואכעדיגער מארק האט אנגענומען א פאנטאסטישען אויסזעהן. שבת׳דיגע בגדים, יום־טוב׳דיגע פנימ׳ער און קליינע אינטערעסען. אן אויסמיש פון קודש מיט חול, א יריד פון מענשען אהן א שום מסחור, א הב׳ענים אהן פרנסה, א קאכענים אהן בייזע געפיהלען.

עס הויבט זיך אן צו זעצען די זון און די קיהלקייט ווערט שארפער. די מלמדים, קארטשענדיג זיך פון קעלט איילען זיך די ערשטע צו מנחה. די רעדלאך ווערען שיטערער און שיטערער און אלע ציהען זיך צום שוהל־הויף. די קראמען פערמאכען זיך איינע נאך די אנדערע. צו וואס זיצען, אז עס איז ניטא קיין פדיון? און דער מארק ווערט לעדיג, נאר איצט איז אויף איהם ניט אויסגעגאסען די רוה פון ערב יום־טוב. אין די הייזלאך ווערען אנגעצונדען וואכעדיגע ליכטלאך און פערשפרייטען ניט קיין פרעהליכען שיין ארום, פון אלע פענסטער קען מען זעהן א קליינעם פייערל אויפ׳ן פריפעטשאק, און פאר׳ן אויוון שטעהט די בעל הבית׳טע און קאכט עפעס א וואכעדיגע וועטשערע אויף שפענדלאך.

עס איז חול המועד פסח.

# פערשטערטע קניידלאך.

עס איז געוועזן נאך א לאנגען ישוב הדעת, אז גאסי האט בע־שלאסען מיט איהר מאן אראבצובריינגען איהר מוטער פון רוס־לאנד. און זיי האבען געהאט דערביי זייער רעכנונג: גאסי איז געוועזן א שניידערין פון דער־היים און האט דא געקאנט פערדיענען גוטע געלט, ווען די צוויי קליינע קינדער איהרע זאלען איהר לאזען ארבייטען. גאסי האט שוין געפרובט אריינגעהמען א דיענסט אין שטוב, אבער אין אמעריקא זיינען די דיענסטען גאנצע פריצ'טעס, מען דארף זיי בעדיענען, און דערצו געהט נאך די חלה אוועק אויף המוציא. און אזוי ארבייטען אויף א דיענסט איז קיין פלאן ניט. איז בעשלאסען געווארען אויסצושרייבען די מאמען, וועלכע וועט זיין גליקליך צו ניאנטשען זיך מיט די אייניקלעך און צופריעדען אכ־טונג צו געבען אין שטוב. דער ישוב הדעת איז נאר געוועזן: וואס טהוט מען, וואס די מאמע איז א פרומע? זי וועט מאכען די שטוב פאר א תפיסה. גאסי געדענקט נאך, ווי זי פלעגט איהר אין דער היים ניט אויפהערען צו מוסר'ן פאר וואס זי וואשט זיך שבת מיט זייף, פאר וואס זי פערקאמט זיך שבת, פאר וואס זי לייענט ניט קיין קריאת שמע און כאפט א ביסען ברויט אומגעוואשען. דאס איז געוועזן אין דער־היים, און דא וועט זי האבען נאך מעהר צו מוסר'ן, ווייל אין די זעקס יאהר, וואס גאסי איז אין אמעריקא, האט זי זיך איינגאנצען דערווייטערט פון אידישקייט. דאס איז געוועזן א גרויסער ישוב הדעת, און דער מאן האט א לאנגע צייט דערפון ניט געוואלט הערען. ער איז געקומען קיין אמעריקא — האט ער גע'טענה'ט — ניט צו לעבען ווי א שקלאוו, נאר ווי ער פערשטעהט און ער וויל ניט האבען, אז מען זאל איהם איצט אנהויבען צו מושטרעווען. נאר דאס ווייב האט אזוי לאנג גערעדט

איבער איהם און זיך געסטאַרעט איינצושמועסען, אז מענשען זיי־נען שוין איצט קליגער געוואָרען און זיינען שוין ניט אזוי ווילד, ווי אַמאָל, ביז עס איז בעשלאָסען געוואָרען אויסצושרייבען די מאַמען.

גאָסי האָט אוועקגעשיקט דער מאַמען א שיפסקאַרטע אין מי־טען זומער, נאָר עס האָט דער מאַמען גענומען א היבשע צייט ביז זי האָט זיך אויסגעקליבען אין אַזאַ ווייטע נסיעה. א שפּאַס איז דאָס, זעגענען זיך מיט אַן אָרט וואו מען איז געבוירען, אויפגע־האָדעוועט און ערצויגען געוואָרען און פערבראַכט כמעט דאָס גאַנצע לעבען, יעדעס ווינקעלע איז פערבונדען מיט די וואַרימסטע זכרונות און טויזענדער פעדים פערבינדען זי מיט אלע שמחות און ליידען פון אזוי פיעל צעהנדליגער יאָהרען! עס איז שווער איבערצוריי־סען די פעדים און וואַגלען אויף די עלטערע יאָהרען אין א פרעמד לאַנד, פון וועלכען מען דערצעהלט זיך אַזעלכע שרעקען, רחמנא ליצלן. נאָר די ליעבע צום קינד, צו איהר אייִנציגער טאָכטער, צו די אונבעקאַנטע אייניקלעך האָט זיך ארויסגעוויזען שטאַרקער ווי אַלץ, און זי איז אַראָבגעקומען קיין אמעריקאַ פּונקט א וואָך פאַר פּסח.

די טאָכטער האָט זיך באמת דערפרעהט, אז נאָך אַזאַ לאַנגע צייט האָט זי ווידער דערזעהן די מאַמען און געקענט איינאָטהעמען פון דער זיסער, ליעבער און טייערער היים. עס האָט אויף איהר ווידער אמאָל א בלאַז געטהאָן מיט עראינערונגען פון די גליקליכע קינדערשע יאָהרען, און טרעהרען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען.

אויפ׳ן וועג אהיים האָט גאָסי אויסגעפרעגט דער מאַמען וועגען אלע קרובים, פריינד און בעקאַנטע. די מוטער האָט איהר איבער־געגעבען אלע גערוסען פון די בעקאַנטע, האָט איהר דערצעהלט, ווער האָט חתונה געהאַט און ווער איז געשטאָרבען און אויף זייערע פּנים׳ער האָט זיך אלע ווייל געביטען א פרעהליכע מינע מיט א טרויעריגער.

אין דער־היים האָט די מוטער שוין געטראָפען צוגעגרייט א טיש מיט פרוכטען און צובייסען, זי האָט גענומען אַן עפּעל פון טיש און צושניטען און צוגערופען דעם עלטערן אייניקעל, וועלכער

איז געשטאַנען ניט ווייט מיט פערלעגטע הענטלעך און געקוקט אויף איהר מיט אַ פאַרשענדרען בליק. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז די באָבע איהם ניט געפעלען געוואָרען, און ער איז מיט אַ כמורען בליק צוגעלאָפען צו דער מאַמען.

— געה, נאַרעלע, דאָס איז די גרענד־מאַ! (באָבע).

— גיב איהם דו דעם עפעל, — האָט די מוטער געזאָגט צו דער טאָכטער.

ביי דער מאַמען האָט דאָס אינגעלע דעם עפעל גענומען און צוטוליענדיג זיך צו איהרע קניע, האָט ער קייענדיג גענומען נאָכ־קוקען דער באָבען פון אונטער'ן שטערן.

— אפנים דו האָסט דאָ אַהן עין הרע בעקאַנטע? — האָט די אַלטע בעמערקט.

— פון וואַנען ווייסטו?

די אַלטע האָט געוויזען אויף די פּאַמעראַנצען און געזאָגט:

— מסתמא פון שלח מנות געבליבען?

— שלח מנות? — האָט די טאָכטער איבערגעפרעגט און ניט געקאַנט אַנפאַנגס פערשטעהן, וואָס די מאַמע מיינט. ענדליך האָט זי פערשטאַנען און געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— דאָ אין אמעריקא וואַרט מען ניט אויף פּורים, אַז אַ בע־קאַנטער זאָל צושיקען פּאַמעראַנצען. ווען עס פערגלוסט זיך, קויפט מען זיי.

— נו, ביסטו ניט קיין נאַר? צו וואָס האָסטו געדאַרפט אויסגע־בען אַזוי פיעל געלט צוליעב מיר? דו ווייסט דאָך, איך בין, גאָט צו דאַנקען, ניט קיין נאַשערקע, האָט די אַלטע געזאָגט אונצופריעדען.

— דאָ קאָסטען זיי וואָלוועל, ניט ווי אין דער־היים.

און איצט האָט זיך אָנגעהויבען אַן אויספרעגונג, ווי טייער איז ברויט, פּוטער, הערינג, קאַרטאָפעל; און איבערזעצענדיג יעדען סענט אויף צוויי קאָפּיקעס, האָט זי פערמאַכט שטייף די ליפּען, גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ניט געקאָנט פערשטעהן — ווי אַזוי מענ־שען האַלטען אויס אַזאַ יקרות.

— דאָס איז דאָך די הויט געריסען, רחמנא לצלן.

— איצט קוק אַן מיינע רומס, — האָט די טאָכטער געזאָגט, ווען די מוטער האָט עטוואָס צוגעביסען.

— דיינע, וואָס?

— מיינע צימערן.

זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש און אריין פון קיך אין שלאָף־צימער.

— א חושך, רחמנא לצלן! — האָט געזאָגט די אַלטע און בע־קוקט דאָס בעט מיט די בעפּוצונגען.

זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אזא קליין קאמער׳ל, און מען שטעלט אריין אַזאַ גרויסע בעט! צו וואָס אזא משונה׳דיגע ברייטקייט?

— אזוי איז שוין איינגעפיהרט אין אמעריקא.

פון דעם שלאָף־צימער זיינען זיי אריין אין דעם צווייטען. דאָ איז אין אַ קליין, שמאָל בעטעל געשלאָפען דאָס יונגערע קינד. דאָס פלעשעל איז געלעגען ביים קינד אויפ׳ן הערצעל. זי איז צוגעגאַנ־גען צו איהם און האָט עס ארונטערגענומען.

פון דאַנען זיינען זיי אריין אין זאַל. די מוטער איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר.

— פאר וואָס האסטו זיך אבגעשטעלט?

זי האָט געקוקט אויפ׳ן קאָוויאַר און ניט געקאָנט זיך בעשלי־סען צו טרעטען אויף איהם. זי האָט אין דער־היים געהאט עפּעס אַ טישטוך, וואָס האָט אויפ׳ן ערשטען בליק געהאט עפּעס אַן עהנ־ליכקייט צו דעם קאָוויאַר. האָט זי זיך ניט פערגונען צו פערשפּריי־טען איהם אפילו שבת אויפ׳ן טיש, — און דאָ געה טרעט אזא זאך מיט די פיס! דאך האָט זי אויפ׳ן טאָכטער׳ס רופען אַ קוק גע־טהאָן אויף איהרע שיך און געמאכט אַ פּאָר טריט, געהענדיג מיט אַ זייט און אונטערשפּארענדיג דעם קינבאק מיט צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט, וועלכע זי האָט אונטערגעהאַלטען מיט דער לינקער. זי האָט איהר בליק אַ וואָרף געטהאָן אויפ׳ן גאַרניטור ווייכע מעבעל, דערנאָך אויף די גאַרדינען איבער די פענסטער און אויפ׳ן גרויסען שפּיגעל, וואָס האָט דערגרייכט ביז צום סופיט. דאָ האָט די אַלטע מאמע דערזעהן איהר פולע געשטאַלט אין איהר

גאנצער ראפּאשנסקער אָרימקייט, אַרומגערינגעלט מיט אָזעלכע לוקס־סוס־זאַכען, און זי האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און אַ גליק־ליכער שמייכעל האָט זיך געוויזען אויף איהר געזיכט. דערביי האָט זי צורעכט געמאַכט דעם פּאַרוק, וואָס האָט זיך איהר אַבי־סעל אַרויפגערוקט אויפ'ן קאָפּ, און דאָס יאַקעל, וואָס איז אָפּגע־שטאַנען פון קלייד.

נאָסי איז געווען גליקליך, וואָס זי האָט געקאָנט ווייזען איהר גרויסקייט דער אָרימער מאַמען, און האָט איהר געבעטען זי זאָל צוגעהן נעהנטער. די מאַמע האָט געפאָלגט און איז געגאַנגען ווי מיט באָרוועסע פיס איבער געהאַקטען גלאָז.

פון זאָל זיינען זיי צוריק אריין אין שלאָף־צימער. די באָבע האָט אַ ווײַלע געקליבען נחת פון דעם שלאָפענדיגען אייניקעל און האָט אַ היבשע צייט ניט געקאָנט אַבגרייסען פון איהם די אויגען. ווי ער האָט געמאַכט אין שלאָף מיט זיינע קליינע ליפּעלעך, און וואָלט איהם אויסגעקושט די גליעדער, נאָר אין שלאָף וועט זי איהם ניט טשעפּען, און זי האָט זיך ענדליך מיט גוואַלד אָפּגעריסען פון איהם און איז אריין אין ערשטען שלאָף־צימער.

— דו ווייסט, — האָט די מוטער געזאָגט צו נאָסי'ן, איך בין גאָר אַ צוטומעלטע. נאָך אַמאָל, וואָס איז דאָ?

זי האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין שלאָף־צימער, פון וואַנען זי איז איצט אַרויס, און דאָן ווידער אַ קוק געטהאָן אויפ'ן גרויסען בעט.

— קאָן אַ מאַנסביל שלאָפען אין אַזאַ בעטעל? — האָט די אַל־טע געפרעגט פערוואונדערט.

—וואָס מיינסטו?

די אַלטע האָט אָנגעוויזען אויפ'ן קליינעם בעטעל, וואו דאָס קינד איז געשלאָפען.

דאָס איז אויסגעקומען נאָסי'ן אַזוי קאָמיש, אַז זי האָט אויסגע־שאָסען אין אַ הויכען געלעכטער.

— חאַ־חאַ־חאַ! אַ פיינע מעשה, כ'לעבען! אַ מאַנסביל אין דעם בעטעל! דאָס איז אַ קינדערש בעטעל.

די אַלטע האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט.

— און וואו שלאָפט ער?
— ווער?
— דיין מאַן.
— דאָ, — האָט די טאָכטער געענטפערט און האָט אָנגע־וויזען מיט די אויגען אויפ'ן גרויסען בעט.
— דאַ־אַ־אַ? און דו??
גאָסי איז רויט געוואָרען. די מאַמע האָט גענומען ריידען מיט היץ, און אַלץ, וואָס זי האָט גערעדט איז געווען עפּעס גאָר נייעס פאַר גאָסי'ן. זי האָט ביז איצטער גאָר ניט געוואוסט, ווי שווער עס איז צו זיין אַ אידישע פרוי. די מאַמע האָט גערעדט איבער איהר, גערעדט מיט הארץ, און עס האָט זיך געפיהלט, אַז יעדעס וואָרט קאָסט איהר געזונט. און וואָס מעהר די מאַמע האָט גערעדט, האָט אַלץ מעהר די טאָכטער בעגריפען, וואָס פאַר אַ טיעפער תהום עס ליעגט צווישען זיי ביידען, און איהר האָט וועה געטהאָן דאָס הארץ, פאַרוואָס דער תהום איז אַזוי טיעף.
דער פּועל יוצא פון דעם געשפּרעך איז געווען, אַז די מאַמע האָט איינגעזעהן, דאָס זי דאַרף קוקען שאַרף מיט ביידע אויגען, אַז זי אַליין זאָל אָקאַרשט ניט פערזינדיגען איהר נשמה. דער איידעם ווען ער איז געקומען אין אָבענד פון דער ארבייט, האָט נאָך פער־שטאַרקט אַט דעם געדאַנק: זי האָט געזעהן, ווי ער עסט אָהן אַ היטעל, אומגעוואַשען און בענשט ניט.
— עפּעס זעהט מען ניט, אַז איהר ברייננגט אריין פּסח אין שטוב, — האָט די מוטער בעמערקט אויף מאָרגען: — האָסטו שוין געגעבען באַקען מצה?
גאָסי האָט צייט נאָך דער חתונה פון קיין פּסח ניט געוואוסט. אַ טאָג פאַר פּסח האָט זי געקויפט אַ פונט מצה, עס זאָל ליעגען לפנים וועגען, טאָמער קומט אָן עמיצער, וואָס דאַרף ניט וויסען, אַז די שטוב איז אַ חמצ'דיגע. נאָר זי האָט געוואוסט, אַז דאָ גיט מען ניט באַקען קיין מצה, און זי האָט געענטפערט:
— דאָ קויפט מען פאַרטיגע.
— און שמאַלץ האָסטו אָנגעגרייט?
— דאָס קריגט מען אויך פאַרטיגע.

די מאמע האט גענומען דעם פסח אין איהרע הענט און האט אריינגעבראכט אלץ וואס איז געווען נויטיג פאר דעם הייליגען יום־טוב. זי האט געשייערט, געכשר׳ט און קאמאנדעוועט, וואו מען זאל שטעהן, וואו מען זאל זיצען, וואו מען זאל געהן, און כאטש דער איידעם האט שטילערהייד געמורמעלט: „א ניי אנשיקעניש אויפ׳ן קאפ“, האט ער דאך געפאלגט און געטהאן וואס מען האט איהם געהייסען.

צוויי טעג פאר יום־טוב האט די מאמע פלוצים א פרעג געטהאן:

— זאג מיר, טאכטער, וואו זיינען דיינע פסח׳דיגע כלים? עפעס זעה איך זיי ניט.

די טאכטער איז געבליבען אין פערלעגענהייט און האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן גלייך.

— מיינע פסח׳דיגע כלים? — האט זי איבערגעפרעגט, אום צו געווינען צייט, און נאך א קורצען נאכדענקען געענטפערט:

— איך האב זיי מסתמא נאך ניט אפגענומען.

— פון וואנען?

— ווען מיר האבען זיך אריבערגעצויגען פון דער לעצטער דירה, האב איך זיי איבערגעלאזט ביי א בעקאנטער שכנה, ווייל איך האב מורא געהאט, אז מען זאל זיי ביים אריבערציהען ניט צו־ברעכען.

— געה טאקע און נעהם זיי אפ.

און נאסי איז אוועקגעגאנגען צו דער בעקאנטער שכנה, אבער ניט אפצונעהמען די כלים, וואס זי האט ביי איהר ניט איבערגע־לאזט, נאר אויסצופרעגען, וואס פאר א כלים מען דארף האבען אויף פסח, ווייל אין בעל־הבתיש׳קייט, ווי אלע שניידערקעס, האט זי גאר ניט פיעל פערשטאנען.

די בעקאנטע, א געניטע בעל־הבית׳טע, איז מיט איהר אוועק אין העסטער סטריט און זיי האבען אויפגעקויפט פון כוסות ביז א קאשעק.

נאסי איז נעגאנגען אהיים און האט זיך געוואונדערט, ווי אזוי איז דאס איהר אויף דער מינוט איינגעפאלען אזא גלאטער

תירוץ. זי שטעלט זיך פאר דעם עגמת־נפש, דעם פערשטערטען יום־טוב וואס די מאמע וואלט געהאט ווען נאך דעם אלעם, וואס די אלטע האט ביי איהר געטראפען אין שטוב, זאל זי נאך אויס־געפינען, אז קיין פסח האט מען ניט געהאלטען.

פון מיעדינגקייט האט די מוטער אין אבענד גארניט געקענט טהאן. דער איידעם האט געזאגט א פאר המצאות לכבוד פסח און געפרעגט, צי דארף מען לכבוד אזא הייליגען יום־טוב וואשען די קעשענעס, טאמער האט זיך אהין פער'גנב'עט א ברעקעל חמץ, און צי מען דארף דאס מויל כשר'ן. נאר דער אלטער מאמען האט דאס ניט געארט, ווייל זי האט געוואוסט, אז דער פסח איז אריינגעפיהרט געווארען מיט אלע פיטשעווקעלעך און זי וועט שוין אכטונג געבען, אז אין די קעשענעס זאלען שוין קיין ברעקלעך חמץ ניט פער־בלייבען.

אויף מארגען האט זי גאנץ פריה ארויסגע'פטר'ט דעם חמץ און זי האט מיט א צופריעדענע מינע געקוועטשט מיט די פלייצעס אויף די היגע „פאראנדקעס“: מצה פארטיגע, מצה־מעהל פארטיגע, מצה־פארפעלעך פארטיגע, א וואונדער וואס מען האט נאך ניט אויסגעקלערט קיין קניידלעך פארטיגע! א טשיקאווע זאך, אפילו די טעלער אין אמעריקא זיינען גאר אנדערש געמאכט. זיי נוצען זיך גאר ניט אפ, זיי זעהען אויס, ווי מען וואלט זיי ערשט פון קראם ארויסגענומען.

ווען זי האט געדארפט צושטעלען קאכען און זי האט בעקומען פון די פסח'דיגע כלים א פענדעל, איז זי געבליבען שטעהן אפ־הענדיג. זי האט דאס פענדעל בעקוקט פון אלע זייטען און א רוף געטהאן די טאכטער:

— גאסי, קום אהער!

גאסי איז צוגעגאנגען און געפרעגט, וואס זי קען איהר העלפען.

— זאג מיר, טאכטער, זינט ווען ביסטו א בעל־הבית'טע פאר זיך?

— זינט איך האב חתונה געהאט.

— אזוי! שוין פינף יאהר א בעל־הבית'טע. און זינט ווען האסטו דיינע פסח'דיגע כלים?

— זינט איך בין א בעל־הבית׳טע געווארען.

— און די פענדלעך?

— זינט דעמאלט.

— זינט דעמאלט! און די דאזיגע פענדלעך האסטו שוין פינף יאהר געניצט?

די אלטע האט אויף איהר א שטרענגען קוק געטהאן און עט־ליכע סעקונדען נאכאנאנד האט זי פון איהר די אויגען ניט אראפ־געלאזט.

— אזוי, אפילו פסח אויך ניט!...

די אלטע האט מעהר גאר ניט גערעדט, זי האט זיך דעם גאנ־צען טאג בעוועגט ווי א שאטען. זי האט געטהאן אלע ארבייט, האט אלץ צוגעגרייט צום סדר און קיין ווארט האט זיך ניט אראפגעריי־סען פון איהרע ליפען. עטליכע מאל האט זי דעם קאפ אפגעקעהרט אן א זייט און אויסגעווישט מיט׳ן פארטוך א טרעהר, נאר זי האט זיך געהיט, אז קיינער זאל ניט בעמערקען.

ווען עס איז געקומען די צייט פון אפריכטען דעם סדר, האט זי געזעהן, אז דער סדר איז עפעס א נאכקרימעניש. קיין הסב־בעט, קיין קיטעל, עפעס מורמעלט דער איידעם אונטער דער נאז פון יוצא ווערען. און די גאנצע ענטוישונג, די גאנצע ביטערניש, וואס האט זיך אנגעקליבען אין די לעצטע עטליכע טעג ביי איהר אין הארצען, האט גענומען ארויסשווימען פון אויבען. זי האט זיך פלוצים דערפיהלט עפעס גאר א פרעמדע, אן איבעריגע און איהר האט אנגעכאפט א שווער ביינקעניש נאך דעם ארימען ווינקעל, וואו זי האט פערבראכט איהרע לעצטע יאהרען און וואו זי האט זיך געפונען מיט פרעמדע מענשען אזוי היימיש, אזוי נאהענט, אזוי צו־זאמענגעגאסען אין פריידען און ליידען: גרויסע טראפען טרעה־רען האבען זיך גענומען קייקלען איבער איהר הגדה, און זי האט זיך געמוזט האסטיג אויפהויבען פון טיש, אריינגעהן אין פאדער־צימער און אויסוויינען איהר אנגעלאדענע הארץ...

# דער סדר אין דער נייער היים.

## (נאָך די פּאָגראָמען)

די עטליכע טעג פאר יום־טוב, זינט די באָבע איז אראָפּגעקו־מען צו זיי פון רוסלאַנד האָבען זיך די צוויי אייניקלאַך צוגעקוקט צו איהר מיט פערוואונדערונג: איהר הלוך, איהר רעדען, איהרע תנועות, איהר אויפפיהרונג זיינען געווען פאר זיי עפּעס משונה־דיג, און דאָס האָט זיי אויך אזוי פיעל געשראָקען, אז זיי האָבען זיך געהאַלטען פון דערווייטענס פון איהר. און ווען זי האָט זיי גע־וואָלט א לאַסטשע טהאָן, האָבען זיי זיך פון איהר אָפּגעקעהרט מיט מורא און אין דער זעלביגער צייט זיינען זיי געווען אזוי נייגיעריג צו זעהן, ווי זי שטעהט יעדען אין דער פריה און שאָקעלט זיך אי־בער עפּעס א בוך, ווי זי ענטפערט א מאָל דער מאַמען מיט אזעל־כע תנועות אזוי ווי זי וואָלט געווען א שטומע, ווי זי וואַשט די הענט און רעדט צו זיך פאר'ן עסען און נאָכ'ן עסען אזוי ווי זי וואָלט געווען משוגע, — און דאָס אַלץ איז געווען אזוי טשיקאַווע, אז זיי זיינען איהר נאָכגעגאַנגען ווי א שאָטען און האָבען פון איהר ניט אראָפּגעלאָזט די אויגען.

רב פּסח האָבען די קינדער געזעהן מעהר טשיקאַווע זאַכען, ווי אין די פריהערדיגע עטליכע טעג. און ווען די באָבע האָט גענו־מען צוגרייטען צום סדר, האָט שוין דאָס עלטערע קינד, א אינגעלע פון א יאָהר פינף לעגגער ניט געקענט בלייבען פון דערווייטענס און האָט געמאַכט א פּאָר שריט נעהנטער צום טיש. איהם זיינען געפעלען געוואָרען די פלעשער ווייַן און מעד וואָס די באָבע האָט געשטעלט אויפ'ן טיש, די כוסות, מצה, חרוסת, מרור, זרוע, די לייכטער מיט די מה־נשתנה ליכט. וואָס ער האָט געזעהן צום ערש־

טען מאָל, די היסב־כּעט, וואָס זי האָט געמאַכט אויבען אַן.

וואָס מעהר די הכנות צום סדר זיינען געוואָרען פאַרטיג, אַלץ מעהר צוטרוי האָט ער געקריגען צו דער באָבען, וואָס האָט אריינ־געבראַכט אַזעלכע שעהנע זאַכען אין שטוב.

ווען מען האָט אָנגעצונדען די מה־נשתנה ליכט און די גאָלד־ליכט האָבען די קינדער דערפיהלט, ווי דער גייסט פון יום־טוב האָט אַ שוועב געטהאָן איבער אַלע ווינקעלאַך. הגם זיי האָבען ניט גע־וואוסט, וואָס אַזוינס דאָס איז. די באָבע האָט שוין איצט מעהר ניט אויסגעוויזען משונה׳דיג און דאָס עלטערע קינד איז צו איהר צו־געגאַנגען און כּדי צו שליסען פריינדשאַפט האָט עס געזאָגט:

פיעל גלעזער!

— דאָס זיינען ניט גלעזער נאָר כּוסות.

— כּוסות? — האָט דאָס קינד איבערגעפרעגט.

— יאָ, דאָס איז דיין כּוס, דאָס איז רבקה׳לעס כּוס...

דאָס קליינינקע מיידעלע איז געוואָרען מוטהיגער, צוגעגאַנגען נעהנטער, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענטלאַך אָן טיש, גע־שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער און פּערריסען דאָס קעפּעל, כּדי בעסער צו קענען אָנקוקען דאָס, וואָס די באָבע רופט איהר כּוס.

— דאָס איז דעם טאַטענס, דאָס איז דער מאַמעס, דאָס איז מיינער און דאָס איז אליהו הנביא׳ס.

— וועמעס?

— אליהו הנביא׳ס.

— הו איז דעט מען? (ווער איז דער מאַן?)

די באָבע האָט ניט פערשטאַנען וואָס ער פרעגט און האָט אויף איהם געקוקט מיט אַ שולדיגען שמייכעל.

— ווער דער מאַן? — האָט ער געבראַכען זיין קליין צינגעל צו רעדען אויף איהר לשון.

— וועלכער?

— לאָהו הנביא?

— ס׳טייטש, דו ווייסט ניט, ווער אליהו הנביא איז! — האָט די אַלטע געפרעגט און ארומגעקוקט זיך אין אַלע זייטען, אַזוי ווי פרעגענדיג ביי די ווענט, ווי איז דאָס מעגליך, אַז איהר אייניקעל

זאָל ניט וויסען, ווער אליהו הנביא איז. — אליהו הנביא ! ס'טייטש אליהו הנביא...

דאָס קינד האָט ווייט געעפענט די אויגען און געמאַטערט זיך צו בעגרייפען וואָס די באָבע זאָגט. נאָר צו זיין אידיש איז געווען צו ווייניג, אז ער זאָל פערשטעהן איהרע רעד, צו זי אליין איז ניט געווען קלאָר אין איהר בעגריף וועגען דעם נביא, וואָס איז ארוים פון דעם גדר מענש דורך זיין לעצטע נסיעה מיט'ן רייט־וואָגען גלייך אין הימעל, און וואָס איז דאָך געווען א ילוד אשה, אז מען זאָל איהם גלייך קענען רעכענען פאר א מלאך, — מילא, ווי דאָס איז געווען, די באָבע האָט גערעדט אויף איהר לשון, דאָס קינד האָט איבערגעפרעגט אויף זיין לשון, נאָר דאָס בלאַנדזשענדע פייערל אין דעם קינדס אויגעלאָך האָט געוויזען, אז ער ווייסט נאָך אַלץ ניט, ווער אליהו הנביא איז. זיין פאָטער איז אין דער צייט ארומ־געגאַנגען מיט א סיגארעט אין זאָל און האָט זיך מיט א שמייכעל צוגעהערט צום געשפּרעך פון דער באָבען מיט'ן אייניקעל. און ווען דער שמייכעל האָט זיך ביי איהם פערוואַנדעלט אין א געלעכטער, איז ער אריין אין עס־צימער, האָט זיך אנידערגעזעצט לעבען קינד און גענומען איהם ערקלערען ווער אליהו הנביא איז.

די אויגעלאָך ביים קינד האָבען אנגעהויבען צו שטראַהלען. די בעקעלאָך האָבען זיך דערוואָרעמט, און ער האָט פון צייט צו צייט א וואָרף געטהאָן א בליק אויף דער באָבען, ווי ער וואָלט איהר וועלען פרעגען צי דער טאַטע ערקלערט די זאַך ריכטיג. דער טאַטע איז ביי איהם געווען אן אויטאָריטעט אין זאַ־כען וואָס בעלאַנגען צו א גאַנץ יאָהר, אָבער וואָס איז שייך צו אזא יום טוב, וואָס די באָבע האָט אריינגעבראַכט ווייסט זי מסתמא מעהר פון אלעמען.

ווען דער פאָטער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין ערקלערונג, האָט זיך דאָס קינד א קעהר געטהאָן צו דער באָבען און געזאָגט:

— אי'ל בי גלעד טו סי הים.

די באָבע האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר זי האָט געזעהן זיינע שטראַהלענדע אויגעלאָך, זיינע דערוואָרעמטע בעקעלאָך, און זי האָט איהם געענטפערט מיט א שמייכעל. זיין

אויפלעבונג, זיין דערוואַרעמטקייט איז טהיילוויז אויף איבערגע־גאַנגען צו איהר, און איהר פּנים האָט אָנגענומען אַ גליקליכען אויס־דרוק. מיט פולען צוטרוי איז ער, ניט פרעגענדיג, ארויף צו איהר אויפ׳ן שויס און פערשאַטען איהר מיט פראַגען: ווען וועט ער קומען, ווי זעהט ער אויס, טרינקט ער אזוי פיעל און דאָס גלייכען. דאָס קליינע מיידעלע רבקה, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען מיט׳ן שפּיץ פון דעם רעכטען צייגפינגער אין מויל און צוגעקוקט זיך מיט קנאה׳דיגע אויגעלאַך, ווי איהר ברודער פיהרט עפּעס עסקים מיט׳ן טאַטען און דער באָבען, איז מיט אַ בייזען אימפּעט צוגעלאָפען צו איהר און אויך גענומען דראַפּען זיך צו איהר אויפ׳ן שויס, און מיט אַ קול אין וועלכען עס האָבען זיך שוין געהערט טרע־רען האָט זי געזאָגט:

— איך וויל צו גרענד־מאַ.

דאָס האָט שיער ניט געבראַכט צו אַ געשלעג צווישעןביידע קינדער, און זי האָט זיי קוים מיט צרות איינגעשטילט און האָט איהר אויך ארויפגענומען צו זיך אויפ׳ן שויס.

— מיין גרענד־מאַ! — האָט רבקה׳לע געזאָגט מיט אַ וויי־נענדיגען קול.

— איט׳ס מיי גרענד־מאַ! — האָט דאָס אינגעלע געענטפערט און אראָפּגעקוקט אויף דער שוועסטער פון אויבען אראָפּ, און ארומ־גענומען די באָבען ארום האַלז.

— זי איז אייער ביידענס גרענד־מאַ, — האָט די מוטער זיך אָנגערופען, אריינקומענדיג פון אַ זייטיגען צימער, אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג, מיט אַ גליקליכען שמייכעל.

זי האָט רבקה׳לען געוואָלט צונעהמען צו זיך, נאָר יענע האָט אָנגעהויבען צו מאַכען מיט די הענטלאַך און בריקען מיט די פיסלאַך. דערווייל האָט מען זיך געזעצט צום סדר.

פון ערשטען אויגענבליק איז געווען גרינג צו זעהן, אז דער סדר איז נעמאַכט געוואָרען פון יוצא וועגען. דער בעל הבית האָט קיין קיטעל ניט אָנגעטהאָן, ער האָט געטראָגען זיין געוועהנליכען גאַרניטור, האָט זיך אנידערגעזעצט ניט אָנגעלעהנט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ בן־חורין, נאָר ווי אַ פּראָסטער בשר ודם זיצט אַ גאַנץ יאָהר.

דעם קדוש האָט ער אָפּגעזונגען כמעט אַהן אַ נגון, און דעם ורחץ, כרפּס, יחץ האָט ער אָפּגע'פּטר'ט אין אַ הרף עין, און די הגדה האָט ער אָנגעהויבען צו זאָגען ניט מיט'ן פרעהליכען קול ווי מען זאָגט עס אין אַלע פרומע אידישע הייזער, נאָר אַזוי ווי עמיצער וואָלט איהם געשטאַנען איבער'ן קאַרק און געצוואונגען איהם דערצו. ביי די אַלטע אין די אויגען איז אויסגעקומען, אַז דער איידעם מאַכט חוזק פון דער גאַנצער מעשה. עס האָט איהר פערקוועטשט אין הארצען און אין מארך איז איהר דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, ווי פאַר אַ יאָהרען איז זי געזעסען מיט פרעמדע מענשען, אָבער ווי היימיש זי האָט זיך מיט זיי געפיהלט. דעמאָלט איז געווען די איינציגע זאַך, וואָס האָט געשטערט איהר שמחה, וואָס זי האָט ניט איהרע קינדער ביי דער זייט און דאַרף זיצען ביי אַ פרעמדען טיש, און איצט האָט זי די קינדער אַרום זיך און פיהלט זיך עפּעס אַזוי פרעמד.

זי האָט גענומען לייענען די הגדה מיט'ן ריכטיגען נגון, אָבער די התלהבות, דער אמת'ער ברען האָט ביי איהר אויך געפעהלט. די קאַלטקייט פון דעם איידעם האָט איהר ווי אָפּגעגאָסען מיט אַן עמער קאַלטע וואַסער.

„עבדים היינו לפרעה במצרים, קנעכט זיינען מיר געווען ביי פרעה'ן אין מצרים און גאָט, אונזער גאָט, האָט אונז אַרויסגעצויגען פון דאָרטען מיט אַ שטאַרקע האַנט און אויסגעשטרעקטען אָרעם“.

דאָס איינגעלע האָט זיך אָנפאַנגען צוגעהערט אויפמערקזאַם, מיט זעהר אַן ערנסטע מינע, נאָר אַזוי ווי ער האָט גאָר ניט פערשטאַנען, איז ער אַריבער צום פאָטער און געפאָדערט ער זאָל איהם ערקלערען, וואָס זיי זאָגען. דער פאָטער האָט איהם אַ פּאָר שטעלען ערקלערט און דאָס קינד איז געבליבען צופריעדען און האָט זיך צוגעהערט ווייטער.

אַ היבשע ווײַלע האָט מען געזאָגט די הגדה קאַלטלאַך ביז מען איז געקומען צו „והיא שעמדה לאבותינו“.

“און די דאָזיגע פערזיכערונג איז ביינעשטאַנען אונזערע עלטערן און אויך אונז: וואָרום ניט איינער נאָר האָט זיך אויפגע־

הויבן געגען אונז צו פערטיליגען אונז: אין יעדען דור הויבט זיך עמיצער אויף געגען אונז און וויל אונז פערניכטען, נאר הקדוש ברוך הוא ראטעוועט אונז פון זייערע הענט".

דער איידעם האט די דאזיגע ווערטער אנגעהויבען צו זאגען מיט'ן האלב יוצא־ווענעדיגען נגון. נאר ווען ער איז געקומען צו די ווערטער: „אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו" האט זיין קול א ציטער געטהאן. די זכרונות פון די לעצטע מהומות אין רוס־לאנד זיינען צו פריש, אז די ווערטער זאלען איהם איבערלאזען קאלט.

די אלטע האט א שוידער געטהאן. אלע שרעקען און גרוילען פון דער לעצטער צייט האבען זיך בולט געשטעלט פאר איהרע אויגען, און זי איז ווידער א מאל געווען אין דער היים, אבער איצט האט זי ניט געזעהן קיין סדר, געפראוועט מיט אלע צערע־מאניעס, זי האט איצט געזעהן מענשען צושראקענע, ווי זיי נעהמט אפ הענט און פיס פון דעם מינדעסטען קלאנג, פון דעם קלענסטען גערויש... די קיטלען האבען שוין ניט מעהר קיין יום־טוב'דיגען אויסזעהן, נאר זיי דערמאנען לעבעדיג בעגראבענע און די היסב־בעטס, און די מה נשתנה ליכטלאך פערשפרייטען יענעם מרה שחורה'דיגען שיין פון די ליכט ארום א בר־מנן...

„און די מצרים האבען אונז שלעכטס געטהאן, און האבען אונז געפייניגט..."

אוי, טאטעלע פאטער, ווי שווער, ווי שווער זיי האבען אונז געפייניגט, ווי שלעכט, ווי שלעכט זיי האבען אונז בעהאנדעלט! נאר די אלטע האט איצט ניט געהאט אין זינען פרעה'ן פון מצרים. זי האט געטראכט פון דעם נייען פרעה, פון די נייע פייניגער, פון די נייע שלעכטס־טהוער, פון וועמעס הענט די קינדער האבען איהר ארויסגעריסען. דער נייער פרעה איז נאך אפשר ערגער פון די אמאליגע פרעה'ס אין מצרים. פרעה האט נאר גוזר געווען אויף זכרים און האט זיי געגעבען א גרינגען טויט, און ביי דעם נייען פרעה איז די גזירה אויף אלעמען, מען שאנעוועט ניט קיין זכר, קיין נקבה, קיין יונג, קיין אלט, אפילו קיין קינדער אין די וויגען

און נאך וואס פאר א מתנות דער איצטיגער פרעה האט אויסגע־טראכט...

מיט וואס פאר א קנאה האבען דאס אויף איהר געקוקט איהרע שטערטעלדינגע, וואס זי קען זיך ארויסרייסען פון דעם בלוטיגען לאנד. וואס פאר א ווילדע קלאנגען עס האבען זיך ארומגעטראגען, מיט וואס פאר א שרעק, מיט וואס פאר א ציטערניש האט מען דאס ערווארט דעם פסח. אז מען האט זיך געלעגט שלאפען האט מען ניט געוואוסט, מיט וואס די נאכט וועט זיך ענדיגען, און אז מען איז אויפגעשטאנען אין דער פריה האט מען ניט געוואוסט וואס דער טאג וועט ברענגען...

זי האט א ווארף געטהאן א בליק ארום זיך. ווי רוהיג עס זיצען איהרע ליעבסטע און טהייערסטע. ווי אנדערש עס זעהען אויס זייערע פנימ'ער פון די, וואס זי האט איבערגעלאזט אין דער היים. פון די שכנים דערגרייכען פערשיעדענע קלאנגען, נגונים. דא הערט זיך א קול פון דער הגדה, דארטען עפעס א זמר'ל, א פרעהליכעס, דא רייסען זיך קלאנגען פון א פארטאפיאן און דאר־טען שפרינגען בעקאנטע נגונים'לאך פון עפעס אן אינסטרומענט. די גאנצע הויז שאלט, זינגט, שפיעלט און איז פרעהליך.

— „כמה מעלות טובות למקום עלינו—"

פאר וואס קומט עס יענע אין דערהיים אזוי פיעל צרות, אזוי פיעל ענוים און איהר אזא גליק. ניט איהר אייגענער זכות איז איהר אין דעם בייגעשטאנען. זי האט זיך גאר ניט אזוי פער־דיענט ביי גאט, אז ער זאל איהר ווייזען אזא חסד.

דער איידעם האט גענומען דעם בעכער אין האנט און געזאגט מיט א ווארעמען קול:

„לפכך אנחנו חייבים, דעריבער זיינען מיר מחויב צו דאנקען, צו לויבען, צו ריהמען, צו בעשיינען, צו דערהויבען, צו פערעה־רען, צו בענשען... איהם, וואס האט געטהאן די אלע נסים פאר אונזערע עלטערן און אונז וואס האט אונז אויסגעצויגען פון קנעכט־שאפט צו פרייהייט, פון טרויער צו פרייד, פון קלאג צו יום טוב, פון פינסטערנים צו גרויסען ליכט, פון אונטערטהעניגקייט צו אויס־לייזונג, און לאמיר צו איהם דערפאר זינגען א נייע ליעד, הללויה".

ביי דער אלטער אין די אויגען האבען זיך געוויזען טרערען. און זי האט שטייף, שטייף צוגעדריקט צום הארצען רבקה'לען, וואס איז די גאנצע צייט געזעסען רוהיג ביי איהר אויפ'ן שוים. דאס קינד האט צו איהר אויפגעהויבען די אויגלאך און די טרערען האבען זיך אראפגעקייקעלט צום קינד אויפ'ן פנים'על.

— וויינסט? — האט דאס קינד געפרעגט.

אלע האבען אויף איהר א קוק געטהאן און מיט די אויגען געפרעגט, וואס דאס בעדייט.

די אלטע האט זיך ווי פערשעמט און געענטפערט:

— ניין, איך וויין ניט; ניין, איך וויין ניט.

איהר קול איז געווען פערשטיקט און פון די אויגען האבען זיך געגאסען טרערען אהן אן אויפהער.

— איך וויין ניט, — האט זי ווידער אמאל געזאגט און גע־ריבען זיך די אויגען. איך ווייס ניט, מיט וואס האב איך דאס אזוי זוכה געווען ביי דעם אויבערשטען...

נאר זי האט ווייטער ניט געקענט רעדען.

אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און ארומ־געשטעלט זיך ארום איהר.

— דאנ'ט קראי! (וויין ניט.) — האט צו איהר געזאגט מיט א פערקלעמטען קול דאס איינגעלע.

זי האט די ווערטער ניט פערשטאנען, נאר דאס קול'כעל האט גערעט מעהר ווי ווערטער, און דאס האט ביי איהר געעפענט א נייען קוואל טרערען.

אין עטליכע מינוט ארום האט דער איידעם אויסגעלאזט מיט א פרעהליכען קול:

ברוך אתה ד' גאל ישראל!

און אלע האבען זיך גענומען צו די כוסות.

* *

שוין א צייט מיט יאהרען ווי זיי אלע האבען ניט געהאט אזא פרעהליכען און בעהארצטען יום טוב ווי דעם איצטיגען. נאר די זכרונות פון דערהיים זיינען ווי א שאטען געהאנגען איבער זייער שמחה.

# ויהי בחצי הלילה.

וואו נאר עני האט בעגעגענט א בעקאנטען די לעצטע פאר וואָ־כען פאר פסח, האט זי איהם אפגעשטעלט און מיט א חנ'עוודיגען שמייכעל געזאגט:

— איהר וועט דאך זיין אין מארס'־זאל צום ערשטען סדר, ניט אמת?

— וואס וועט דארטען זיין אזוינס?

— אה, א. וועט פרעגען די פיער קשיות; ב. וועט ענטפערן די תירוצים. עס וועט זיין א לאט פאן (א סך שפאס).

זי האט געשמייכעלט אזוי זיס, אז זי איז געווען זיכער, דאס דער בעקאנטער וועט געוויס זיין אין מארס'־זאל צום ערשטען סדר.

זי האט די לעצטע פאר וואכען ניט גערוהט. קומענדיג פון דער ארבייט, האט זי זיך אין דער גיך אפגעפארטיגט מיט'ן מיטאג און איז אוועק צו איהרע חבר'טעם און געסטארעט זיך אויפצו־מונטערן זיי, אז זיי זאלען ווירקען אויף זייערע בעקאנטע, אז אלע זאלען זיך צוזאמענקלייבען אין מארס'־זאל. זי האט געפיהלט, אז וואס מעהר עולם עס וועט זיך צונויפקלייבען צום ערשטען סדר, וועט זי אלץ א גרעסערע נקמה האבען אין דעם פאנאטיזמוס, פון וועלכען זי האט געהאט אויסצושטעהן קאלט און ווארעם ביי איהרע פרומע עלטערן אין דער אלטער וועלט, און אין איהר מיסעם (בעל הבית'טע). וועלכע היט איהר אויף יעדען שריט און טריט דעם גאנצען פאר פסח און לאזט איהר ניט צוריהרען זיך צו קיין זאך אין הויז.

פאר עני'ן איז דאס געווען א קאמף מיט א רואה ואינו נראה'דיגען נעגנער, וועלכער האט א גוואלדיגע מאכט, און וואס גרעסער דער

עולם וועט זײַן בײַם ערשטען סדר אין מאַרס׳־זאַל, וועט זי אַלץ א גרעסערען נצחון האָבען איבער דעם געגנער.

נאָר דער עיקר איז געווען, אַז זי האָט אין דעם דאָזיגען אָבענד פון פסח געדאַרפט האָבען עפּעס א צערשטרייאונג, ווי דער סדר אין מאַרס׳־זאַל, וואו קלוגע, פרייזיניגע מענשען וועלען פרעגען קלוגע קשיות און געבען אן אויסדרוק צו די אונצופריעדענע געפיהלען, וואָס שטויסען זיך אין איהר ברוסט. זי האָט שוין אַמאָל פערבראַכט דעם ערשטען סדר איינע אַליין אין איהר קליינעם ענגען קאַמערעל פאַר א בוך, און זי האָט קיין זאַך ניט פערשטאַנען פון דעם וואָס זי האָט געלייענט, און עס איז איהר געווען אַזוי אומעטיג, אַז זי פיהלט גאָר א שרעק צו פערברענגען נאָך אַמאָל אַזא אָבענד צווישען פיער ווענט.

ענדליך איז דער פיעל געווינשטער אָבענד געקומען. דער אייביגער גערויש פון דעם גרויסען קעסעל־גרוב, וואָס רופט זיך „ניו־יאָרק“ איז שטיל געוואָרען. די לבנה האָט זיך געמאַטערט אריינצושיקען איהר ווייכען ליכט אין דעם גהעטאָ, נאָר די הויכע מויערען האָבען מיט חוצפּה אָפּגעשטויסען די זילבערנע שטראַהלען, און אונטען איז געווען א טרויעריגער אויסמיש פון דונקעלע שאָטענס און א בלאַסע ליכטיגקייט. פון די גרויסע אימה׳דיגע הייזער, אָנגעשטאָפּט מיט מענשען, האָט זיך געזעהן יענע האַוועניש, וואָס קומט פאַר א יום־טוב׳דיגער רוה.

עני איז געשטאַנען ביי זיך אין קאַמערל פאַר׳ן קליינעם שפּיגעל וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. זי איז שוין געווען אינגאַנצען אָנגעטהאָן. זי האָט איצט צום לעצטען מאָל אומגעדרעהט דעם קאָפּ צו זעהן, ווי דאָס קלייד ליגט פון הינטען. אין דער מינוט האָט זיך אין קיך דערהערט א פרעהליכער קול:

— גוט יום־טוב!

דאָס איז שוין דער בעל הבית געקומען פון שוהל. זיין פרעהליכער קול האָט איהר אויפגעוועקט פון איהרע געדאַנקען, און זי האָט געזאָגט צו זיך:

— א שמחה מיט איהם! ער וועט האָבען אַכט טעג בויכוועהטאָג.

זי האָט דעם קאָפּ צוגערוקט צום שפּיגעלע, אריינגעשטאָכען די שפּילקע אין הוט און איז גלייך ארויסגעגאנגען.

*　*　*

מארס׳־זאַל איז געווען פול, ווען זי איז אהין אריינגעקומען. זי האָט איהרע בעקאנטע בעגריסט אויף מיט א „גוט־יום־טוב" און ארויסגעזאָגט עם מיט׳ן זעלבען ניגון ווי דער בעל הבית. אלע האָבען געלאכט מיט׳ן גאנצען הארצען. דער קשיא־פרעגער און דער תירוץ־זאָגער זיינען נאָך ניט געווען, נאָר אהן זיי איז אויך געווען פרעהליך. העל האָבען געברענט די גאַז־לעמפּלאַך, יום־טוב׳דיג זיינען געזעסען יונגע מענשען אין א קופּקע און מען האָט דערווייל שטיל געזונגען „פאר זיך" מאַלאַראָסישע וועסניאַנקעס. אין א צווייטען אָרט האָט זיך איינער צווישען א רערעל מיידלאַך מעלאָדראָמאַטיש ערקלערט אין ליעבע און געווענדט זיך צו זיין שוואכקייט אלס צו „שרה דבריא", און די מיידלאַך ארום האָבען פערהילכט דעם זאַל מיט זייער געלעכטער. ענדליך איז דער פאָרזיצענדער א ר ו י ף אויף דער פּלאַטפאָרמע, און דער גערויש איז געוואָרען אביסעל שטילער. באלד האָט זיך אויך געוויזען דער קשיא־פרעגער, און אין זאַל איז געוואָרען שטיל.

באלד האָבען זיך אָנגעהויבען די קשיות. די פערזאַמעלטע זיינען געווען אין אַזאַ מוטה, ווען מען לאכט פון דעם גאנצען הארצען פון א ליאדע וואָרט און מען אַפּלאָדירט פייערדיג דעם מינדסטען וויץ.

די קשיות האָבען זיך געדרעהט ארום דער אייביג־מענשליכער נארעשקייט און די אַפּלאָדיסמענטען האָבען א לאנגע ווייטע פּערטויבט די פערזאַמעלטע נאָך יעדער קשיא. מיט דער זעלבער וואָרעמקייט האָט מען בעגעגענט דעם תירוץ־זאָגער און זיינע תירוצים. עני האָט געקליבען פערגעניגען פון יעדען וואָרט און האָט וואָרעם אַפּלאָדירט.

א זייגער עלף האָט זיך דער סדר געענדיגט. בעקאַנטע, העפליכע קאַוואַלירען, האָבען עני׳ן בעגלייט אהיים און דעם גאנצען

וועג האט מען ווידערהאלט די שארפזיניגערע קשיות און מען האט ווייטער געלאכט, געלאכט פון פולען הארצען.

* * *

ביי דער בעל־הבית'טע איז דער סדר נאך ניט געווען געענדיגט, און ווען עני איז דורכגעגאנגען פארביי דער טהיר צו זיך אין צימער, האט צו איהר דערגרייכט דאס זופעניש פון דער פסח'־דיגער עברי, וואס האט זיך געענדיגט ביי יערען זאץ מיט „ויהי בחצי הלילה". זי האט מיט איהר שליסעל געעפענט די טהיר פון איהר קאמערל און עטליכע מאל ווידערהאלט מיט א שמייכעל: „ויהי בחצי הלילה". אריינקומענדיג אין צימער, האט זי אנגע־צונדען דעם גאז, אויסגעטהאן דעם הוט און א היבשע צייט גע־קוקט אין שפיגעלע. איהרע בעקעלעך, וואס זיינען איצט געווען רויט און דער גלאנץ אין איהרע אויגען זיינען איהר געווען זעהר געפעלען, מעהר ווי אלע מאל, און זי האט ביי זיך בעשלאסען, אז זי איז געווען די שענסטע אין מארס'־זאל. די יונגע לייט האבען זיך ארום איהר ארומגעדרעהט מעהר ווי ארום אלע אנדערע, נאר איהר הארץ ציהט ניט צו זיי. זי וואלט וועלען נושא חן זיין ביי אזא יונגען מאן, ווי דער קשיא־פרעגער אדער דער תירוץ־זאגער... זי איז אזוי אפגעשטאנען א היבשע צייט און ווען זי האט זיך אב־געריסען פון דעם שפיגעלע איז זי געווען א ביסעל מעלאנכאליש. זי האט פאמעליך אראפגעצויגען איהר קלייד, לאנגזאם לויז געמאכט דעם קארסעט און אנידערגעזעצט זיך אויפ'ן בעטעל.

— אחד מי יודע? אחד אני יודע, האט דערגרייכט דעם בעל הבית'ס קול פון קיך.

מערקווירדיג, איהר טאטע זיצט איצט אין א פערווארפען קליין שטעדטעלע אין דער ליטא, און איהר בעל־הבית זיצט דא אין ניו־יארק — איינער אין איין עק וועלט און דער צווייטער אין דעם צווייטען עק וועלט — און דאס זעלבינע נגונ'דעל, דער זעלבער קוועטש: „א־אחד מי יוד־דע".

— א־ארבע אמ־מהות, שלושה א־אבות...

אין איהר מארך שווימט ארויס איהר היים, די ערשטע סדר־נאכט, איהר טאטע מיט א שיווליכער בארד, אין ווייסען קיטעל.

אנגעלעהנט אויף דער הסב־בעט, די מאמע אין א ריין געפרעס־טען יאקעל און קליידעל, דער יונגערער ברודער אין א נייעם גאר־ניטער, די „מה־נשתנה"־ליכטלעך אין ריין אויסגעשייערטע לייכטער אויפ'ן טיש, די וועגט פריש אויסגעקאלכט, פון די ריינע קלארע שויבען גיסט זיך אריין א דערקוויקענדע ליכט פון דער פולער קיי־לעכדיגער לבנה.

— ששה סדרי מ־משנה, חמשה חומשי תו־ורה...

ווער איז דאס יונג מיידעלע, דאס שעהן יונג מיידעלע מיט רויטינקע בעקעלעך פון די עטליכע האלבע כוסות וויין, וואס זיצט ביים סדר? זי הערט זיך צו די ווערטער, וואס וואקסען מיט יעדער מינוט און ווידערהאלען זיך מיט דעם זעלבען נגון און זי קלויבט נחת.

— אחד עשר כוכבי־יא, עשרה דברי־יא...

עשרה דבריא! עס קלינגען איהר אזוי שען, אזוי משונה'דיג שעהן די צוויי ווערטער, און ווארט ביז דער טאטע וועט אין דעם וואקסענדען זמר'ל ווידער צוקומען צו די „איאס" און זי וועט קענען אריינשיסען מיט'ן טאטען צוגלייך אין „עשרה דבריא".

— חד גדיא־א, ח־חד גדיא...

די פלוצליכע ענדערונג אין דעם נגון, האט איהר ארויסגע־רופען פון איהרע פאנטאזיעס. זי וועט ניט זיין אין דער היים. זי איז פערווארפען אין דעם צווייטען עק וועלט, ערגעץ אויפ'ן ווי־פיעלטען עטאזש אין א חושך'דיג קאמערעל, איינע אליין, און מאר־גען מיט'ן סוויסטש פון דער פאבריק לויפען אין שאפ, טרייבען פון זיך דעם שוויים... ווייסט די מאמע, וואס פאר א פרעהליכען יום־טוב איהר חיה'לע האט דאדערט?

— ואתא כלבא ונשך לשונרא, דאכלה לגדיא...

די עראינערונגען פון דער ערשטער סדר־נאכט אין דערהיים, פערבונדען מיט די יונגע יאהרען, ווען דאס הארץ האט זיך גענר־מען דאס ערשטע מאל צאפלען פון אונבעוואוסטע געהיימניספאלע געפיהלען, ווען די פאנטאזיע האט געקראגען שטאלענע פליגלען און אלץ ארום האט זיך געוויזען פאר די אויגען אין ראזע קאליר,— די עראינערונגען האבען געגען איהר ווילען ארויסגערופען פאר איהר

די טרויעריגע ווירקליכקייט, און עס האָט איהר פערשטשימעט דאָס האַרץ; און עס איז איהר זויער געוואָרען אין האַלז און טרערען זייַנען צוגעטראָטען צו די אויגען. און א ווילדע, שאַרפע בענקעניש נאָך דער היים, נאָך דער מאַמען, נאָך דעם טאַטען, נאָכ׳ן סדר, נאָכ׳ן „ויהי בחצי הלילה“ האָט איהר שטייף ארומגעכאַפּט, און ווען פון קיך האָט דערגרייכט צו איהר דער מעלאַנכאָלישער אָפּשטאַרבענדער נגון פון דעם לעצטען פערז פון „חד־גדיא“, איז איהר קאָפּ אראָפּגעזונקען אויפ׳ן קישען, און ניט אראָפּנעהמענדיג דעם לייזען קאָרסעט, ניט פערדרעהענדיג דעם גאַז, איז זי אין אַלעמען א לאַנגע צייט געלעגען איינגעגראָבען מיט׳ן פּנים אין קישען, ביז זי איז איינגעשלאָפען און האָט אפשר געזעהן אין חלום, אז זי איז ווידער א יונג מיידעלע און זיצט ביים ערשטען סדר מיט טאַטע־מאַמע און זינגט „עשרה דבריא“...

# דער חלום.

(פאר־פסח'דיגע ערצעהלונג פון דעם אידישען לעבען אין אמעריקא)

יודע לייב האט זיך אפגעזיפצט מיט'ן געוועהנליכען זיפץ, וואס מען לאזט ארויס נאך א שווערען טאג ארומפאדען און האלטען זיך אויף די פיס, און מען זעצט זיך שוין ענדליך אנידער וויסענדיג אז די אויסגעמאטערטע ביינער וועלען האבען א לענגערע רוה. דאס איז געווען א לאנגער, פיעל גארענדיגער זיפץ וואס האט זיך אנגעהויבען שווער כמעט ווי מיט א קרעכץ און געענדיגט זיך שטיל, שטיל, ביז די גאנצע לופט פון די לונגען איז אויסגעלעדיגט געווארען.

מיט א מיעדער בעוועגונג האט ער א קוק געטהאן פוןביידע זייטען, צו די פיער גאלאנען וואס האבען פרעהליך, יום־טוב'דיג ארויסגעשטעקט זייערע העלזלאך פון די נייע קלארע שטרויענע העמדלאך, זיינען קיינעם ניט אין וועג. האט זיך א פאר מאל א רוק געטהאן אין זיין זיץ, וואס איז אויסגעקומען אין א ווינקעל אין וואגאן פון דער דריטער עוועניו עלעווייטעד. כדי צו זיצען בעקוועמער, האט ארויסגענומען פון קעשענע א צוקנייטשטע אידישע צייטונג, וועלכע ער האט שוין עטליכע מאל אנגעהויבען צו לייענען אין דעם פערלויף פון דעם טאג, נאר יעדעס מאל האט ער געמוזט אוועקוואַרפען אין מיטען, ווייל איצט איז געווען די צייט פון אלע צייטען, איצט איז געווען זיין יריד און ער האט זיך ניט געטארט פערגינען א מינוט רוה.

יודע לייב איז געווען א פעדלער פון משקה און טהעע. ער האט קיין מאל ניט געקענט פערשטעהן פאר וואס די דאזיגע ביידע פרנסות געהען האנט אין האנט אין אמעריקא און האט בשום אופן ניט גע־

קענט איינזעהן די שייכות פון ווייז מיט טהעע. נאר אזוי איז דאס שוין איינגעפיהרט, און פוןביידע פרנסות איז איהם געבליבען געננ צייט צו פערשילטען קאלומבוס'ן די יאהרען.

יודע לייב איז שוין ניט געווען קיין יונגער מאן. ער איז שוין געווען קרוב פון פופציג. אין אמעריקא איז ער געקומען מיט א יאהר אנדערטהאלבען צוריק און האט מיט זיך געבראכט עטליכע דאלאר. אין דערהיים איז ער געווען א פיינער בעל הבית, ער האט אין מארק געהאט א גרויסע אכסניא, וואו עס פלעגען געוועהנליך איינשטעהן אלע דורכפאהרענדע מגידים, גאסטראלירענדע חזנים, קליינשטעדטעלדיגע איסבארסטשיקעס. יודע לייב אליין האט זיך אין דער אכסניא ווייניג געמישט, זיין ווייב איז געווען אן אמת'ע אשת חיל, א ברייטע בעל הבית'טע, די ארבעל שטענדיג פערקא־טשעט, א גרויסער בינטעל שליסלאך פערשטעקט אין ספארניצע, שטענדיג אויף די פיס, מיט אן אויג אויף אלץ, און די איינציגע הילף וואס ער פלעגט קענען געבען אין שטוב איז געווען צו שאבען פיש. דאס איז געווען אן ארבייט אין וועלכער ער האט ארויסגע־וויזען גרויס השלמות, און ער האט צו דער ארבייט ניט צוגעלאזט קיינעם, ניט די דיענסט, ניט דעם משרת, און ניט אפילו זיין אשת חיל. נאר א חוץ דער ארבייט האט ער כמעט קיין זאך ניט געטהאן. זיין ראווגען האט ביי איהם אוועקגענומען א האלבען טאג, בין מנחה למעריב האט ער געזאג פאר'ן עולם עין יעקב אין מר־ליארסקער קלייזעל, און נאך מעריב האט מען געשמועסט וועגען פאליטיק, וועגען אמעריקא, וועגען גזרות אויף אידען און וועגען די אנדערע טויזענדע ענינים, וואס האבען פון אייביג אן אינטע־רעסירט די חכמי ליזשאנקע.

אין די לעצטע צעהן יאהר אבער איז די פרנסה אין אכסניא גע־פאלען, עס האבען זיך מעהר ניט געהערט די פרעהליכע טרעלען פון די חזנים, די תורה־ווערטלאך פון די מגידים, די גראבע המצאות און וויצען פון די איסבארסטשיקעס. דער אייביגער ליארעם און גע־פילדער, דער קאך און דער הו־הא זיינען אפגעשטארבען, דער ריח פון געבראטענע געגזלאך און געפילטע פיש, מיט וועלכען די לופט איז געווען שטענדיג אנגעזאפט, איז פערשוואונדען. די פיינע

אורחים האבען זיך זעלטען געוויזען, די אכסניא האט אנגעהויבען צו פוסטעווען, אויף די ווענט האט זיך אויסגעשפרייט א מרה־שחורה, די לופט איז געווארען דריקענד, און ווען א חזן איז אמאל אין א שמיטה פערפאהרען און ער האט גענומען פרובען זיין כלי, האט עס אויסגעזעהן, אזוי ווי ער קלייבט זיך צו מאכען אל מלא רחמים אויף דעם, וואס דא איז אמאל געווען. חנה לאה, יודע לייב׳ס ווייב, איז א לאנגע צייט ארומגעגאנגען ווי א שאטען, און הגם די ארבעל זיינען נאך אלץ געווען פערקאטשעט, איז דאס אבער געווען מעהר פון רגילות, און די הענט וואס האבען פריהער געהאט אזוי פיעל בעוועגונג, זיינען ביי איהר געווארען ווי קלעצלאך. די פיס זיינען איהר געווארען שווער און זי האט זיך געמוזט אלע ווײלע צוזעצען. אין א פאר יאהר ארום האט זי אנגעהויבען צו קרענקען און דערפון איז דער חורבן אין שטוב געווארען נאך גרעסער. פון די פיער קינדער וואס זיי האבען געהאט זיינען די עלטערע צוויי זיהן שוין געווען פערהייראט און זיינען געווען אין א גרויסער שטאדט. די אינגערע צוויי קינדער, א בחור און א מיידעל האבען בעשלאסען צו פאהרען אין אמעריקא און אנהויבען א נייען לעבען אין א נייען לאנד. און אזוי ווי אין דערהיים האט זיך די לאגע ניט פערבעסערט און דערצו האבען זיך נאך אנגעהויבען די שרעקען פון די פאגראמען האבעןביידע קינדער פון אמעריקא אנגעהויבען צו פאדערן, אז טאטע־מאמע זאלען קומען צו זיי, און נאך א לאנגען ישוב הדעת האט יודע לייב צוזאמענגעקליבען אזוי פיעל מזומן, ווי ער האט געקענט און איז מיט׳ן ווייב געקומען אין אמעריקא.

ביידע קינדער האבען געארבעט אין א שאפ און זיי זיינען קיין עשירים ניט געווען. חנה לאה האט גלייך איינגעזעהן, אז עס איז קיין תכלית ניט אוועקצונעהמען ביי די קינדער זייער שווער־פערהארעוועטע „פיי" און נאך א בעראטה צווישען זיך איז בע־שלאסען געווארען, אז יודע לייב זאל זיך נעהמען צום פעדלען מיט וויין און טהעע. דאס איז אן ארבייט צו וועלכער מען דארף קיין קענטנים, קיין לשון ניט האבען און פיעל ער וועט ניט פערדיענען וועט מען ווי עס איז אויסקומען, בפרט אז די עטליכע דאלאר וואס זיי האבען מיט זיך געבראכט זיינען נאך געבליבען ניט געריהרט.

די לאנדסלייט האבען אויף איהם געלעגט כבוד און געהאלפען איהם מיט א זיפץ: אז אך און וועה, אז רבי יודע לייב זאל אויף די עלטערע יאהרען דארפען שלעפען זיך איבער די הויכע טרעפ און פערלען. זיי זיינען געווען צופריעדען צו געבען איהם צו לייזען, אגב האבען זיי גערארפט אנקומען צו זיין לאסקע און ער איז געווען א ניצליכער מענש אין יעדען הויז, וואו ער איז אריינגעקומען. ביי איהם האט מען ריכטיג געקענט אויסגעפינען, ווען ביי וועמען עס פאלט אויס א יאהר־צייט, ווען מען דארף זאגען האלב הלל אדער גאנץ הלל, איהם האט מען געקענט בעטען ער זאל אנשרייבען א בריעף אהיים אדער אן אדרעס, ביי איהם האט מען געקענט פרע־גען א רפואה צו א זייגער וואס האט זיך פלוצים פון העלער הויט אוועקגעשטעלט און וויל זיך ניט ריהרען פון ארט, כאטש גיט איהם א קדחת און נאך א סך, א סך אזעלכע נייטיגע זאכען... נאר ליידער זיינען די לאנדסלייט קיין טרינקער ניט געווען, און אז איינער האט גענומען אמאל א האלבען גאלאן ווייז איז ער שוין מיט איהם גע־ווען פערזארגט אויף א האלב יאהר. און די איינציגע צייט ווען זיין פערלען האט איהם געקענט עפעס אריינברענגען איז געווען פאר פסח. צו א טרינקער צו ניט קיין טרינקער, ארבע כסות דארף יע־דער איד האבען און אין די פאר וואכען איז יודע לייב פון אין דער פריה ביז שפעט אין אבענד געקראכען אין די בייסמענטס, געקלע־טערט אויף די טאפ פלארס און פערזוכט דעם טעם פון ביזי אין אמעריקא.

עס קען זיין, אז די ביזי וואלט איהם געמאכט פערגעסען קאָ־לומבוס'ן, נאר גראד אין די טעג האבען די לאנדסלייט געהאט אויף איהם מעהר רחמנות ווי א גאנץ יאהר.

קיין לאנדסמאן אדער לאנדסמאנקע האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, זעהענדיג, ווי ער גיסט זיך אפ מיט שוויים פון קלע־טערען מיט די שווערע גאלאנען ווייז, איבער די הויכע טרעפ ניט צו בעמערקען מיט א זיפץ:

— אז אך און וועה, וואס אמעריקא מאכט פון א מענשען! געווען אזא פיינער בעל הבית און דא אין אמעריקא — הא, וואס? יודע לייב האט פראטעסטירט און ערקלערט, אז אין געשעפט

איז ניט שייך וואס איז שעהן און וואס איז ניט שעהן. נאר דאס האט ער געזאגט לפנים וועגען, אין הארצען אבער האבען די דאזיגע בעמערקונגען אנגעריהרט א טיעפע וואונד, און ווען ער האט זיך איצט אנידערגעזעצט אז אויסגעמאטערטער, אהן כחות, אן אויסגעהונגערטער אין וואגאן, מיט דער צייטונג פאר די אויגען, איז שוין די וואונד אין הארצען געווען אין גאנצען אפען. די לעצטע פאר יאהרען פון דער היים האט ער גאר פערגעסען און ער האט איצט גאר געדענקט פון דער צייט, ווען ער איז געווען דער חשוב'ער בעל־הבית, דער אנגעזעהענער מאן, דער בכבוד'יגער איד אין שטאדט. ער האט איצט געדענקט, ווי ער איז געזעסען אין קהל־שטיבעל הגם ער האט ניט בעלאנגט צו די כלי קודש און האט געהאלפען טהיילען מעות חטים. ער האט איצט געדענקט, ווי זיין נדבה אויף מעות חטים איז שטענדיג געווען איינע פון די שעהנסטע און דערצו האט ער געהאט עטליכע פאמיליעס וועלכע ער האט אויף פסח בעזונדער געהאלפען. ער האט איצט זיך דערמאנט, ווי זיין מוזיניק איציקעל פלעגט יעדען ערב פסח טראגען די גרויסע בוטלעס וויין און מעד צו די דאזיגע פאמיליעס וואס ער האט געשטיצט, און ווידער א זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון זיין הארצען, נאר דאס מאל איז דער זיפץ געווען פון יענעם מין, אויף וועלכען די חכמים האבען געזאגט, אז ער צוברעכט א האלבען גוף.

זיין בליק איז געפאלען אויף די גלאנצען וויין ארום זיינע פיס, אויף די פעקלאך וואס האבען ארויסגעטארטשעט פון זיינע קעשענעס און ער האט זיך איבערגעפרעגט עטליכע מאל וואס אמעריקא האט פון איהם געמאכט? און איהם האט אויסגעוויזען, אז זי האט פון איהם גערויבט זיין כבוד, האט פון איהם אוועקגענומען זיין ווירדע, האט איהם ערנידריגט צו דער מדרגה פון א האלבען כלי קודש, יא, יא, מען האט איהם שוין אנגעבאטען אין זייער שוהל די שטעל פון א שמש און ער, יודע לייב, דארף זיין ביי זיינע קונדען דער ספר המזכיר פון זייערע יאהר־צייטען און זיין ביי זיי אויף פאכאלקעס!

ער האט צום צעהנטען מאל אנגעהויבען צו לייענען די וויכטיגסטע נייעס פון טאג. דאס איז געווען וועגען די פאגראמען

אין רומעניע. דעם עיקר האָט ער שוין געוואוסט און אין דעם פערלויף פון דעם טאָג האָט ער שוין געהאט די געלעגענהייט צו הערען וועגען דעם און רעדען וועגען דעם פיעל מאָל. נאָר ער האָט איצט גענומען זוכען מעהר איינצעלהייטען. נאָך אלעמען איז דאָס שוין קיין נייעס ניט. די זעלביגע הריגות, ווי עס זיינען געווען אין קישינעוו, אין האמעל, אין אָדעס, אין ביאַליסטאָק און נאָך אין צעהנדליגע אנדערע שטעדט. דאָ שלאָגט א רומענישער הוליגאן און דאָרטען א רוסישער הוליגאן. די זעלביגע וועלפּישע ציינער אין דעם אָרימען שעפעלע.

אין די דאָזיגע געדאנקען האָט ער איינגעדרעמעלט. די מיע־דיגקייט פון דעם גאנצען טאָג, דער אונווילענדער תענית, וואָס ער האָט געבראכען נאָר מיט א גלעזעל בראנפען האָבען זיך אויף איהם אָפּגערופען, זיינע הענט, וואָס האָבען געהאלטען די צייטונג פאר די אויגען האָבען זיך ביסלעכווייז אראָפּגעלאָזט, די צייטונג איז ארונטערגעפאלען, און זיין דרעמעל איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א פעסטען שלאָף.

* * *

ער האָט געעפענט די גלעזערנע טהיר און איז ארויס אויפ'ן גאניק. דער מארק איז געווען לעבעדיגער ווי געוועהנליך, רעדלאָך מענשען זיינען געשטאַנען אין פערשיעדענע פּלעצער און האָבען גערעדט וואָרעם, מאכענדיג האסטיג מיט די הענט. צווישען די רעדלאָך האָבען זיך בעמערקט פיעלע יונגע בחורים'לאָך אין רו־באשקעס און אויך מיידלאָך מיט מאנסבילישע היטעלאָך. אי־אי־אי, האָט ער א שאָקעל געטהאן אונצופריעדען מיט'ן קאָפּ. וואו האָט זיך דאָס הינגעטהאָן די חרפה און די בושה ביי אידישע בחורים, אז זיי קלייבען אוים דוקא אָנצוטהאָן זיך ווי די קאצאפּעס. וואָס פאר א חן שטעקט אין די דאָזיגע העמדלאָך? און אידישע מיידלאָך זאָלען זייער נאָז שטופען אין רעדלאָך אויפ'ן מארק. פע! פע! זיין בליק פאלט פּלוצים אויף א רעדעל לעבען זיין שטוב און ער דערזעהט זיין מוזיניק. יא, ער אויך אין א קאצאפּישע העמדעל. „העי, איציק, אהער קום, שיינעץ!" גיט ער צו איהם א געשריי. איציק קומט צו לויפען מיט א רעוואָלווער אין האנט.

— וואס איז דאס, א רעוואלוער גאר?

— עס ווייזט אויס, טאטע, אז דו ביזט געשלאפען און דו ווייסט גאר ניט, וואס עס טהוט זיך.

— וואס איז געשעהן?

איציק דערצעהלט דעם טאטען אז די קאצאפעס וואס אר־בייטען ביי דער אייזענבאהן האבען זיך צווישעט און זיי קלייבען זיך צו מאכען א פאגראם אויף אידען. נאר זיי האבען א טעות, אויב זיין מיינען, אז זיי וועלען דא טרעפען הילפלאזע שעפעלאך. אה, ניין! אלע בחורים און יונגע לייט האבען פון דער ארגאניזאציע גע־קראגען געלאדענע רעוואלווערם און זיי וועלען געבען די קאצאפעס פעפער צום שמעקען, אז זיי זאלען פערזאגען זייערע קינדס־קינדער.

— דו זעהסט? דאס האבען מיר פאר זיי אנגעגרייט, — זאגט איציק און ווייזט איהם אויף זיינע צוויי אויסגעסטארטשעטע הויזען־קעשענעס. — דאס זיינען קוילען.

איציק לעגט אריין די האנט אין איין קעשענע און נעהמט ארויס פון דארטען א גאנצען הויפען טערקישע נים. יודע לייב בעמערקט צווישען די נים א פאר צווילינגס.

— דאס זיינען דאך גאר נים.

— ניין, דאס זיינען אזעלכע קוילען!

און מיט די ווערטער לויפט איציק אוועק און פערמישט זיך אין א מחנה מענשען.

— איציק! איציק! — רופט ער מיט שרעק, נאר יענער הערט איהם שוין מעהר ניט.

ער וויל זיך לאזען לויפען צו איהם, נאר אין דער מינוט ווערט א מהומה אויף דער גאס. פון דערווייטענס הערט זיך עפעס א מין גערויש, ער קען ריכטיג ניט בעשטימען, וואס פאר א מין גערויש דאס איז, נאר ער פיהלט דעם שרעק, וואס דער גערויש רופט ארויס. די סעדיכעס פון מארק האבען געכאפט זייערע קאשיקעס, ביינק־לאך, טישלאך און געלאזט זיך לויפען מיט ווילדע קולות. די קרע־מער האבען האסטיג גענומען פערהאקען זייערע קראמען און אין א פאר סעקונדען איז צווישען די גרויסע ראנדען קראמען געווא־רען א שרעקליכע, מאוים'דיגע שטילקייט. אזוי ווי אלץ וואלט דאר־

טען מיט אמאָל אויסגעשטאָרבען. ער גיט אַ קוק אויף זיין גלעז־ זערנע טהיר און טראַכט, אז גלאָז איז אַ שלעכטע בעשיצונג פון הוליגאַנעס. דער גערויש קומט צו נעהענטער און ער קען שוין אונטערשיידען בעזונדערע שכור'ע קולות. די ווייבער האָבען אויפ־ געהויבען אַ שרעקליכע יללה, פון אַלע הייזער הערען זיך פערצווייי־ פעלטע געשרייען, דאָס רופען די טאַטע־מאַמעס זייערע קינדער פון גאַס. סטאַפּעטען קומען צו פליהען מיט צושראָקענע פנים'ער און מיט משונה'דיגע האוואַיעס און קוים אָפּכאַפּענדיג דעם אָטהעם מעל־ דען זיי, אז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען. אין מארק האָט זיך אָנ־ געהויבען אַ מהומה. עס איז געוואָרען אַ ווילדער געלאָף אין אַלע זייטען. די קאַצאַפּישע העמדלאַך האָבען זיך אַלע אויסגעמישט אין איינעם. פּיף־פּאַף! קראַך! קראַך! עס הערט זיך איין שאָס נאָכ'ן צווייטען, עס בראַזגען די שויבען איינע נאָך די אַנדערע. ער וויל אריינלויפען אין שטוב, נאָר ער קען ניט ריהרען מיט קיין פוס. ער איז ווי צוגעשמידט צו דער ערד. זיין מוזינקע, רחל'ע, לויפט ארויס צו איהם און שרייט צו איהם און בעט זיך ביי איהם „גיכער, גיכער, קום אריין אין שטוב, טאַטע!" נאָר ער קען זיך ניט ריהרען פון אָרט. זי לויפט צו איהם און הויבט איהם אָן צו שלעפּען פאַר די הענט. ער וויל איהר זאָגען, זאָל זי אַליין אַוועקלויפען, נאָר ער קען דאָס מויל ניט עפענען. פאַר זיך אַליין אָרט איהם שוין ניט, און זיין גאַנצע שרעק איז איצט פאַר איהר, נאָר ער קען איהר ניט וואָרענען, ער איז אין גאַנצען ווי אַ פערגליווערטער. עס האָט איהם אָפּגענומען דער לשון און ער קען מיט קיין גליעד ניט ריה־ רען. זי שלעפּט איהם און טרייסעלט איהם: קום, טאַטע! וואָס שטעהסטו? !

יודע לייב האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר צושראָקענע, פערוואָונ־ דערטע אויגען. איבער איהם איז געשטאַנען אַ הויכער אונבעקאַנ־ טער מאַן אין אַ קאַזיאָנע היטעל, מיט גוי'שע בוכשטאַבען איבער'ן ברילעק און געטרייסעלט איהם. עטליכע סעקונדען האָט ער בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, וואָס ער וויל פון איהם. ער איז אין גאַנצען געווען אונטער'ן איינדרוק פון די שרעקען, וואָס ער האָט איצט איבערגעלעבט. נאָר ווען יענער האָט איהם נאָך אַ פּאָר מאָל

א טרייסעל געטהאָן און געזאָגט: „אַל אַאוט! (אַלע ארויס) און ער האָט גוט געעפענט די אויגען און זיין בליק איז פון דעם קאַזיאַנעם היטעל אראפּגעזונקען אויף די פּיס און ער האָט דערזעהן די גאַ־לאַנען וויין אין די נייע יום־טוב׳דיגע העמדלאַך, איז ער גלייך גע־קומען צו זיך, האָט מיט אימפּעט עטליכע מאָל אויסגעשפּיגען „פּו־פּו־פּו!“ און געכאַפּט די גאַלאַנען וויין מיט ביידע הענט, און מיט א שמייכעל פון א פערזינדיגטען און פון דאנקבארקייט צום קאָנדוקטאָר האָט ער מיט שטייפע טריט געלאָזט זיך געהן צו דער טהיר. ער האָט איצט ניט געפיהלט ניט די משא פון די גאַלאַנען וויין, ניט די מיעדיגקייט פון דעם גאַנצען טאָג, ניט דעם הונגער און איז געווען צופריעדען, וואָס ער איז איצט ניט אין דערהיים און דאַרף ניט איבערלעבען אויף׳ן וואַהר יענע שרעקען, וואָס ער האָט איצט איבערגעלעבט אין חלום.

ווען ער איז געקומען שפּעטער ווי געוועהנליך אהיים און האָט אנידערגעשטעלט א פּאָר פון די ניט־צוגעשטעלטע גאַלאַנען וויין אויפ׳ן פּלאָר, איז אויף זיין פּנים מעהר ניט געווען יענע מינע פון כאַ־וואָלט־אמעריקאַ־איינגעזונקען־געוואָרען־ איידער־איך־האָב־איהר דערקענט. ער האָט א ריב געטהאָן ביידע הענט און געזאָגט מיט א שמייכעל צום מוזיניק, וועלכער איז געזעסען ביים טיש און האָט געגעסען סאַפּער:

— און דו, שייגעץ, געהסט גאָר שיסען מיט טערקישע ניס!

אלע אין שטוב האָבען איהם אַנגעקוקט פערוואונדערט און ער האָט זיי דערצעהלט, וואָס פאַר א חלום ער האָט געהאַט.

# והוא רחום.

קיינער פון די אידישע נגונים דריקט ניט אויס אזא טיפע מרה שחורה, אזא בייַנקעניש, אזא פאַל פון הימעל אויף דער ערד, ווי דער איינפאַכער, פּראָסטער נגון פון „והוא רחום יכפּר און“ וואָס מען הערט געוועהנליך מוצאי יום טוב אין אבענד צו מעריב. דער נגון גיט אזא קוועטש ביים הארצען, אזוי ווי עס פּיהלט א נערוועזער מענש ביים קריצען מיט גלאָז אָדער ווען עס פּערטשעפּעט זיך א ניט דערשאָרענער פּיצעלע נאָגעל אָן א וואָלענע זאַך. עס פּיהלט דער והוא רחום איבער'ן הארצען און א קאַלטער סקרוך געהט איבער'ן לייב.

איך האָב, וואָס איז דאָ צו לייקענען, א סך נגונים פּערגעסען. זיי זיינען מיר אין גאנצען ארויס פון זכרון, נאָר דער נגון פון והוא רחום פון מוצאי יום טוב קלינגט מיר נאָך עד היום אין די אויערען, פּונקט אזוי ווי איך האָב איהם געהערט אין אונזער ליטווישען קלייזעל אין דערהיים, און עס געהט נאָך מיר אזש איצט איבער א קעלט איבער'ן לייב.

„והוא רחום יכפּר און“.

עס קען זיין אז דער טיפער אומעט פון דעם דאָזיגען נגון ליגט ניט אזוי אין דעם נגון גופא ווי אין די אומשטענדען, וואָס רופען איהם ארויס. אָט איז געווען א לאַנגער, לאַנגער יום טוב, א יום טוב מיט סדרים מיט כוסות, מיט קניידלאַך מיט כרעמזלאַך, אין שטוב איז געווען אזא פרישקייט, אזא ריינקייט, אלץ האָט געבלאַנקט, אלץ האָט געפינקעלט, געשיינט; יעדער האָט געפיהלט אזא רחבות, אזא פרייקייט, אזא תענוג. די פּלייצעס האָבען זיך אין די אכט טעג אויסגעגלייכט פון דעם שווערען לאַסט, וואָס איז דעם גאנצען ווינטער געלעגען אויף זיי: **דער אָטהעם איז געוואָרען**

פרייער נאכדעם ווי מען האט די דובולטאווע פענסטער ארויסגע־
נומען און די שטוב איז געווארען אויס תפיסה, אוים פער׳חתמ׳עטע
קעסטעלע און א פרישער לעבעדיגער ווינטעלע האט געבלאזען אין
אלע ווינקעלאך.

והוא רחום יכפר און —

דאס הייסט, זייט געזונט, איהר פרעהליכע, לוסטיגע טעג,
א גאנץ יאהר וועט איצט אריבערגעהן ביז מיר וועלען אייך נאך
אמאל זעהן. די פסח׳דיגע כלים מיט די כוסות וועט מען נאך
היינט ביי נאכט איינפאקען און ארויפטראגען אויפ׳ן בוידעם. פון
דער גרויסער שמחה וועט נאר בלייבען אביסעל צואווארפענע היי
אויף דער פאדלאגע, עטליכע גאנצע מצה, וואס מען וועט ברויכען
די ערשטע פאר שבתים אנשטאט חלה און אפשר נאך אביסעל
מצה־פארפעלאך פאר א חמצ׳דיגער מילכיגער וועטשערע.

והוא רחום יכפר און —

נאך טרויעריגער איז דער נגון פאר׳ן אידישען אינגעל. א סוף
פון די בין הזמנים, געגוג שוין צו שפיעלען זיך, ארומצולויפען, צו
מיינען אז די וועלט איז בעשאפען געווארען נאר פאר פערגניגען.
מארגען, שוין אין חדר אריין, מארגען צום נייעם רבין און אנשטאט
דעם קרוג וואס איינער האט אוועקגעלעגט אין מיטען גאס וועט
זיין דער אקס וואס האט געשטויסען די קוה.

ווער איז נאך געוועזען אזוי גליקליך ווי דאס אידישע אינגעל
פסח־צייט! זיין נייער גארניטערל איז געוועזען א קוואל פון שמחה
נאך חדשים פריהער איידער די סחורה איז אנגעקומען צום שניידער.
פון די סקריפקע אין זיינע נייע שטיוועלאך קען אנקווועלען אבי
וועמעס הארץ און ניט קוקענדיג וואס פאר א קונדס ער איז האט ער
זיך געהיט דעם גאנצען יום טוב ניט ארויפצוטרעטען מיט׳ן פוס
אויף א נאסען פלאץ. ביי די סדרים איז ער געוועזען דאס אויבערסטע
פון שטויסעל, אהן זיינע פיער קשיות האט דער סדר קיין פנים
ניט געהאט. ביים שפיעלען אין נים האט ער ארויסגעוויזען די גרעס־
טע געניטקייט אין קייקלען דעם רעשיל און ער האט געלאכט, גע־
לאכט מיט׳ן פולען הארצען פון דער מאמען און פון דער עלטערער
שוועסטער און פון דער שווענעריז, וואס ביי זיי איז דאס רעשיל

געפלויגען אין אלע זייטען א חוץ אהין וואו די ניס זיינען געווען אויסגעשטעלט, און אלע האבען געלאכט צוזאמען מיט איהם און עס איז געווען אזוי פרעהליך, אזוי לעבעדיג!

והוא רחום יכפר און —

אוועק איז דער פסח פערשוואונדען איז די שמחה פון די בני חורין, אנטרונען איז געווארען דער פרעהליכער גייסט פון דעם פריי־ען יום טוב און ווידער הויבען זיך אן וואכעדיגע שקלאפישע טעג. אפילו די בלאסע לבנה וואס האט צו די סדרים מיט אזא חן, מיט אזא לייטזעליגקייט אריינגעקוקט אין די פענסטער און איהרע זילבערנע שטראהלען האבען געוועקט די פאנטאזיע און געוועבט דעם בריק צו די עולמות עליונים, האט זיך איצט בעהאלטען און מען זעהט איהר מעהר ניט.

והוא רחום יכפר און —

איהר געדיינקט דעם „אהיים, אהיים" וואס כלי־זמרים שפיע־לען נאך א חתונה? יענער נגון האט א סך וועניגער געבראכען דאס הארץ ווי דער והוא רחום. דאס איז א שפרונג פון גרויסער ליכ־טיגקייט אין מצרים־פינסטערניס, א פאל פון הימעל אויף דער ערד.

# ספירה.

א שלייער פון אבלות האט זיך פערשפרייט איבער דער שטאדט.

דער אומעט נאך א גרויסען יום טוב לאזט זיך שטענדיג פיה־לען גאנץ שארף. די שמחה פון יום טוב לאזט איבער א בייזנקעניש אין הארצען און עס גדויערט א לענגערע צייט, ביז די גליקליכע איינדריקע ווערען אפגעריבען. נאר נאך פסח איז דער אומעט א סך גרעסער און די בייזנקעניש פיעל טיעפער.

עס איז ספירה.

דרעהען זיך ארום מענשען ווי שאטענס איבער'ן מארק, און ווייסען אליין ניט, וואס זיי זוכען און וואס זיי ווילען. עס איז ניטא וואס צו טהאן אין דערהיים, און נאך וועניגער האבען זיי צו טהאן אין גאס.

זיצט דער שוסטער ביי זיין ווארסטאט און לאטעט אן אלטען שוך. קיין נייע שיך וועט איצט קיינער ניט בעשטעלען, לכבוד דעם גרויסען יום טוב האבען זיך אלע בעשוכט און קיין שטאך ארבייט איז ניטא אויף א רפואה. נאר קיין אלטע שיך לאטען זיינען איצט אויך ניטא. און ער כאפט זיך ארויס אין גאס מיט די פערסמאלעטע הענט, געהט ארום שלינג און שלאנג און שעמט זיך פאר זיך אליין, וואס ער געהט ארום לעדיג און אן אומעט איז אויס־געגאסען אויף זיין פנים.

עס איז ספירה.

קוקט איבער דער שניידער נאך אמאל זיין יתור, בעטראכט יעדע שטיקעל בעזונדער און ווייסט פארט ניט, וואס דערפון צו מאכען. גארניטערלאך פאר זיינע אינגלאך האט ער שוין געמאכט און פאר זיך קיין בגד קען ניט ארויסקומען און נאך א לאנגען ישוב הדעת גיט ער א שליידער אלע שטיקלאך אין א ווינקעל, קומט ארויס אין גאס, וואו א ווארעמער העלער שטראהל פון דער זון הענגט

זיך אָן אַן דער נאַרעל, וואָס איז פּערשטעקט אין זיין קלאַפּע, און ווערט באַלד צושפּרונגען אין קליינינקע גאַלדענע פּערדימלאַך. ער בלאָנקעט אַרום מיט אַ פערזוייערטען פּנים און האָט אפילו קיין מוט ניט צו פערלענגען די הענט אַהינטער.

עס איז ספירה.

שטעהען די קרעמער פערזאַמעלט אין אַ רעדעל און עפּענען ניט קיין מויל. קיינער האָט ניט קיין חשק צו רעדען, נאָר עס איז ניט אַזוי אומעדיג, ווען מען שטעהט צוזאַמען. אויף פּסח האָט מען זיך אויסגעבייטעלט און צאָהלונגען קומען אונטער. און יעדען בעזונדער דאַרט דער קאָפּ, וואָס וועט מען ענטפערען דעם אַגולניק, און טיעפע קנייטשען ליעגען אויפ׳ן שטערן.

עס איז ספירה.

זיצט דער צירולניק אין דער אָפענער טהיר אויפ׳ן שוועל פון זיין שטיבעל און קוקט מיט אומעדיגע אויגען אין דער לופט. קיי־נער קומט ניט אריין שערען זיך און ער ווייסט, אַז נאָך לאַנג וועט קיינער פון די תושבים ניט קומען, נאָר ער קען פון זיין שטי־בעל ניט אַוועקגעהן. ווער ווייסט, אפשר וועט אַנטראַגען אַ פּויער צום אָבסקראָבען די מאָרדע אָדער אפשר וועט נאָך איהם שיקען אַ אָפיציער פון פּאָלק. אויף אַזאַ שליח קוקט ער אויס די אויגען אַלע מאָל. עס איז ניט נאָר אַ גוטער פּערדיענסט צו שערען אַן אָפי־ציער, נאָר דאָס איז אויך עפּעס אַזוינס, וואָס קען צופּריעדענשטע־לען דעם קינצלער. אויף די תושבים איז די שעהנע שערערייע אַרויס־געוואָרפען. אַז מען שערט זיי מיט „טרעפ“, וועלען זיי אויך ניט ווי־סען. די פּויערים ווייסען נאָר פון איין נוסח, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ האַלבע לבנה מיט אַ געגאָלטען קאַרק. און דער איינציגער אמת׳ער מבין איז דער אָפיציער און אַז מען שערט איהם איז טאַ־קע אַ נחת פאַר דער נשמה.

און דער צירולניק זיצט אויפ׳ן שוועל און קוקט אויס די אויגען אויף אַ שליח וואָס קומט ניט, און פערטריקענט זיינען די מולינעס אין ראַזיר בעכער און לעדיג ליגט דאָס שערעלע.

עס איז ספירה.

און די אינגלאך אין חדר וואַרטען און קענען זיך ניט דער־

ווארטען אויפ'ן מאַיאָוועז פאַרנאַכט און אזוי גיך ווי מען פערמאַכט די ספרים, לאָזט זיך אוועק א גאַנצע חברה הינטער דער שטאָדט. די סטאַטעטשנע קינדער וואָס האָבען ערשט זייערע יונגע שטערענס געקנייטשט איבער א האַרבער יורידישער פראַגע אין גמרא, זיינען איצט פערוואַנדעלט געוואָרען אין קונדסים; אויפן גרינעם ווייכען גראָז הינטער דער שטאָדט איז זיי ניט צו דערקענען, זיי שפּרינגען, באָרוקען זיך, קייקלען זיך. די זון האָלט שוין ביים אונטערגעהן. און דער אַנגעפאַרבטער הימעל אין מערב זייט לאָזט וויסען אז עס איז שוין לאַנג צייט מנחה דאַוונען, נאָר אין שטיפען און אין שפּיע־לען האָבען זיי אלץ פערגעסען, פערגעסען אפילו דעם דאַוונען.

נאָר אין אבענד אז דער קונדס קומט אהיים און וואַרט אויף זיין וועטשערע דערמאָנט זיך דער טאַטע, אז ער האָט זיין קדיש אין בית המדרש ניט געזעהען צו מנחה־מעריב און ער גיט איהם א פרעג:

— זוהנעלע מיינער, וואו ביזטו צו מנחה־מעריב געוועזן?

— ניט געוועזן אין בית המדרש.

— דאָס ווייס איך גוט, מיין זוהנעלע, נאָר וואו האָסטו געדאַ־וועגט?

— געדאַווענט? וואו האָב איך געדאַווענט?

— יא, מיין זוהנעלע, וואו האָסטו געדאַווענט?

עס איז אָבער ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס דער קונדס בעגעהט אזא חטא און דער טאַטע ווייסט זיין שוואַכקייט. און דער קונדס איז שוין א געניטער אין דעם און ווייסט זיך ווי אויסצודרעהען, און ער ענטפערט גאַנץ מוטהיג: — אין זאַרעטשער קלויז.

אז עס איז פאַרהאַן אזא קלויז ווייסט דער קונדס און ער ווייסט אויך אז מען וועט איהם ניט קענען כאַפּען ביי א ליגען, ווייל ער דאַרף דערצו קיין עדות ניט ברענגען. נאָר גאָר אונערוואַרטעט פאַלט א דונער אין דער פאָרם פון דער אונגעריכטער פראַגע:

— און וועלכע ספירה איז היינט געוועזן?

וועלכע ספירה?

געה ווייס וועלכע ספירה. אז אין זינען איז גאָר געלעגען צו שפּרינגען און שפּיעלען זיך!

און דער קונדס ווייסט שוין איצט אויך, אז עס איז ספירה.

# שבועות.

## (זכרונות פון די קינדערשע יאהרען)

שבועות קומט! שבועות קומט!

אין אונזערע אידישע מקומות, וואו דאס גאנצע הארץ פון א שטעדטעל איז געדיכט בעזעצט מיט אידען, און נאר די אויסער־שטאָרטיגע גאסען צעהלען עטליכע קריסטליכע הייזער, איז דאס זיינען זיי ארומגעצאמט מיט הויכע פארקאנעס, מיט די טהירען צו די הויפען, און מען הערט ניט און מען זעהט ניט קיינעם, אויסער אמאל א גרויסען געלען הונד, וואס שטעלט זיך אין דעם אריינגאנג פון טהויער און הארכט זיך צו צו דעם ווייטען און שטילען גערויש פון שטעדטעל, — אין אזעלכע מקומות איז קיין וואונדער ניט, אז די לופט אליין ווערט ערב יום טוב פול מיט א געשריי: — דער שבועות קומט! דער שבועות קומט!

און אלע זיינען שטארק פארנומען, מען מאכט הכנות צו בעגעגענען דעם פיינעם גאסט, וועלכער מאכט ניט קיין גרויסע האוואיעס און קומט ניט מיט שטארקע פרעטענזיעס: איהם מאכט ניט אויס, וואס פיר א כבוד דו גיסט איהם, איהם מאכט ניט אויס, וואו דו גיסט איהם דעם כבוד, און ער איז ניט מקפיד ווען דו גיסט איהם דעם כבוד, און ועל כלם שטעהט ער נים לאנג און מאכט דיר ניט קייז גרויסען לאסט.

שבועות קומט! שבועות קומט!

און די מאמע איז פער׳הב׳עוועט, חלה מיט ראזינקעס און מיט זאפרען, און זעמעלאך, און א יום־טוב׳דיגער מאלצייט אויף ביי נאכט; דער טאטע איז א קינסטלער צו מאכען פויגעלאך פון אויסגעבלאזענע אייער און אויף די דינע ווייסע פעדעמלעך, וואס

זיינען אַנגעטשעפּעט אָן די באַלקענס, שוועבען אַרום די אייער־פויגעלאך; איך מיט מיין אינגערן ברודער לויפען אויפ׳ן סענאַ־זענץ אַנרייסען אַאיר, מיר לויפען און איילען זיך, ווייל מען דאַרף נאָך אויסקלעפּען אַלע פענסטער מיט שבועות־צאַצקעס. איך האָב אַ גאַנצען מחזור אויסגעלייגט מיט די צאַצקעס, איך האָב ווי שמשון הגבור רייסט דעם לייב, און ווי דער פּאַסטוכ׳ל דוד דער׳־הרג׳עט גלית הפלשתי, און ווי משה רבנו גיט די לוחות און גלאַט אויסשניצונגען פון פאַנטאַסטישע ברואים, האַלב לייב און האַלב אָדלער, האַלב מענש און האַלב פיש, עס פעהלט נאָר אונטערצו־שרייבען די נעמען, און יעדער וואָלט אין זיי דערקענט אַ ביבליש אָדער לעגענדאַריש בילד.

דער שבועות קומט! דער שבועות איז געקומען!

פריש שמעקט דער גרינער אַאיר, וואָס איז אויסגעשפּרייט אין געהאַקטע שטיקלאַך איבער דער פּאָדלאָגע, פריייליך וויגען זיך די פויגלאַך איבער דער שטוב, לוסטיג ווינקען די שבועות צאַצ־קעס פון די פענסטער, מחיה׳דיג שמעקען די זעמעלאַך און מיר ווייסען, אַז דאָס איז נאָך ניט אַלץ, עס געהט נאָך אָב דער עיקר, די בלינצעס אַליין, נאָר דאָס וועט זיין מאָרגען און ניט היינט די ערשטע נאַכט.

דער טאַטע זופּט ביים טיש די... תקון שבועות, אַ מהלך רב דורכצוגעהן, און וואָס פריהער מען הויפּט אָן אַלץ גיכער וועט מען קומען צום ציעל. די גוט בעקאַנטע עברי פון חומש רופט אין מיר אַרויס אַ באַגער אויך צו נעהמען אַ תקון שבועות און מיר דוכט, אַזוי ווי איך בין אָקאַרשט פון חדר־ביינקעל, וועל איך ניט נאָר קענען זופּען, נאָר אפילו קענען מאַלען. איך קלאַפּ טאַקע ווי אַ מיהל. נח יאָגט אדמ׳ן און אברהם פערטרייבט מיט איין בלאָז נח׳ן, משה גיט אַ פּאַך מיט׳ן שטעקען און גאַנץ בראשית ווערט אין איין אויגענבליק פערשוואונדען, און דאָ שטעהט בלעם מיט זיין בלינד אויגעל און קוקט זיך איין, ווי די פּאַנאָראַמע בייט זיך אַזוי געשווינד.

די מאַמע קען זיך פון מיר זאַט ניט אָנקוקען, איהרע אויגען שטראַהלען פאַר תענוג. „איהר זוהן וועט געוויס אויסוואַקסען אַ

רב, א גדול בישראל, ער זאגט ווי א וואסער", ניט אומזיסט צאהלט זי שכר למוד.

נאכ'ן עסען הויבט דער טאטע זיך אן צו קלייבען אין בית המדרש.

— דו געהסט אויך? פרעגט מיך די מאמע, און וויל מיך מיט דער פראגע אונטערגעבען חשק.

איך בין נאך צו יונג, אז איך זאל מיך איינשפאנען אין דעם שווערען יאך פון אידישקייט, נאר איבערזיצען די נאכט אין שוהל געפין איך ניט פאר א יאך, איבערהויפט אז איך טהו דאס פריי־ווילig, אגב בין איך זיכער, אז איך וועל דעם ערשטען מנין ניט פערשפעטיגען, און וועל האבען א גאנצען טאג פריי און וועל קע־נען געהן אויפ'ן פעלד זעהען, ווי די קאזאקען מושטירען זיך. איך געה מיט מיט'ן טאטען און געפין אין בית המדרש די אלע, וואס ווייסען ניט פון שוויצען איבער א מלאכה א גאנץ ערב יום טוב, זיי זיצען שוין איבער די תקונים און זופען, און זופען, און זופען...

איבער'ן קארק שטעהט קיינער ניט און עס איז דאך געגוג, אז „חציו לד'" און די זאגער, אדער ריכטיגער געזאגט, די זופער פערזאמלען זיך אין א קופע און עס הויפט זיך אן יענער שמועס, וואס ציהט זיך מסתמא פון דער צייט, וואס איז אויסגעבויט גע־ווארען דער ערשטער בית המדרש און וועט אהן ספק אנהאלטען אפילו דארטען, וואו די צדיקים וועלען זיך פערקלייבען מיט די גאלדענע קרוינען אויף די קעפ און וועלען נהנה זיין פון דער לויטערקייט פון דער שכינה...

איך בין געווען זעהר ציקאווע אויף די שמועסען און אויב דער בית המדרש האט מיך געשלעפט צו זיך, זיינען אין דעם געווען צו פערדאנקען ביז א געוויסען גראד די דאזיגע שמועסען. דא האב איך געקריגען מיין שטיקעל ידיעה אין פאליטיק, דא בין איך געוואר געווארען פון די אידישע נייעס און פון די אידישע גבירים און נדיבים, דא האב איך זיך דערוואוסט פון די רויטע אידלאך, און פון גלגולים, און פון וואס א מויל קען ריידען, און איידער איך האב זיך ארומגעזעהען, האט שוין אנגעהויבען צו

טאָגען און די פענסטער פון בית המדרש זיינען בעגאָסען געוואָרען מיט א בלאָקיים.

דער דאַווענען מעהט שלעפעריג, יואל איטשע דער שיינקער מאַכט המצאות. ער איז די גאַנצע נאַכט געשלאָפען אין דערהיים און איז נאָר געקומען צום ערשטען מנין. ער איז אן אלטער בעל הבית און מען ווייס אז ער האָט געלד, און דער עולם לאַכט פון זיינע המצאות, עס לאַכען אפילו אזעלכע, וואָס הערען איהם ניט, און לאַכען נאָר אויף אנדערע קוקענדיג. אין מזרח ווינקעל, וואו יואל איטשע שטעהט ווערט צו לעבעדיג, און דער שמש, פאָלגענדיג א ווינק פון דער צווייטער זייט מזרח, גיט א פאַטש אויף דער בימה און לאָזט דערמיט מודיע זיין, אז עס זאָל זיין שטיל. יואל איטשע לאָזט אראָב דעם טלית איבער'ן קאָפּ ווי א בעל מוסף צו „הנני העני ממעש“ און הויבט זיך אָן צו שאָקלען הין און צוריק מיט גרויס התלהבות. דער עולם פערשטעהט, אז דאָס דאַרף זיין א המצאה און לאַכט נאָך העכער, דער שמש אליין לאַכט אויך. דערפון ווערט דער גאַנצער בית המדרש לעבעדיגער, און ווען עס קומט צו מוסף איז דער עולם שוין ארויסגעשלאָגען פון שלאָף.

נאָכ'ן דאַווענען איילט דער עולם אהיים: גוטע זאַכען וואַרטען איצט אויף יעדען איינעם אזוי פיעל, אז מען קען ניט וויסען, וואָס צו טהאָן פריהער: קדוש, זעמעלאַך מיט קאַווע, דאָס הייסט ציקאָריע מיט מילך, בלינצעס און א סעודה!

די מאַמע וויים ניט, וואָס צו געבען אונז פריהער, א שפּאָס א גאַנצע נאַכט זיינען מיר געזעסען אין בית המדרש און מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, און כאָטשע זי האָט אויך כמעט ווי ניט געשלאָפען נאָך א שווערען ערב יום טוב, נאָר אומשטיינס געזאָגט אויף וואָס זיינען אוועק איהרע וואַכעדיגע שטונדען: זי האָט זיך געפּורקעט ביים אויווען און מיר זיינען געזעסען אין בית המדרש על התורה ועל העבודה!...

דער טאָג איז א שעהנער פריהלינגס־טאָג, און די גאַסען ווערען בעלעבט, פון אלע ווינקעלאַך שיטען זיך ארויס יונג און אלט, מאַן און ווייב, אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג. מען געהט אין געסט און דאָ און דאָרטען לויפט א איינגעל אדער א

מיידעל דורך מיט א געליהענע סקאווערארע אין האנר. עס איז א דוחק אויף סקאווערארעס, א געסעל האט קוים איינע און אלע דארפען אויסגיסען בלינצעס.

היינט איז מען ניט מקפיד אויף בשר וחלב. מיין מוהמע ביילע עסט ניט א גאנץ יאהר פליישיגס מיט מילכיגס אין איין טאג, כאטשע געשריבען שטעהט, אז ווארטען דארף מען ניט מעהר ווי זעקס שעה. היינט אבער עסט זי אויך מילכיגע בלינצעס און דערנאך א פליישיגען ווארעמעס, כאטשע עס קען זיין, אז אין די צייהנער איז פארבליבען א שטיקעל קעז. מען זאגט אפילו אז שבועות מעג מען עסען מילכיגס נאך פליישיגס, נאר עס: מאלע וואס מען זאגט!

ביי נאכט צו מערבית איז וויטער פרעהליך, יואל איטשע קעהרט אלע רגע אום דעם קאפ דא צו איין שכן און דא צום צווייטען און טהיילט איין ומתחת זרעות צו איינעם און ירגזון יריעות צום צווייטען. און אז יואל איטשע טהוט עפעס, לאכט מען, וואס ער זאגט ניט, איז א המצאה.

דער צווייטער טאג געהט אריבער און דער גאנצער יום־טוב פערשווינדעט אזוי ליכט ווי א פריהמארגענדיגער חלום, און ביים וואכענדיגען ברכו קוקט זיך יעדער ארום האלב פערוואונדערט: איז ער שוין אוועק? שוין ניטא?

דער יום־טוב איז אוועק און האט מיט זיך אוועקגעשלעפט דעם מרה־שחורה'דיגען שלייער, וואס די ספירה־טעג האבען פער־צויגען איבער'ן שטעטעל און יעדער פינקלט זיך פערגרינגערט.

# ווען דער הימעל שפּאַלט זיך.

שבועות האָט פאַר מיר געהאַט גאָר אַ בעזונדערען רייץ. דער רייץ איז אָבער ניט געווען צוליעב די שבועות צאַצקעס, אין וועלכע איך בין געווען זעהר פּערקאַכט. איך האָב אין די לאַנגע ספירה טעג פיעל מאָל ארויסגעמאַכט זיך פון אַן אַנבייסען כדי אויף די אָבגעשפּאַרטע עטליכע גראָשען ציהען שבועות צאַצ־קעס. איך האָב זיך ניט בענוגענט מיט די, וואָס איך האָב געקענט קויפען, און איך האָב געוואָלט האָבען אַזעלכע, וואָס איך האָב מיט אָרימע גראָשענס ניט געקענט דערוויזען. און די איינציגע ברירה איז געווען צו געהן אויף איינס: אָדער געווינען עפּעס רעכטס אָדער גאָר פערלירען. און איינשטעלען די צוויי גראָשען אין קאָן און ציהען די שבועות צאַצקעס איז געווען גענוג צו האַל־טען מיך אין אַן אויפגערעגטען צושטאַנד עטליכע שטונדען פאַר דעם, און ארויסרופען אַ גאַנצע קאָמבינאַציע פון רעכנונגען און פּסיכאָלאָגישע צייכענס עטליכע שטונדען נאָכ'ן ציהען. מיר האָבען געצויגען פון אַ גרויסען אַלטען חומש, וואו די שבועות צאַצקעס זיינען געווען אויסגעלעגט אַ בלאַט איבער אַ בלאַט. אברהם גרשון דער שניצער פון די צאַצקעס האָט דעם חומש גע־האַלטען צווישעןביידע הענט אַזוי, אַז די בלעטער זאָלען זיין ניט צו שטאַרק צוזאַמענגעקוועטשט און אין דער זעלבינער צייט ניט צו לויז, אַז מען זאָל קענען מאַכען עפּעס סימנים. דער ציהער האָט געהאַלטען אַ מעסערעל און מיט'ן קלינגעל אריינגעשטאָכען צווישען די צוויי בלעטער. נאָר עס רעדט זיך אריינגעשטאָכען. יעדער שטאָך האָט געקאָסט צוויי גראָשען, וואָס האָט אָפט פאַר'ן אינגעל בעדייט אַ גאַנצער אָנבייסען אָדער וואַרעמעס און דער אינגעל האָט אַזוי גיך דעם מעסערעל ניט אריינגעשטאָכען און

עס האט זיך אנגעהויבען א דינגעניס. דער אינגעל האט גע׳טענה׳ט אז די בלעטער זיינען צו שטייף צוזאמענגעדריקט און מען קען דאס מעסערעל ניט אריינשטעקען. זיין כונה דערביי איז געווען, אז די בלעטער זאלען זיין לכל הפחות, אזוי אפען, אז מען זאל קענען כאפען א בליק, צו עס שטעקט דארטען א שבועות צאצקע צו ניט. און אברהם גרשון האט געשריען, מען זאל אזעלכע לאנגע שהיות ניט מאכען, און ווען מען זאל קענען אבשאצען די אויפ־רעגעניס, צוהיצקייט און די איבריגע קלעפ פון די יונגע הערצלאך בשעת׳ן ציהען וואלט דאס אליין אפשר מעהר ווערטה געווען, ווי די צוויי גראשען. און עס האט מיך טאקע געצויגען ווי א קליפה דערצו און איך בין אין די שבועות צאצקעס געווען זעהר פער־קאכט. נאר ניט זיי האבען געהאט פאר מיר דעם רייץ פון שבועות.

דער אמת׳ער רייץ איז געווען אין תיקון שבועות.

אבער דא דארף איך גלייך מודה זיין זיך, אז דער צויבער איז ניט געלעגען אין דעם תיקון שבועות גופא. די טרוקענע זא־געריי האט ווייניג געקענט רעדען צו מיין יונגער פאנטאזיע. די ווערטער זיינען געווען אלטע בעקאנטע און אזוי ווי זייער בעקאנט־שאפט האב איך געמאכט אין א חדר מיט דעם רבי׳ס ציפלינקע פאר די אויגען, זיינען זיי אפט געווען פערבונדען מיט גאר ניט קיין אנגענעהמע עראינערונגען. דער איינציגער וואונדער וואס די טרוקענע זאגעריי האט ביי מיר ארויסגערופען איז געווען די פלינקייט, מיט וועלכע די סדרות זיינען געפלויגען איינע נאך דער אנדערער. דער אמת׳ער צויבער איז געווען ארום דעם תקוי שבועות.

איך האב געוואוסט, אז אין דער דאזיגער נאכט, וואס מען זאגט תקון שבועות שפאלט זיך דער הימעל. איך האב געוואוסט, אז אזוי ווי די שפאלטונג פון הימעל געדויערט ניט מעהר ווי א הרף עין, איז דער בעסטער נוסח צו ברויכען די קורצע צוויי ווער־טער „כל טוב.“

נאר ניט די מאטעריעלע גליקען, וואס מען האט געקענט פערשטעהן אונטער די ווערטער „כל טוב“ האבען מיך אינטערע־סירט. און דער אמת איז, אז ביי מיר איז געווען פעסט בעשלאסען

צו האלטען דאס מויל שטייף פערמאכט און ניט ארויסברייננגען קיין קלאנג. איך האב געוואוסט, אז מען קען דערביי כאפען אמאל א מאוס'ען פסק און איך האב ניט געדארפט איינשטעלען. מיר איז געווען וואויל ווי די וועלט און קיין בעסערס האב איך אפילו ניט געוואוסט צו ווינשען.

אבער די שפאלטונג פון הימעל אליין איז געווען געווען געוונג ארומ־צוריגלען דעם יום טוב און דעם תיקון שבועות מיט א זעלטענעם רייץ. עס איז געווען אזוי מורא'דיג די ערווארטונג צו זעהען ווי דער הימעל שפאלט זיך. איך האב זיך אפילו ניט געקענט משער זיין, וואס די שפאלטונג וועט אנטפלעקען. נאר דאס איז געווען אזוי סוד'עסדיג, אזוי מיסטעריעז, אז דער פערלאנג צו זעהען דעם געשפאלטענעם הימעל האט איבערשטיגען אלץ.

שוין ביי דער סעודה דעם ערשטען אבענד שבועות בין איך געזעסען אויף שפילקעס ביים טיש. דער טאטע, דער עלטערער ברודער האבען צווישען איין געריכט און צווייטען געזוכט אריינ־צוכאפען אזוי פיעל תקון ווי נאר עס האט זיך געלאזט, נאר איך האב געוואלט זיין וואס גיכער אין קלויז. איך האב פערשטאנען אז די שפאלטונג וועט מען גיכער קענען זעהען אין קלויז ווי אין שטוב.

איך בין געזעסען ווי אויף שפילקעס און די יום טוב'דיגע סעודה איז מיר ניט איינגעגאנגען, און איך האב ניט געקענט בעגרייפען ווי אזוי די עלטערע פערהאלטען זיך אזוי קאלטבלוטיג, אזוי רוהיג. ווען יעדע רגע, קען פארקומען דער גרויסער וואונדער.

אין קלויז איז געווען א קליינער עולם און בשעת זיי זיינען געזעסען איבערן תיקון שבועות, בין איך געשפרונגען פון איין פענסטער צום צווייטען און געקוקט אויפ'ן הימעל.

מיינע יונגע נערווען זיינען געווען אנגעצויגען, און מיין אונגעדולד און אונצופריעדענהייט מיט די עלטערען איז געוואק־סען. מיט יעדער שטונדע שפעטער איז דער קליינער עולם אלץ קלענער געווארען ארום טיש, און אלע ווילע האט זיך איינער אויפגעהויבען און פערשטעקט זיך אין א ווינקעל כאפען א דרעמ־על.

— שפּאר זיך צו א ווײלע, זאָגט צו מיר דער טאַטע מיט א רחמנות, געמישט מיט שטאָלץ איז זיין קול.

איך בין זיך מודה, איך האָב אויף איהם אויף א קוק געטהאָן מיט רחמנות. ווי קען מען גאָר אין אזא צייט טראַכטען וועגען צושפּארען זיך! ווי וואַכעדיג אזא געדאַנק איז!

עס האָט מיר אויסגעדאַכט, אז א גאַנצע אייביגקייט איז אריבער. איך בין ענדליך צוגעגאַנגען צום טאַטען און געפרעגט:

— ווען עפענט זיך דער הימעל?

אזוי וואַרטען איז געווען איבער מיינע כחות. איך האָב גע־מוזט האָבען א בעשטימטע צייט.

— יעדע רגע קען עס געשעהן, מיין קינד, ענטפערט ער מיט א פרומען קול און זיין בליק ווערט פערטראַכט.

איך הויב אן צו מאַכען סברות, אז מסתמא איז דאָס ניט אזוי גרינג צו זעהען, ווי דער הימעל עפענט זיך. עס וואָלט אין קלייזעל געקומען ניט אזא קליינער עולם, און די פערזאַמעלטע וואָלטען זיך אזוי גרינג ניט געלאָזט פאַנגען פון שלאָף, ווען דאָס וואָלט געווען אזוי גרינג אבצוהיטען. אפשר האָט זיך שוין דער הימעל געשפּאָלטען און איך האָב ניט בעמערקט.

— טאַטע! רוף איך פּלוצים אויס אין דער הויף.—טאַטע, קום אהער! קום אהער! זעה דאָרטען! דאָרטען!

דער טאַטע איז צוגעקומען צום פענסטער, א קוק געטהאָן צום מזרח זייט, וואו איך האָב אנגעוויזען און מיט א דומפּען קול געזאָגט:

— יא, מיין זוהן, עס הויבט שוין אן צו טאָגען.

הגם עס איז געווען איינס פון די גרעסטע פערגעניגענס מיינע צו דאַוונען דעם ערשטען טאָג שבועות מיט׳ן ערשטען מנין, איז מיר איצט מיין פערגעניגען געשטערט געוואָרען און א טיעפע קלע־מענים האָט אנגעפילט מיין יונגע הערצעל, און ערשט ווען עס איז געקומען צו אקדמות האָב איך זיך צוריק גענומען דורכדרינגען מיט׳ן גייסט פון יום טוב.

# געגעסען די בלינצעס.

ליבע קיילע איז אפשר מעהר געווען בעהאוועגט אין איהר צאינה וראינה ווי וועלכער איד אין אשרי, און עס איז ביי איהר געווען אן אייביגער צער, וואס אן אשה דארף ניט טראגען אויף זיך אזא שווערען עול פון דער תורה ווי א מאנסביל. עס האט איהר אייביג אויסגעוויזען, אז מען האט איהר געקריוודעט דער־מיט וואס מען האט פאר איהר גרינגער געמאכט אידישקייט, ווי פאר א מאנסביל.

זי האט זיך מיט לייב און לעבען געסטארעט צו טהאן פיעל מעהר, ווי מען האט איהר געבאטען. זי איז יעדען פריה־מארגען געגאנגען אין שוהל דאווגען און זי איז געווען א גליקליכע, אז זי האט געקענט אריינכאפען אן איבעריגע קדושה. און אפילו צו מנחה ומעריב האט זי זיך וועז נאר זי האט געקענט אריינגעכאפט הערען א קדושה. שבת איז זי דעם גאנצען טאג פון נאך ווארעמעס ביז מנחה אבגעזעסען איבערן צאינה וראינה און געלייענט מיט טעם, מיט'ן ריכטיגען אבשטעל און מיט דעם ריכטיגען טראפ. די לשון־קודש'דיגע ווערטער זיינען ביי איהר ארויסגעקומען גלאט און אז זי האט געלייענט וואס דער בחיי שרייבט, איז ביי איהר ניט געווען סתם געזאגט, נאר זי האט פערשטאנען זיין גאנצע כונה.

תעניתים האט זי געהאט פיעל מעהר ווי אלע אנדערע. עס איז פשוט ביי איהר געווען א קרן אריינצוכאפען אן איבעריגען תענית. און געפאסט האט זי ניט פון יוצא ווענען, ניט סתם איבערגעקומען א תענית, נאר מיט כונה און מיט חשק און האט ניט געמאכט קיין שום קרומע האוואיעס דערביי. זי האט ניט אויסגעקוקט די אויגען אויף שטערן, און האט זיך ניט צוגעכאפט

נאכדעם צום עסען מעשה זולל וסובא. זי האט פערצויגען דעם תענית אזוי שפעט, ווי עס האט זיך געלאזט, אזוי ווי זי וואלט וועלען ווייזען דעם העגט ניט געוואשענעם, אז איהר איז קיין זאך ניט שווער אבי צו טהאן זיין רצון, און קיין מאל האט זי ניט גע־געסען אזוי ווענינ, ווי נאך א תענית.

מילכיגם און פליישיגם האט זי אין איין טאג ניט געגעסען. זי האט פערשטאנען, אז דעם בורא איז ניט ניחא ווען מען מישט מילכיגם און פליישיגם, און זי האט דעריבער ניט געוואלט וויסען פון דעם היתר, אז פריהער מילכיגם און נאכדעם פליישיגם איז רעכט, אדער אז נאך זעקס שעה מעג מען עסען מילכיגם נאך פליי־שיגם. פאר איהר איז דאס געווען צופיעל פלפול און זי האט פערשטאנען, אז ווען זי וועט ניט עסען ביידע סארטען מאכלים אין איין טאג וועט זי בעסער אבהיטען איהר נשמה.

דאס אלץ פלעגט זי דערווייזען מיט אזא לייכטקייט, אז קיי־נער האט אפילו ניט געוואוסט, אז זי איז מעהר אבגעהיט ווי אנדערע. איהר בעשיידענקייט איז געווען אזוי גרוים, אז זי וואלט שטארק געליטען, ווען זי זאל וויסען, אז איהר פרומקייט ציהט אויף זיך איבעריגע אויפמערקזאמקייט. איהר וואלט עס אוים־געוויזען, ווי א מין בעריהמעריי, און דאס האט זי גערעכענט פאר א ביטערע עבירה.

אז א שכנה אדער בעקאנטע פלעגט איהר אמאל פרעגען:

— זאגט מיר, איך בעט אייך, ליבע קיילינקע, איז דאס טאקי אמת, אז איהר עסט ניט קיין מילכיגם און פליישיגם אין איין טאג?

האט זי זיך דערפיהלט פערשעהמט און ארויסגעמאכט זיך פון א גלייכען ענטפער.

— געזונד זאלט איהר זיין, אזעלכע נארעשקייטען ליגען אייך אין קאפ.

א גאנץ יאהר איז איהר געווען גרינג צו זיין אבגעהיט, ווי זי האט געוואלט, נאר אז עס איז געקומען שבועות, האט זי זיך דאס ערשטע יאהר אין גאנצען פערלארען.

שבועות אהן בלינצעס איז א שטייגער ווי פורים אהן המן

טאשען, פסח אהן קניידלאך אדער שמחת תורה אהן קרעפלאך. די בלינצעס גיבען צו א געוויסען חן דער צערעמאניאלער זייט פון דעם גרויסען יום טוב שבועות, און זי האט אפילו קיין מחשבה ניט געקענט האבען אוועקצונעהמען פון דעם יום טוב דעם איבע־ריגען חן. נאר אין דער זעלביגער צייט האט דאס געהייסען צו עסען מילכיגס און פליישיגס אין איין טאג.

און דאס ערשטע יאהר האט זי שטארק געדארפט טראכטען, ווי זי זאל זיך נוהג זיין. ביים מאן האט זי קיין עצה ניט געקענט פרעגען, ווייל ער איז געווען א פראסטער בשר ודם און ער וואלט איהר אויסגעלאכט. ביי קיין פרעמדע האט זי אודאי ניט געקענט פרעגען. ווער איז זי, וואס זי וויל זיין בעסער פון אנדערע? און דער צאינה וראינה האט איהר אויף דער פראגע אויך קיין ענטפער ניט געקענט געבען.

עס פערשטעהט זיך, אז זי האט לכבוד שבועות אנגעבאקען זעמעלאך און אנגעפרעגעלט בלינצעס און דער מאן האט פון זיי געלעקט די פינגער און די קינדער האבען זשעדנע געבעטען נאך. די מאמע און די ווייב אין איהר האבען געקוואלען, וואס זיי האבען אזא הנאה פון דעם יום טוב'דיגען עסען. נאר זי אליין האט זיך שטארק געשלאגען מיט דער דעה, צו זאל זי ברעכען איהר זהירות צו ניט.

עס וואלט איהר געווען א סך גרינגער ניט צו פערזוכען קיין זאך פון די מילכיגע שבועות'דיגע געריכטען און בלייבען ביי איהר אבגעהיטקייט. נאר דאס האט איהר אויסגעוויזען א מין פער־שוועכונג פון דעם גרויסען יום טוב.

און עס איז געווען לכבוד שבועות, וואס זי האט בעשלאסען צו נעהמען א בלינצע אין מויל, און עס איז געווען לכבוד דעם גרויסען יום טוב, וואס די בלינצע איז זיך ממש צוגאנגען איהר איז מויל, און זי האט ניט נאר קיין שברת הלב דערפון ניט געהאט נאר פערקעהרט זי האט געפיהלט עפעס ווי א מין פקוח נפש.

בלינצעס איז בלינצעס.

# נ י י ן   ט ע ג.

דער גערדיכטער שאַטען וואָס האָט זיך אויסגעלעגט איבער׳ן שטעדטעל שבעה עשר בתמוז, איז נאָך געדיכטער געוואָרען מיט׳ן אַנקומען פון די ניין טעג. אויב ביי אימיצען איז נאָך פערבליבען אַ אויסדרוק פון פרייד, איז ער פערדעמפּט געוואָרען ביים בלויזען דערמאָנען, אַז דאָס זיינען די ניין טעג. נידריגער זיינען געזונקען די קעפּ און טיעפער זיינען געוואָרען די זיפצען.

ניין טעג!

עפּעס שווערמוטהיגעס איז געהאָנגען איבער דעם גאַנצען שטעדטעל און האָט אַלעמען געדריקט. זיצט שמואל־בער דער קצב, מיט אַ גרויסער בראָדעווקע אויף דער אונטערשטער ליפּ, מיט אַ צוקאַזשעטער שוואַרצער באָרד, מיט לאַנג ניט געשוירענע האָר מיט אַ פערשמאַלצענעם היטעל, און אַרום שטעהען די אַנדערע קצבים, די עלטערע מיט פערלעגטע הענט אָדער אויפ׳ן ברוסט אָדער אהינ־טער און די אינגערע מיט די הענט אין די קעשענעס. מען האָט דאָ גערעדט מענינא דיומא און שמואל בער, וועלכער זיצט יעדען בין מנחה למעריב און שבת ביי טאָג ביי דער רעכטער האַנט פון דעם עין יעקב און מדרש זאָגער, איז געווען בעהאַווענט אין די אגדתות און ביי אַ געלעגענהייט האָט ער געהאָט וואָס צו דערצעהלען.

גערעדט האָט ער מיט די טענער פון דעם זאָגער. אויסגעצויגען און מיט הסברה און די אַנדערע קצבים האָבען זיך צוגעהערט מיט דעם פּאַסענדען טאָיער, וואָס דער ענין און די צייט האָבען גע־פאָדערט.

נאָר מעהר ווי אַלץ איז זיי געפעלען געוואָרען, ווי יענער אורח האָט אייגנעטהיילט די יוהן ביים טיש און אַלע האָבען מיט איין קול בעמערקט:

— אט דאס זיינען געווען חכמים!

און שמואל בער האט, ניט קוקענדיג אויף דעם טרויער, גע־האט א נחת רוח פון דער באמערקונג, אזוי ווי א טהייל דערפון וואלט געווען געמיינט פאר איהם.

די הינט וואס האבען א גאנץ יאהר אבגעלעקט א ביינדעל ביי די יאטקעס, האבען זיך איצט דא הונגעריגע ארומגעדרעהט, געקוקט מיט טרויעריגע אויגען צו די יאטקע־קלעצער און מיט זייער הינטישען שכל ניט געקענט בעגרייפען, פאר וואס איז זייער גרעס־טער טהייל חיונה מיט אמאל אבגעהאקט געווארען. איין געלבליכער הונט האט זיך אבגעשטעלט פאר דעם פערזאמעלטען רעדעל מענ־שען און האט א פאר מאל א האווקע געטהאן. א יונגער קצב, וואס איז געשטאנען צו איהם נעהענטער פון אלע, האט איהם ערקלערט:

— נארישער כלב, פערשטעהסטו ניט, אז איצט זיינען די ניין טעג? קיינער עסט איצט ניט קיין פלייש. קום ערב שבת, וועסטו כאפען א ביינדעל.

דער געלבליכער הונט האט פערריסען דעם קאפ, געקוקט איהם אין די אויגען, געדרעהט מיט'ן עק און איז אוועקגעלאפען ווייטער.

דער טייך איז שוין פון שבעה עשר בתמוז געווען פערלאזט און אויב עס זיינען געווען ווייסע חברה'ניקעס, וואס האבען ניט געקענט בייסטעהן דעם נסיון פון דעם קיהלען וואסער אין די גרויסע היצען, האבען זיי איצט שוין פון טייך געוויכט, און נאר א דיענסט מיי־דעל פון א גבירישען הויז איז אהין געגאנגען נאך וואסער פאר'ן סאמאוואר.

אויפ'ן מארק ווערט דוקא פיעל לעבעדיגער פארנאכט ווי גע־וועהנליך אין זומער. קינדער, מיידלעך, ווייבער שיטען זיך ארויס פון די פערווארפענסטע געסעלעך מיט פענדלעך אין די הענד און לויפען אין מילך קראם נאך מילך פאר וועטשערע.

אין די הייזער, ווערגערט מען לאקשען אדער מען האקט פאר־פעלעך און בשעת דעם ווערגערען און בשעת דעם האקען טראכטען די פרומע ווייבער וועגען איידעלע אידישע טעכטער וואס זיינען

אין די טעג פון הונגער אויסגעגאנגען אין ירושלים און זיי זיפצען צום טאקט.

אבער אין יענער צייט האט זיך דער טרויער ניט שווער גע־לענגט אויף אונז חדר אינגלאך. מיט'ן אנקומען פון די ניין טעג האט זיך אנגעהויבען די ארבייט פון מאכען שווערדלאך אויף תשעה באב. און מיר זיינען אזוי אריין אין דער קונסט פון דעם מאכען די שווערדלאך, אז מיר האבען אפילו פארגעסען דעם צוועק, צוליעב וועלכען מיר האבען עס געטהאן.

ביי אונז אין שטעדטעל זיינען געוועזען קאזאקען און זייערע שווערדען האבען געדארפט זיין פאר אונז דער מוסטער, אבער זיי־ערע שווערדען זיינען אויסגעבויגען און פיעל מיר האבען זיך ניט געמאטערט, פיעל מאזאליעס מיר האבען ניט אנגעקוועטשט אויף די הענט האבען מיר אזעלכע שווערדען ניט געקענט דערוויייזען. און נאכדעם ווי מיר האבען זיך אנגעמאטערט און אפגעשוויצט און אי־בערגעפיהרט א שינדעל, וואס האט געקאסט א קאפיקע אין מזומנים, האבען מיר זיך געמוזט נעהמען צום אלטען מוסטער פון דעם גלייי־כען קורצען שווערדעל. מיר האבען קיין מאל אזא שווערדעל ניט געזעהען, און דער קינזשאל איז אונז געווען אין גאנצען פרעמד, נאר די שינדלען זיינען געווען בעסער צוגעפאסט צו אזא סארט. און מיר אלע האבען זיך בעזארגט מיט די קורצע שווערדלאך, אב־געפארבט אין שווארצען פון יאגדעס, א חוץ יענע גליקליכע אינג־לאך, וואס האבען געהאט טאטעס אדער עלטערע ברידער, געניט מיט געצייג און זיי האבען געקענט דערווייזען אזעלכע שווערדלאך וואס האבען ארויסגערופען אונזער טיעפסטע קנאה.

און נאך די קינות אין דער פריה זיינען מיר אלע, די גרויסע און די קליינע, מאנסביל און ווייבער, אינגלאך און מיידלאך, גע־גאנגען אויפ'ן בית עולם און דארטען אונזערע שווערדלאך צובראָ־כען. און אונזערע קליינע שוועסטער האבען מיט צער און קנאה צוגעקוקט, ווי מיר ווייזען ארוים אויף אזא העלדישען אופן אונ־זער גרויסע פערצווייפלונג, בשעת זיי דארפען זיך בענוגענען מיט'ן שטיקעל קנאבעל, וואס זיי טראגען אויף זייער ברוסט.

ארימע קליינע אידישע מיידלאך! אפילו אין זייער צער האבען זיי זיך ניט געטארט פערגלייכען מיט אונז אינגלאך און זיי האבען ניט געקענט האבען א בעסערען סימבאל פון דעם גרויסען חורבן ווי א שטיקעל קנאבעל.

# סליחות.

(זכרונות פון די קינדערשע יאהרען)

**איך** בין נאך דאמאלס א קליין אינגעל געווען, און **סליחות** האבען פאר מיר געהאט אן אימה'דיגען חן.

אבער דאס זיינען ניט געווען די סליחות, וואס האבען זיך אנגעהויבען צוועלף אזייגער ביי נאכט. פון יענע האט זיך שטארק געהערט א קאמפראמיס און אויף קאמפראמיסען בין איך דאמאלס ניט געגאנגען. די דאזיגע סליחות האבען ניט געהאט קיין שארפ־קייט און אפילו ניט קיין אימה'דיגקייט. דער בית המדרש איז געווען פול — כמעט ווי צו א יום טוב'דיגען דאווגען. דער גרעס־טער טהייל עולם איז געווען נאך אנגעטהאן אין די שבת'דיגע בגדים און האט אויסגעזעהען זאט, אויסגערוהט און גוט אויפגע־לעגט. מען איז זיך צוזאמענגעקומען פיעל פריהער איידער די סליחות האבען זיך אנגעהויבען און מען האט גערעדט, וואס אין מויל איז איינגעפאלען. מען האט זיך דערמאנט אז צייט לאנגע יאהרען איז שוין אזוי קאלט ניט געווען צו די ערשטע סליחות און אלטע לייט האבען פערראסטעטע זכרונות אויפגעריהרט און דערוויזען מיט דאטעס, אז ווען די קעלטען הויבען זיך אן אזוי פריה קען מען זיך ריכטען אויף א שניי די צווייטע טעג סוכות.

און דער אייבינגער לץ פון קלייזעל, אברהם משה, א איד פון מיטעלע יאהרען מיט א קיילעכדיגען בייכעל, מיט א רויטער פארב אין פנים און אויפ'ן נאקען, מיט א שווארץ קיילעכדיג בערדיל, האט געפונען א שעת הכושר צו מאכען א וויץ, און דער עולם האט גע־לאכט. אין דער לופט האט זיך דער גאנצער פחד און אימה אויסגעוועפט.

די אימה און דער פחד איז געווען אזוי אפגעטהאן פון די דאזיגע סליחות, אז חעמקע דער שוסטער האט זיך אויך פערגונען צו מאכען א וויץ אויף זיין אופן. חעמקע האט געניהט אזא סארט שטיוועל, וואס די אנדערע שוסטער האבען ניט געקענט מאכען. ער האט געניהט שטיוועל מיט לאנגע חאלעוועס און קונציגע הויכע אבסאצען פאר קאזאקען. ער האט אפילו געמאכט לעדערנע קא־לאשען מיט שפארען פאר די אפיציערען. ער איז געווען א קור־צער און דארער יונגערמאנטשיק און האט אליין אויך געטראגען זעהר הויכע אבסאצען, און זיינע האר זיינען פון הינטען געווען געשארען אין א האלבער לבנה, מעשה קאזאק. ער האט זיך גע־פיהלט עפעס ווי א תקיף און פלעגט געהן מיט א הויך אויפגע־הויבענעם קאפ און דאס האט בולט'ער ארויסגעשטעלט די אויסגע־בויגענקייט פון א שוסטערשען רוקען. ער איז געווען א האלבער עם הארץ און ער האט געדארפט ברעכען די צייהנער אויף די עברי פון סליחות. און ווען ער האט זיך אנגעשטויסען אויף אזעלכע ווערטער ווי „בקקת בלקת", האט ער מיט א קאמעדיאנטסקען פנים זיך א קרים געטהאן און אויסגערופען אויפ'ן קול:

— פע, איך וועל אזעלכע ווערטער ניט זאגען.

דאס האט נאר געקענט פאסירען ביי די סליחות, וואס מען זאגט צוועלף א זייגער ביי נאכט, ווען די גאנצע אימה און דער פחד איז אפגעטהאן, און די דאזיגע סליחות האב איך לחלוטין ניט ליעב געהאט.

דערפאר האבען פאר מיר געהאט א געוואלדיגען אימה'דיגען חן די געוועהנליכע סליחות און איך פלעג זיך ביים טאטען בעטען רחמים, ער זאל מיך אויפוועקען צו זיי.

א מיסטעריעזע אטמאספער האט ארומגערינגעלט די דאזיגע סליחות און גערייצט די קינדערשע פאנטאזיע. אלץ ארום איז גע־ווען אזוי אונגעוועהנליך. אויסערארדענטליך, פאנטאסטיש און אימה'דיג.

טיעפע נאכט.

איך בין פערזונקען אין א געשמאקען, רוהיגען קינדערשען שלאף. דער גאנצער פחד, דער גאנצער שרעק פון אלול, די גאנצע

זארג און די גאנצע מורא פאר דעם צעטעל, וואס ווערט ראש השנה געשריבען און יום כפור פער'חתמ'עט האבען ניט געקענט אריינ־גיסען קיין איינציגען טראפען אונרוהיגקייט אין דעם זיסען שלאף. פלוצים דערהערען זיך צוויי האסטיגע קלעפ און נאך א קורצער פויזע א דריטער מיט א הילצערנעם האמער אין לאדען. איך גיב זיך א צאפעל אין בעטעל און עפען די אויגען מיט שרעק. אין שטוב איז שטאק פינסטער. איך וויים ניט אויף וואסער וועלט איך בין. די דריי קלעפ הערען זיך ווי עפעס א שטרענגע שליחות פון אונבעקאנטע עולמות. נאר דאס אלץ געדויערט ניט מעהר ווי עט־ליכע סעקונדען, ווייל גלייך דערהערט זיך דעם שמש'ס קול:

— שטעהט אויף צו סליחות!

דער מאמענטאנער שרעק אריבער און דער עטוואס אויפגע־הויבענער קאפ פאלט צוריק אויפ'ן קישען. דער שלאף איז איצט אזוי זיס און אנגענעהם. איך געדענק ווי דורך א חלום, אז איך וויל אויפשטעהן צו סליחות, נאר די אויגען שליסען זיך צו, און ווי־דער איז שוין פערגעסען אלול, די כתיבה, די חתימה —

הא? ווער שטעהט עס איבער מיר און האלט זיין האנט ביי מיר אויפ'ן אקסעל? איך דערהער גלייך דעם טאטענס שטילען היי־זעריגליכען קול:

— דו האסט מיך געבעטען, איך זאל דיך אויפוועקען.

עס הערט זיך אין זיין קול אזא רחמנות, וואס ער רייסט מיך אויף פון דעם זיסען שלאף, און אין דער זעלבער צייט עפעס א צו־פריעדענהייט, וואס יונג ווי איך בין, בעט איך זיך אליין איינצו־שפאנען אין דעם שווערען יאך פון אידישקייט.

איך גיב עפעס א מורמעל נאר דער קאפ איז ווי מיט בליי אנגעגאסען און איך שלאף ווידער איין. דער טאטע שלאגט זיך מיט דער דעה, און באלד דערהערט זיך פון צווייטען צימער, ווי די מאמע גיט א זיפץ און רופט שטיל צום טאטען:

— א רחמנות, לאז איהם שלאפען.

ווי שטיל דער זיפץ איז ניט געווען, האב איך דערהערט, און ער האט פערטריבען די בלייענע שווערקייט פון קאפ. התחזק כארי איז מיר ארויף אויפ'ן געדאנק. מען דארף זיך שטארקען ווי א

לייב און איך האָב איבער זיך אַ כח אָנגעטהאָן און בין ארויסגע־שפּרונגען פון בעט.

דער טאַטע איז שוין פאַרטיג און ער טרייבט מיך איצט איך זאָל קיין שהיות ניט מאַכען, מיר וועלען נאָך פערשפּעטיגען די סליחות. איך דרעה זיך ארום אין שטוב עטליכע סעקונדען. די גאַנצע ארבייט בעשטעהט איצט אין אָפּגיסען נעגעל וואַסער און ארויפכאַפּען די קאַפּאָטקע.

אין דרויסען איז פינסטער און די אָנהויב אָסיענדיגע קעלט דרינגט גיך דורך אונזערע זומערדיגע בגדים. איך פיהל ווי בלעזלאַך טרעטען מיר ארויס אויפ'ן לייב און אַ לייכטער ציטער לויפט מיר דורך פון די פּיאַטעס ביז'ן נאַקען. איך קאָרטשע זיך איין אין מיין קאַפּאָטקע און אונזערע טריט ווערען שנעלער. די גאַסען זיינען שטיל, פערלאָזט. עס הערען זיך נאָר אַלץ שוואַכער און שוואַכער די קלעפּ אין די לאָדענס, אַ סקריפּ פון אַ טהיר, איינזאַמע שנעלע טריט דאָ איבער איין געסעל, דאָ איבער אַ צווייטען, אַ יאַדעשלי־ווער הוסט און ווידער שטיל.

די קלויז איז דריי פיערטעל לעדיג. דאָ און דאָרטען ברענען חלב'ענע ליכטלאַך און עס טריפט פון זיי אַן אומעדיגער, מרה־שחורה'דיגער שיין. פאַר'ן טיש זיצט משה זלמנ'ס, אַ זקן פון אַ יאָהר זיבעציג, מיט אַ סטאַטשעק אין האַנט און קוקט אריין אין אַ ספר.

דער עולם זעהט אויס, ווי ער וואָלט אַנטלאָפען פון עפּעס אַ בהלה. קיינער איז ניט ארומגעוואַשען, די בערד און פאות'ן זיינען צוקאָזשעט, די בגדים ניט רעכט פערשפּיליעט.

פון אַלע ווינקעלאַך בלאָזט אַ קעלט פון אימה. דער יאַ־דעשליוווער הוסט הערט זיך דאָ עפּטער. זעלטען ווען איינער וואַרפט זיך דורך מיט'ן צווייטען מיט עפּעס אַ בעמערקונג. די האַלטונג וויזט, אַז מען איז זיך דאָ צוזאַמענגעקומען אין אַזאַ אונגעוועהנ־ליכער שעה אין אַזאַ איילענים פאַר זעהר אַ וויכטיגע זאַך. און ווען עמיצער מאַכט יאָ אַ בעמערקונג, איז דער קול אַזוי פערשטיקט־הייזעריג ווי ביי אַן אבל, וואָס האָט זיך ערשט צוריקגעקעהרט פון אַ פרישען קבר.

— וואס ווארט מען? — הערט זיך אן אונגעדולדיגער מור־מעל.

עס איז אן עת לעשות און יעדע מינוט איז טהייער.

דער אומעט פערשפרייט זיך מיט׳ן קדיש, און ווען עס קומט צו „אל מלך“ איז שוין יעדער דורכגעדרונגען מיט דער טיעפסטער מורא, און יעדעס מאל וואס דער „אל מלך“ ווידערהאלט זיך וואקסט די מורא אלץ מעהר.

די קעלט ווערט פערשוואונדען און די פנים׳ער ווערען צו־פלאמט, די אויגען פערוויינט און שטראהלען מיט בעגייסטערונג. די קולות האבען פערלארען זייער הייזעריגקייט, זייער טרויעריג־קייט און ווען עס קומט צו משיח צדקך, מיכה עבדך און דניאל איש חמודות ווערט א גאנצע ענדערונג אין דער שטימונג. אין דעם בעגייסטערטען געבעט הערט זיך א פיעסטשען פון קינדער, א גוטע האפנונג און א זיכערקייט.

דער פריהמארגען ברעכט אויס און די פענסטער פון קלויז ווערען בעגאסען מיט א בלויקייט. דער אומעדיגער שיין פון די חלב׳ענע ליכטלאך ווערט ווי אבגעריבען. די בלויקייט ווערט אלץ העלער און די שטימונג געהויבענער.

ווען איך קעהר זיך צוריק פון קלויז, ווייסט ניט די מאמע, וואס צו געבען מיר פריהער. זי בעט זיך ביי מיר רחמים, איך זאל גע־בען נאך א ביס, נאך א זופ, און איך פיהל ווי עס קומט איהר צו חיות פון יעדען ביסען מיינעם. נאר ווען זי הויבט זיך מיך אן צו בעטען, און זאל זיך צולעגען שלאפען, קען זי ביי מיר בשום אופן ניט פועל׳ן.

מיין שטימונג איז א צו געהויבענע.

# ווען אַ פיש ציטערט אין וואַסער.

## (זכרונות פון די קינדערשע יאָהרען).

דער דאַווענען, א וואָכעדיגער, איז צוגעגאַנגען ווי געוועהנ־ליך, מען האָט קוים געקענט בעמערקען, אַז דער חודש אלול איז שוין אריבער דעם שוועל. אפשר האָט זיך געהערט אַן איבריג מאָל „טאַ־טעלע פאַטער,” אפשר האָט מען דעם „אחד” ארויסגעזאָגט מיט מעהר כונה, אפשר זיינען די צוויי קלעפּ אין הארצען ביי סלח לנו געווען עטוואָס שטארקער, נאָר דאָס אַלץ האָט זיך ניט געלאָזען בעמערקען.

אַן אונרוהיג ווינטעל האָט ערשט א בלאָז געטהאַן איבער'ן קלויז, ווען עס איז געקומען צו „לדוד אורי” און אויף אַלע פנים'ער האָט זיך בעוויזען אַן אויסדרוק, ווי זיי וואָלטען ערשט איצט דער־זעהן דעם נייעם גאַסט.

ער איז דאָ! אלול איז געקומען!

אונזער בעל תוקע וואָס האָט געדאַווענט ביי דעם דאָזיגען מנין, א יונגער מאַן א שלאָסער, האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען, ווען דער שמש האָט איהם צוגעטראָגען דעם שופר. א גאַנץ יאָהר האָט ער בעלאַנגט צום פּרעהליכערן עלעמענט אין קלויז. ערב תשעה באָב פלעגט ער קומען מיט פולע קעשענעס שישקעס און שמחת בית השואבה פלעגט ער זיך וואַרפען מיט האַנט־טיכער, און ווען די יונגע חברה פלעגען אויספּרואווען זייער גבורה און ווייזען ווער קען אויפהויבען מעהר ספרים מיט איין האַנט, האָט ער ניט גע־קענט ביישטעהן דעם נסיון און אויך געוויזען זיין גבורה. איצט איז ער מיט אמאָל אריין אין פּראָמינענץ, אַלע אויגען זיינען געווען געריכטעט אויף איהם און ער האָט זיך געפיהלט צו קליין פאַר דעם כבוד און ערנסטע שליחות, וואָס איהם איז אויסגעפאַלען.

דער שאַל פון דעם שופר איז אַרויס קלאָר און שאַרף.
אַ לייכטער ציטער איז איבערגעלאָפן ביי אַלעמען איבער׳ן לייב.

דאָס איז אָבער ניט געווען קיין ציטער וואָס פּחד רופט אַרויס. אין דעם איצטיגען שאַל האָט זיך ניט געהערט קיין קריצעניש פון ציינער פון דעם פערביסענעם קטוגר דעם שטן, אויסגעמישט מיט אַ פּלאַטערדיגען געבעט פון די מתפללים, און מיט אַ גערויש פון פליעגלען פון מלאכים, וואָס שטופּען זיך, יאָגען זיך, איילען זיך און פליהען ווי צומישטע, ווי ביי די ימים נוראים׳דיגע תקיעות. ניין, אין דעם שאַל פון דעם שופר האָט זיך איצט געהערט נאָר אַ סיגנאַל, אַ שטרענגער אויפרוף:

— זייט וויסען, אַז אלול איז דאָ!

מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און שווערע געמיטער האָט דער עולם לאַנגזאַמער צוזאַמענגעלעגט טלית און תפילין, פערבראַכט אַז איבע־ריגע ווייל׳ע אין קלויז און מיט שטיל׳ע טריט, פּאַוואָליע, ניט גע־איילט, געלאָזט זיך געהן אַהיים, אין קראָם, אין גאַס.

דער שאַל פון דעם שופר האָט פאַר מיר געהאַט גאָר אַן אַנדער בעדייטונג. ער האָט ביי מיר אַרויסגערופען אַ ציטער פון געשפּאַנ־טער ערוואַרטונג. דער שאַל האָט מיר דערציילט, אַז דאָ עפענט זיך אַ פאָרהאַנג, וואָס פערשטעלט עפּעס מיסטעריעזעס, געהיימניספאַ־לעס.

און דאָס געהיימניספאַל׳ע האָט זיך שוין אָנגעהויבען. איך געה ניט אומזיסט אין חדר און וויים, אַז דער שופר בעזיצט אַ געוואַלדיגע קראַפט. פון בלאָזען אין שופר איז איינגעפאַלען די אייזען־שטאַרקע וואַנט פון יריחו, אַ וואַנט אַזוי דיק אַז מען האָט זיך געקענט אויף איהר אויסקערעווען מיט אַ רייטוואָגען. און גאָס שיינט די זון ווי פאַראַכטאָגען, ווי פאַר פיער וואָכען און דאָך וואָס פאַר אַ גע־וואַלדיגע ענדערונג עס איז פּלוצים פאָרגעקומען. די פרעהליכקייט, די שטיפענים פון די גין־גאָלדענע זומערדיגע שטראַהלען איז מיט אַמאָל פערשוואונדען געוואָרען, אַזוי ווי דער שאַל פון דעם שופר וואָלט אויף זיי אָנגעוואָרפען אַ מורא. די יונגע בלויקייט פון דעם הימעל האָט זיך פערצויגען מיט עפּעס אַן אומעט. די ווייכע לאַס־

טשענדע לופט האָט עפּעס געקראַגען אַ שאַרפקייט. די פעלדער, וואו דער ווינט האָט זיך געשפּיעלט מיט די אָנגעגאָסענע זאַנגען און גע־טריבען איבער זיי כוואַליעס, זיינען איצט נאַקעט און שטעכיג. די ווייכע סאַמעטענע לאָנקעס זיינען אָפּגעקראַצן, אָפּגעבלאַקע־וועט. דאָס טייכעל מיט זיין גלאַטען פּנים פון אַ יונג קינד מיט זיין פרישען אָטהעם איז איצט געוואָרען צורונצעלט און זיין פּנים איז ווי ביי אַ זקנה, אַ טיעפע מרה שחורה איז אויף איהם אויסגעגאָסען און עס בלאָזט פון איהם אַ קעלט.

אַ פיש ציטערט אין וואַסער!

פון דעם אָפּענעם פענסטער ביי דעם „העהנדיל", אַזוי האָבען מיר גערופען דעם בעל תפילה פון אונזער קלויז, רייסען זיך די אור־מעדיגע נגונים פון דעם ימים נוראים׳דיגען מוסף און די טרויעריגע געדאַנקען צוטראָגען זיך איבער דער גאַנצער גאַס. אַפרויקע דער שוסטער כאַפּט אונטער אַ ניגון און ברומט אויס „הבן יקיר לי אפרים" אין טאַקט מיט׳ן האַמער וואָס פאַלט אויף דער פאַדעשווע. תנחום דער סטאָליער צוגיסט זיך אין אַז „ונתנה תוקף" און אָקאָמ־פּאַנירט זיך אַליין מיט׳ן הובעל איבער אַ ברעט. ביי שאַיע דעם שניידער זינגט אַ גאַנצער כאָר „כל נדרי" און דער געזאַנג געהט צו נאָך טרויעריגער ווי ביים „העהנדיל".

די מאַמע אין קראָם זיצט פאַראומערט, די פּרנסה איז שטיל, און זי האָט געגוג צייט איבערצוטראַכטען, וואָס די ביטערע חיונה מאַכט פון אַ זינדיגען מענשען. עס רייסט זיך ביי איהר אָפּט אַרויס אַ זיפץ. און ווען דער טאַטע קומט, שטעלט ער זיך אין טהיר, ברומט אונטער דער נאָז אַ ימים נוראים׳דיגען נגון אָהן ווערטער, קוקט אַרויס אין גאַס, נאָר ער זוכט ניט מיט די אויגען קיין קונים. בכלל איז ער ניט דער פּרנסה־געבער. דער דאָזיגער יאָך ליגט אויף דער מאַמען. זיינע געדאַנקען זיינען פערנומען מיט העכערע ענינים. ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע רעדען אַ וואָרט.

— אַח, צו וואָס האָט עס דער הענט־ניט־געוואַשענער בעשאַ־פען זינד אויף דער וועלט? — פרעגט פּלוצים די מאַמע.

— כדי די צדיקים זאָלען האָבען מעהר שכר אויף יענער וועלט, — ענטפערט דער טאַטע עגאָאיסטיש.

א ווײַלע איז שטיל, א שווערע פילאזאפישע פראבלעם ענ־בערט דער מאמען אין קאפ און זי קען איהר ניט בײַקומען.

— עס איז שווער צו זײַן א צדיק.

— אלץ גרעסער איז דער שכר, — ענטפערט דער טאטע צו־פריעדען.

די מאמע פערלירט די פילאזאפישע רוהיגקײַט און קאלטקײַט און בעמערקט שוין מיט ווארעמקײַט:

— עס איז גרינג צו זאגען, אבער וואס טהוט מען אז קינדער קומען און בעטען עסען, מען קען זיי ניט לאזען אויסגעהן, רחמנה לצלן, פון הונגער, אליין קען מען אויך די נשמה ניט אויסשפײַען. א זינדיגער מענש דארף האבען א בגד, א שוך, א דירה.

— גאט שפײַזט א ווערימעל אין דער ערד, א פשיטא שוין דעם מענשען.

— דו מײַנסט — האט די מאמע אנגעהויבען, נאר זי האט זיך גלײַך געכאפט און זי האט ארויסגערעדט מיט א זיפץ: אח, ווי זינדיג מענשען זײַנען.

א ווײַלע זײַנען דער טאטע און די מאמע געבליבען שטיל.

— .וואס שטעהסטו דא? — האט זיך צום סוף די מאמע אויסגערופען. — געה בעסער אין קלויז און לערן א פרק משניות.

דער טאטע איז צוגעגאנגען צום טיש־קעסטעל, האט ארויס־גענומען א מטבעה אויף זײַן הוצאה און איז אוועק ברומענדיג אונ־טער דער נאז דעם זעלבען אומעדיגען נגון.

— ער מײַנט, אז געלט וואקסט אין טיש־קעסטעל, האט זי איהם נאכגעזאגט אהן כעס, נאר ווי פערענטפערענדיג זיך פאר וואס זי קען ניט האבען דעם זעלבינען בליק ווי ער.

געוועהנליך, ווען פרנסה איז שטיל, פלעגט די מאמע צוגעהן צו דער שכנה־קרעמערקע אדער די שכנה פלעגט צוגעהן צו איהר און מען פלעגט שמועסען. איצט איז יעדע קרעמערקע געבליבען זיצען בײַ זיך אין קראם. א חוץ דעם וואס אזא שמועס איז ניט מעהר ווי דברים בטלים, קען מען זיך אמאל ארויסכאפען מיט אווארט, וואס איז ניט ווײַט פון לשון הרע. די נעצען זײַנען פער־שפרייט אומעטום אונטער דעם מענשענ׳ס פיס, און דער מענש

דארף זיך זיבען מאָל אומקוקען, אז ער זאָל ניט געשטרויכעלט ווע־רען און ניט אריינפאלען.

אין שטוב איז די שטילקייט א דריקענדע. מען פיהלט, ווי פון יעדען ווינקעלע לויערט דער שונא און שטעהט פארטיג מיט א ביכעלע אין האנד צו פערצייכנען, וואס ער בעמערקט און זעהט און דאס וועט נאכדעם אלץ געהן אויפ'ן וואג־שאָל. איך פיהל די דריקענדע שטילקייט מיט אלע גליעדער, נאר מיט דער זארגלאָזיג־קייט פון א איינגעל פערגעס איך אפט דעם שונא, וואס לויערט אויף אונז, און שים אוים אין א געלעכטער, ווען איך הער, ווי אונזער שכן פון דעם צווייטען הויז, בערעלע געמבע, דער ליץ פון שטעדטעל רעדט אין דרויסען מיט אן ערנסטער מינע, אז ער זוכט עפעס אן עברה, כדי ער זאָל ניט דארפען שלאגען זיך על חטא אומזיסט. די מאמע לעגט ארויף אויף מיר צערטליך די האנט און בעמערקט מיט א טרויעריגען קול:

— מען טאר ניט לאכען, מיין קינד.

און דער טאטע כאפט איהר אונטער און זאגט:

— צייט דער בית המקדש איז חרב געווארען טאר מען ניט לאכען.

דאס איז ניט קיין נייער פערבאט, נאר א גאנץ יאהר איז מען אויף דעם ניט מקפיד, פערקעהרט, די מאמע קוועלט אז, ווען זי זעהט מיך פרעהליך. נאר איצט איז חודש אלול.

אין א געוויסען אבענד ווערט די שטילקייט אין שטוב נאך דריקענדער, דער קאפ ווערט טיעפער אנגעבויגען, די טריט ווערען שטילער. עס זעהט זיך אן, ווי עס קאסט דער מאמען געזונד צו זאגען אן איבריג ווארט. דער טאטע זוכט עפעס מיט א ליכט אין דעם ספרים אלמער. מען געהט פריהער שלאפען, הגם דער אבענד ווי ווייט איך ווייס איז א גאנץ געוועהנליכער. און אויף מארגען אין דער פריה, זעה איך ניט די מאמען אין קראם, א זאך וואס פאסירט זעהר זעלטען. און ווען איך טרעף איהר שפעטער זיינען די קישעלאך אונטער איהרע אויגען העכער, דער פנים דערהיצט ווי נאך א סך וויינען און זי רעדט אזוי הייזעריג אז מען קען קוים הערען. איהר בליק אויף מיר איז אזוי צערטליך און אין דער זעל־

בער צייט אזוי טרויעריג, אז עס פערכאפט מיר אזש ביים הארצען. איך שטוים זיך אן, אז זי איז געווען אויפ'ן פעלד און דאס וואס דער טאטע האט נעכטען אין אבענד אזוי שטארק געזוכט אין ספרים־אלמער איז געווען א מענה לשון.

דער שאל פון דעם שופר האט אבער פאר מיר נאך אן אנדער בעדייטונג, ער זאגט אונז קינדער אן, אז אין חדר ווערט שוין סוף זמן, און א ווילדע, אונבעקאנטע פרייהייט ווינקט צו אונז, שמייכעלט צו אונז, און רייצט אונז.

די שטרענגקייט אין חדר האט פון דעם שאל געפלאצט. עס איז שוין ניט מעהר קיין תפיסה און עס איז ניטא מעהר קיין געצוואונגענהייט. דער רבי מאכט מיט אונז חברותא און דערצעהלט אונז שעהנע מעשיות. אונזער רבי, אברהם יהודה, מיט פעך שווארצע אויגען און פעך שווארצער בארד און וואנסען האט אפט ליעב צו מאכען א הפסקה און דערצעהלען אונז עפעס פון די מלי דעלמא, פון חכמות חצוניות און אפילו פון ליטעראטור, און ער איז אונז מסביר מיט דער זעלביגער קלארקייט, ווי ער איז געוואהנט מסביר צו זיין א שטיקעל גמרא.

נאר איצט זיינען די הפסקות געווען עפטער און זיי האבען מעהר געהאט צו טהאן מיט עניני דיומא. אין אזעלכע הפסקות האט ער אונז דערצעהלט וועגען יענעם ישובניק וואס איז געקומען אויף ימים נוראים אין שטאדט און וואס האט ניט געקענט דאווענען און ווען מען האט אויסגענומען האט ער געוואלט לויבען גאט אויף זיין אייגענעם דרך און ער האט פון גאנצען הארצען מיט גרוים כונה א פייף געטהאן, און דער אויבערשטער כביכול האט דעם דאזיגען פייף אנגענומען בעסער ווי אלע תפילות. און אזעלכע מעשיות האט דער רבי געוואוסט אהן א שיעור, און מיט ברענענדע אויגלאך מיט אנגעצונדענע אויערן, מיט א בעהאלטענעם אטהעם האבען מיר זיי געהערט און געשלונגען די ווערטער.

איצט האט אונזער רבי אברהם יהודה, אויך גאר ניט געהאט געגען דעם, אז מיר, די תלמידים, זאלען זיך צוזאמענלייגען צו עטליכע קאפיקעס און קויפען א טאפ צו צוויי עפעל אדער בערנעס און אויפ'ן זעלביגען טיש, וואו שטענדיג ליגען די גמרות און

תנך׳ן ליגען איצט אויסגעשאָטען ווייס־רויטליכע ווייניגע עפּעל אָדער סאָרע סאַפּעזשאַנקעס, און דער רבי אַהן א קאַפּאָטע, זיצט אָנגעשפּאַרט מיט׳ן רעכטען עלענבויגען אויפ׳ן טיש און מיט דער לינקער האַנט אין דעם רעכטען עלענבויגען און מאַכט א ברכה איבער די פּרוכטען.

מיר עסען אַלע בהרחבה׳דיג, ניט געאיילט, פּלוצים ווענדעט זיך דער רבי צו אונז:

— נו, קינדער, איצט דערצעהלט איהר עפּעס א מעשה.

דעם רבי׳ס שוואַרצע וואָנסען און באָרד פערשטעלען דעם שמייכעל, וואָס ליעגט איהם אויף די ליפּען. מיר זיינען אָבער אַלע אידישע קינדער און אונזערע קעפּלאַך האָבען זיך ניט אומ־זיסט געשאַרפט אויף דער גמרא, אויב אפילו ניט מעהר ווי אויף התחלת גמרא, און מען דאַרף אונז קיין פינגער אין מויל ניט אריינ־לעגען. מיר ווייסען, אז דער מעשה דערצעהלער וועט נאָר בלייבען ביי דער ברכה, און איינער פון אונז רופט זיך אָפּ מיט א תמ׳־וואַטע מינע:

דערצעהלט איהר בעסער, רבי!

— שגץ!

און מען דאַרף ניט מיינען, אז דער רבי האָט געמיינט חס ושלום אויסצונאַרען א אינגעל פון זיין חלק פּרוכטען. דאָ האָט ניט געשטעקט קיין שום זולל וסובא׳שער געדאַנק. דאָס איז געווען געמיינט אויסצופּרובען אונזער שאַרפקייט און מיר זיינען זעהר צופריעדען. וואָס מיר האָבען דערוויזען, אז מען קען אונז אין קיין זאַק ניט ארייננאַרען.

דער שאַל פון דעם שופר ווערט שטאַרקער און מיר ווערען אין גאַנצען בעפרייט פון דעם חדר.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די אַטמאָספער אין גאַס און אין דערהיים איז געוואָרען געדיכטער, וואָס די ימים נוראים׳דיגע נגונים הערען זיך שטאַרקער, וואָס די קעפּ זיינען טיעפער איינ־געבויגען געוואָרען און וואָס דער פּחד, דער אומעט האָט זיך שטאַר־קער צוגאָסען אויף אַלעמענס פּנים׳ער, פיהלען מיר ווי אונזערע יונגע פיסלאַך הויבען זיך אליין פאַר שמחה.

מיר זיינען פריי!

עס טראָגן אונז די פיסלאַך איבער די אַפּגעשניטענע פעל־דער, איבער די אָבגעקאָסעטע לאָנקעס און מיר בלייבן לענגער אין די לעדיגע גאָרטענס, וואו מיר שניידן אויס די שטאַמען פון די קירבעס און מאַכן פון זיי טרובעס און לאָזן הערן איבער פעלד און וואַלד מיט די משונה׳דיגסטע קולות, וואָס מיר קענען ארויס־קריגן פון די טרובעס, אז מיר זיינען פריי, פריי, פריי.

נאָר אפילו אין אונזער ווילדער פרייהייט האָבן מיר גע־זוכט אזא מין ספּאָרט, וואָס זאָל זיין פערקניפּט מיט׳ן גייסט פון די מורא׳דיגע טעג. עס האָט אונז פערשאַפט גרויס פערגניגען ארומצולויפן מיט טעלער פאר׳ן בית עולם און קלייבן נדבות פאר חברה „פרחי שושנים" אויף א נייען ש"ס אין אונזער קלויז. ביי טאָג האָבן מיר געבראַכט פולע קעשענעס פלוימען דעם שמש פון אונזער קלויז און דערפאר האָט ער אונז געגעבן דעם שופר מיט׳ן תנאי, אז בלאָזן זאָלן מיר אויפ׳ן בוידים, כדי ער זאָל ניט כאַפּן קיין פסק און מיר האָבן זיך אזוי לאַנג געמאַטערט בייצוקומען א תקיעה, ביז שפּילקעס האָבן אָנגעהויבן צו שטעכן די באַקען.

דער שאַל פון דעם שופר ווערט שטאַרקער און שטאַרקער.

אומעדיגער און אומעדיגער ווערען די פּנים׳ער, נידריגער און נידריגער לאָזן זיך ארונטער די קעפּ, שטילער און שטילער ווע־רען די טריט, צובראָכענער און צובראָכענער ווערען די געמיטער, בלייכער און בלייכער ווערען די גין־גאָלדענע שטראַהלען פון דער זון. עס ציהען זיך ווייסע וואָלקען איבער׳ן ניט בלויען ניט סאַרען הימעל. וויסטער און חרוב׳ער ליגען די אויסגעמאַטערטע פעל־דער, און שוואַרצער און מרה שחורה׳דיגער קוקט דאָס טייכעל.

עס איז אלול, די צייט ווען א פיש ציטערט אין וואַסער.

# אלול.

תקיעה, שברים, תרועה!

עס בלאָזט א תקיעה אין די תפוצות ישראל און א ציטער לויפט דורך איבער אלע אידישע לייבער, אויף די פנים'ער פאלט אן א אומעט, און די הערצער קלאפען מיט שרעק.

עס שאלט א תרועה: טו־או, טו־או, טו־או, און פערטרייבט יעדען פרעהליכען געזאנג, בלאָזט אוועק אלע גשמיות'דיגע שטרע־בונגען און שרויפט אן די רעיונות אויפ'ן „אבל מלך עליון“.

עס טראגט זיך א געבראכענער בלאָז „שברים“, און די ווייבער האָבען זיך גענומען אויסצולופטערן די מענה־לשון'ס, אויסצוציהען זיך אויף די קברים און בעטען ביי די שוכני עפר, זיי זאָלען זיך מיהען פאר די לעבעדיגע, ניט פערגעסען זייערע קרובים און חארא־טאיען פאר זיי ביי דער פמליה של מעלה.

תקיעה, שברים, תרועה!

די גרויסע בלעטער פון די קרבן־מנחה'ס פלאטערען, און די אלטע בלעטער ווערען בעדעקט מיט געלע פלעקען פון טרעהרען. א קדושה, א ברכו זיינען געשטיגען אין פרייז: א פרק משניות, א קאפיטעל תהלים זיינען געווארען די גאנגבארסטע סחורה: א תענית, א תפלה איז דער בעסטער מסחור.

תקיעה, שברים, תרועה!

עס בלאָזט דער שופר אין דער פריה, רוישט אין די אויערן דעם גאנצען טאג און דער אפקלאנג פערשווינדט ניט פון קאפ אפילו ביי נאכט. דער שלאף אנטלויפט פון די אויגען נאך איידער די העה־נער קרעהען, און די שומרים לבוקר'ניקעס לויפען אין דער פינס־טער אין שוהל, וואו די עטליכע קארגע חלב'ענע ליכטלאך קענען ניט פערטרייבען די געדיכטע, שווארצע שאטענס, וועלכע, דוכט

זיך, ווילען פערשלינגען אלעמען און אלץ און דערמאנען אז דער גוואלדינגער גבורה פון דער טומאה. און דער שרעק ווערט נאך גרע־סער, ווען עס דערהערט זיך א יאדישליוועד שברים־הוסט פון א זקן. און די הויכע ווענד פון דער כמעט לעדיגער שוהל ענטפערן אויף איהם מיט א משונה׳דיגען אפקלאנג.

תקיעה, שברים, תרועה!

וואס איז דאס? האט דער קלעגליכער צובראכענער שאל אזא גבורה, אז ער האט געקענט אנווארפען א שרעק אפילו אויף דער שטומער נאטור? פאר וואס האט דער הימעל פערלארען זיין פראכט־פאלען גלאנץ און האט בעקומען אזא אפגעבלאקעוועטען, מרה־שחורה׳דיגען אויסזעהן? פאר וואס האט דאס וואסער אין טייך פערלארען זיין ווייכען, העלען קאליר און האט אנגענומען אזא פינסטערע מינע? פאר וואס האבען זיך די שפיעלענדע פרעהליכע אינדען פערוואנדעלט אין שארפע, שניידענדע כוואליעס?

וואס בעדייטען די העל־ווייסע פעדימלעך, וואס טראגען זיך ארום אין דער לופט? איז דאס ניט קיין שטאף פאר תכריכים?

יא, דער שאל פון דעם שופר איז צו דער זעלבער צייט א טרויער־מארש; מיט דעם שאל ריכט מען אוים דעם ליעבען זיסען זומער אין זיין רוה, פאר וועלכע די שפינען וועבען תכריכים, און דעריבער האט די גאנצע נאטור אנגענומען אזא מרה־שחורה׳דיגען אויסזעהן.

תקיעה, שברים, תרועה!

געשטארבען דער פריהלינג, בעגראבען דעם זומער און באלד הויבט זיך אן דער אסיען מיט די שטעכיגע רעגענס, מיט די ווינ־טען, וואס רייסען די לארענס און פייפען אין קוימענס מיט אזא קלאגעדיגען נגון.

# אָפּגעפאַלענע בלעטער.

מיט'ן ערשטען בלאָז פון שופר האָט זיך א נייער גייסט פערשפרייט איבער'ן שטעדטעל. אויסערליך האָט זיך קיין גרויסע ענדערונג ניט געזעהן, מענשען האָבען, דאַכט זיך, געהאַנדעלט, געהב'וועט, געאַרבייט ווי תמיד, די קראָמען זיינען געווען אָפען און מען האָט קונים גערופען, דער מארק־פלאַץ איז גראָד איצט געווען לעבעדיגער ווי א גאַנץ יאָהר, די סעמערס האָבען פשוט געקרעכצט אונטער דער שווערער משא פון אלערליי פרוכטען, און די סעמערניצעס האָבען שוין ניט געפונען גענוג פלאַץ אויף זייערע טישלאַך, האָבען זיי זייער סחורה אויסגעשפרייט אויף דער ערד אין גרויסע קופּעס, און דער גאַנצער מארק האָט געפינקעלט מיט די חן'עוודיגע „פּאַניענקעס", רויט בעקעלדיגע עפּעל, און מיט טהוי בעצויגענע פלוימען. פון די אָרימע הייזלאַך וואו עס האָבען געוואוינט שוסטער, שניידער, סטאָליארעס האָט זיך געהערט אפשר מעהר געזאַנג ווי א גאַנץ יאָהר. אין בית המדרש, אין די קלויזען זיינען די אייביגע שמועסען נאָך מעריב אָנגעגאַנגען ווי שטענדיג. אָבער א געניטע אויג האָט גלייך געקענט כאַפּען די גרויסע ענדערונג, וואָס דער ערשטער בלאָז פון שופר האָט געמאַכט ביי אַלעמען אין די הערצער.

מיט דער ערשטער תקיעה איז פערשוואונדען די גאַנצע וואָכעדיגקייט, און יעדען איינעמס מחשבות זיינען אָנגעשרויפט געוואָרען אויף די העכערע ספערען. יעדער האָט גענומען זיך אַליין אויף א פערהער און געמאַכט מיט זיך א חשבון הנפש. און דאָס האָט מען געקענט גרינג בעמערקען, ניט קוקענדיג אויף די וואָכעדיגע בעשעפטיגונגען. עס זיינען פערוויינט די אויגען ביי דער קרעמערקע און איהר קול איז אזוי הייזעריג, אז זי קען נאָר רעדען אין א וויספער. די סעמערניצע קען זיך אין איהר בעסטען מוטה ניט בעגעהן

אהן א קללה און אפילו איהרע א ווינשעוואניע שמעקט מיט תוכחה, נאר איצט וועט קיין גאנצע קללה ניט ארויס פון איהר מויל. זי כאפט זיך גלייך און דערשרעקט זיך פאר זיך אליין. און שרעקט זיך מעהר פאר דעם שאדען וואס די קללה קען ברענגען דעם שלעכ־טען קונה, ווי פאר דער זינד, וואס א פלוך רייסט זיך ארויס פון איהר מויל. און די גאנצע צייט וואס זי יריד׳עוועט האלט זי אין איין דערמאנען זיך, אז עס איז אלול.

עס זינגט דער שוסטער און דער שניידער ביים ווארשטאט, נאר דאס זיינען שוין ניט מעהר די פרעהליכע ליעדלאך. די נגונים זיי־נען איצט טרויעריגע און פול מיט תחנונים אדער מורא, און פון זיי פערשפרייט זיך א געדריקטע שטימונג איבער׳ן גאנצען געסעל, און יעדער וואס געהט פערביי אדער צו ווען עס דערגרייכט דאס זינ־גען נעהמט אויף דעם נגון און ברומט אונטער אין דער שטיל.

און דער שמועס אין בית המדרש אדער אין די קלויזען נאך מעריב האט גאר אן אנדער כאראקטער. איצט נעהט קיינעם ניט אן דער תוגר, און פאליטיק איז א צו וואכעדיגע זאך. איצט איז וויכ־טיג צו הערען, ווי א שטייגער קען זיך פיהלען א איד, וואס טראגט ניט קיין טלית קטן און געהט ניט אין שוהל. מילא, א גאנץ יאהר קען מען נאך פערשטעהן, — אלע, ברוך השם, ווילען טהאן עפעס אזוינס וואס זיי ווילען ניט טהאן אין דעם חודש אלול, איז איינער טהוט ווייניגער און א צווייטער מעהר. אבער וואס טהוען יענע אין אזא צייט? און וואס א שטיינער טהוט טאקי א משומד?

— וואס איז שייך זיי פיהלען זיך שוין גוט! — זאגט בערעל דער קצב וועלכער וואוינט הינטער דער שטאדט און זיין נעהענטסטע שכנה איז א משומדת׳טע.

אלע אויערען ווערען איצט אויסגעשפיצט צו הערען וואס ער האט וועגען דעם צו דערצעהלען. מען ווייסט, אז די צווייטע הויז פון איהם וואוינט דעם כאפערס טאכטער און ער קען ווארפען א ליכט אויף דער דאזיגער ברענענדיגער פראגע.

בערעל פערשטעהט זיין איצטיגע געהויבענקייט און ער איילט זיך ניט, ער רעדט ווי ער וואלט רענדלאך געצעהלט. ער וויל בשום

אופן ניט ארונטער אזוי גיך פון אזא הו־כען בענקעל, ווען ער רעדט און אלע שלינגען זיינע ווערטער.

— יא, יא, זיי פיהלען זיך שוין גוט! אזא יאהר אויף זיי!

ער האט געוואלט אויסשפייען, אויסצודריקען זיין פעראכטונג. נאר פון אלע זייטען איז מען ארום איהם געשטאנען און ער האט זיך בענוגענט מיט א טרוקענעם: „פו!“

— איהר ווייסט דאך, דעם כאפערס זאכלערע וואוינט לעבען מיר, ארידער צייט ווערט זי אויס מענש. אזוי, דעם גאנצען מער, ווען עס קומט אבענד, זיצט זי אויף דער פריזבע, און ער שפיעלט אויפן הארמאניק, סיידען עס רעגענט אדער ער שכור׳ט זיך אן. נאר גיט א בלאז די ערשטע תקיעה, איז אויס פריזבע. זי שטעקט ניט ארויס קיין איבעריגען מאל די נאז פון שטוב.

— נאר דערפאר שטעקט זי איהר נאז צום פענסטער. איהר ווייסט דאך, דער בית עולם איז ניט ווייט פון אונז, און פון אונזערע הינטערשטע פענסטער קען מען זעהן דעם פארקאן. און זי שטעהט פאר יענע פענסטער און קוקט און קוקט ווי מען געהט אויף קבר אבות און קען זיך פון דארטען ניט אפרייסען.

— אהא, עס טיאכקעט אין הארצען! — בעמערקט עמיצער מיט א געפיהל פון נקמה.

— שייך טיאכקעט אין הארצען! וואס איז, אז זי האט זיך אפגעסטוויענטשעט, איז שוין אלץ הפקר געווארען? — האט בערעל פאטאקעוועט. — זי ווייסט, אז אויבען פיהרט מען א חשבון און באלד דארף מען דעם צעטעל אונטערשרייבען. און זי געהט טאקי ארום אלול צייט אהן א קאפ, זי איז פשוט אויס מענש. און ווער רעדט, אז עס קומען ימים נוראים, ווייסט זי ניט וואו אהינצוטהאן זיך. און ווי איהר זעהט מיך א אידען, איך בין גרייט צו שווערען, אז זי פאסט יום כפור.

— געהט! — רופט זיך אן א יונגער בחור׳ל — א משומדת׳טע וועט פאסטען?

— זעהט, זעהט, איהם גלויבט זיך ניט! — פאלען אויף איהם אן עטליכע מיט אמאל. — וואס פערשטעהסטו אין אזעלכע זאכען?

— איהר רעדט וועגען דעם כאפערס טאכטער, אויף מיר א

נפש ! — מישט זיך אריין יאשע איסר׳ס דער שענקער. וואס ווייסט זי און וואס פערשטעהט זי ! א גראבער פליגעל ! אט, זעהט איהר, דאס איז יא ווערטה צו דערצעהלען. איהר ווייסט דאך דעם דאקטאר פיינבערג. זיין גוי׳שע דיענסט קאכט איהם ראקעס און ביי איהם אין שטוב איז אזא טרפות, אשר לא טרפו אבותינו. מיט אידיש־קייט האט ער אין גאנצען אפגעשניטען. ער חבר׳ט זיך נאר מיט׳ן גוי׳שען אפטייקער און עסט ביי איהם און טרינקט ביי איהם. און איהר ווייסט, אז אפילו יום כפור קומט ער ניט אין שוהל. איך ווייס ניט, צי ער איז ווען געווען אין א מקום קדוש. א גוי שבגוים, א מומר להכעים, ווייל ער טהוט אלץ בפרהסיא —

יאשע איסר׳ס האקט זיך אין מיטען איבער און מאכט א לענ־גערע פויזע. ער זעהט, אז דער עולם איז אביסעל ענטטוישט צו הערען אזא מין זאך װעגען א אידען, הגם אלע ווייסען וועגען דעם. און ער מאכט דאריבער די פויזע לענגער כדי צו מאכען באלד א שטארקערען איינדרוק און רעדט ווייטער :

— נו, אדרבה, פרובירט עמיצער רופען פיינבערג׳ן צו א חולה אום יום כפור —

— איצט שפיצען אלע אוים נאז און אויערען און די אויגען ווערען ביי אלעמען ליכטיגער. יאשע איסר׳ם זעהט די פלעצליכע ענדערונג און ער ציהט בכיון די עצמות.

— אייער טרחה וועט זיין אומזיסט. יום כפור קענט איהר פיינבערג׳ן ניט קריגען. און ווייסט איהר פאר וואס ?

ער שטעלט זיך ווידער אפ און בעקוקט אלעמען מיט א מינע, ווי ער וואלט געוואונען א וויכטיגען פונקט און זאגט :

— איהר ווייסט, פאר וואס ? ווייל יום כפור איז ער פער־שפארט ביי זיך אין א צימער און פאסט און דאווענט.

— ער פאסט און דאווענט ! — רעדען אלע איבער פערוואונ־דערט און יעדער קוקט זיך איבער מיט׳ן צווייטען.

דער איינדרוק איז טאקי זעהר א שטארקער. אלע קוקען זיך אי־בער און א טריאומף שפיגעלט זיך אפ אין זייערע בליקען, און ווען מען געהט אוועק פון קלויז איז די אומעדיגע שטימונג אפשר נאך טיעפער ווי פריהער, נאר מען פיהלט זיך דערביי געהויבענער.

# ה־מ־ל־ך.

אזוי גיך ווי איך האָב געעפענט די אויגען ערב ראש־השנה אין דער פריה, האָבען זיך גענומען טראָגען אין דער לופטען גרויסע גאָלדענע אותיות, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס וואָרט ה־מ־ל־ך, און די אימה וואָס איז געוואקסען מיט יעדען טאָג דעם גאַנצען חודש אלול, איז יעצט גרעסער געוואָרען.

אין שטוב איז די שטילקייט געוועזן א געשפּאַנטע. דעם טאָ־טענס שטילע טריט, דער מאַמעס אַנגעבראָכענער קול פון וויינען ביים פעלד־מעסטען האָט זיך איצט קוים געהערט איבער א וויספּער און עס האָט זיך געפיהלט, אז א שטורם איז נאָהענט.

נאָר דערפאר ווען איך בין ארויס אין מארק, איז דער אימה'־דיגער געפיהל מיט א מאָל אָפּגעשוואַכט געוואָרען. די שפּע ארום האָט גאָר ניט הארמאָנירט מיט'ן ערב ראש השה'דיגען גייסט. דער מארק האָט איצט אויסגעזעהן ווי אויסגעשפּרייט מיט העל קאָלירטע טעפּיכע פון די פרוכטען וואָס זיינען געוועזן אויסגעלעגט דאָ און דאָרטען אויף שטרוי אין פיערעקיגע קופּעס, אָפּגעטהיילט איינע פון די אנדערע מיט א קליינעם שטח. און צווישען די קופּעס זיינען געשטאַנען וועגען, פול מיט פרוכטען, און פון אומעדום האָבען ארויס־געקוקט דאָרט ווייסע עפּעל, וואָס האָבען געדופּט מיט אן איידעלער זיסקייט, עס האָבען זיך גע'חנ'דעלט רויט־בעקעלדיגע פּאָניעַנקעס, גרויסע סאָרע סאַפּעזשאַנקעס און אנדערע געלבליך בלייכע, האָניג אָנגעגאָסענע קיילעכדיגע בערנעס, פער'חלומ'ט זיינען געלעגען די בלויליכע פלוימען, פערצוויגען מיט א פרישען טהוי און ארום און ארום זיינען געשטאַנען ווייבער מיט זייערע פאַרטוכער גרייט צו טראָגען אהיים אזוי פיעל זיסקייט ווי נאָר די מיטלען האָבען ייי־לויבט.

די שפּע אַרום די קופּעס און וועגען האָט ניט האַרמאָנירט מיט דער אימה וואָס איז אויסגעוואַקסען מיט'ן ערשטען בלאָז פון שופר, און נאָך ווייניגער האָט דאָס האַרמאָנירט אַרום די וועגען, וועלכע האָבען בעלאַנגט צו שטאָדטישע גוים, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט סעדער. פאָר איין וואַגען איז געשטאַנען יולקע, אַ הויכע שעהנע אָנגעגעסענע גוי'ע, וועלכע פלעגט אין די געוועהנליכע מאַרק־טעג זיצען פאָר אַ טישעל חזיר־פלייש, און הגם זי האָט איצט געטראָגען איהר בעסטע סיצענע קלייד מיט ראָזיגע קייקעלעך, גוט אָנגע־קראָכמאַליעט און אויסגעפּרעסט, און דאָס האָט זי געטהאָן נאָר לכבוד ערב ראש השנה און זי האָט גערעדט שטיל, אַריינפאַלענדיג אין דעם אלול'דיגען טאָן פון דער אידישער גאַס, האָט דאָך מיר עס אויסגעוויזען, אַז דער ראש השנה'דיגער גייסט איז דערפון גע־שטערט. און טאַקע די אידישע פרוכט הענדלער, וואָס זיינען גע־שטאַנען אַרום זייערע אויסגעשפּרייטע קופּעס האָבען געקוקט גאָר ניט מיט ראש השנה'דיגע אויגען אויף זייערע קאָנקורענטען פון די וועגען.

מעהר ראש השנה'דיג האָבען שוין אויסגעזעהען די אָרימע סעמערס, וואוהין עס האָבען פערבלאָנדזשעט אויף דעם איינציגען טאָג אין יאָהר פרוכטען פון גליקליכערע וואַרעמע מקומות. צישראָ־קען האָבען פון דאַנען געקוקט די יונגע וויינטרויבען אויף דער אונבעקאַנטער אומגעבונג און האָבען ניט געקענט בעגרייפען, פאָר וואָס זייערע שכנים, די קאַווענעס, אויך קינדער פון אַ הייס זוניגער היים ליגען אַזוי פערשייט, צושניטען אין דינע חלקים און שמייכלען אַזוי חוצפּה'דיג צו די קאַלטע שטראַהלען און רייצען מיט זייער נאַקעטער שעהנקייט.

נאָר אָט האָט זיך די זון גענומען נייגען צו מערב זייט און פּלוצים האָבען זיך אַלע דערמאָנט וואָס פאָר אַ טאָג עס איז היינט. עס זיינען אָוועקגעפאָהרען די וועגען פון מאַרק, עס זיינען פער־שוואונדען די הענדלער און די גרויסע קופּעס פרוכטען און די קראָ־מען האָבען זיך פערמאַכט איינע נאָך דער אַנדערער און אין גאָר אַ קורצער צייט איז קיין וואָכעדיגע זאַך ניט געבליבען אויף'ן מאַרק און אומעדום איז געוואָרען אַ דריקענדע שטילקייט.

ה—מ—ל—ך!

די שטילקייט ווערט נאך אימה׳דיגער אויפ׳ן שוהל־הויף. עס זיינען ניטא די געוועהנליכע רעדלאך פון זומער צייט צווישען מנחה און מעריב און עס הערען זיך מעהר ניט קיין וואכעדיגע שמועסען. און אפילו די יחידים, דאס רוב יונגע מענשען, וואס שטעהען פאר׳ן שוהל אדער בית המדרש האבען זעהר ערנסטע פנימ׳ער און מיידען אויס צו רעדען איינער מיט׳ן צווייטען. און נאך ערנסטער ווערען די דאזיגע פנימ׳ער ווען אויפ׳ן שוהל הויף בעוויזט זיך דער אידי־שער דאקטאר אין דער בעגלייטונג פון רפאל דעם פעלשער. דער דאקטאר איז א פנים חדשות אין שוהל און אלע בעגרייפען, אז דאס איז נאר די גרויסע אימה פון די ימים נוראים, וואס האט איהם גע־בראכט אהער. דאס איז א טאג אנדערס פון אלע אנדערע פון א גאנץ יאהר.

ה—מ—ל—ך!

און מיר ווייזט אויס, אז דער הימעל אין מערב זייט איז איצט רויטער ווי אלע מאל און איך קוק מיט מורא אויף דער זון, וועלכע דארף היינט פערגעהן אנדערס ווי אלע מאל, מיט א סוף פסוק, און לאזען מערקען, אז א יאהר ענדיגט זיך איצט און פון מארגען וועט זיך אנהויבען א נייער יאהר מיט א נייער זון. די לעצטע שטראהלען שטיפען ניט און זייער גיג־גאלדענער שיין איז ווי פערגליווערט פון אימה און פחד.

ה—מ—ל—ך!

די ווייבער וואס לויפען איצט דורך דעם שוהל־הויף אין זייערע ווייסע קליידער און מיט די ווייסע טיכלאך אויף די קעפ שוועבען איצט דורך ווי גייסטער און די געשפאנטע שטילקייט ווערט נאך אימה׳דיגער.

אט ברעכט אויס דער שטורם.

און אין די לעצטע שטראהלען פון דער זון זעה איך מיט גיג־גאלדענע גרויסע אותיות איבער דעם גאנצען האריזאנט —

ה—מ—ל—ך!

# מיין ערשטע ענטטוישונג.

(לכבוד ראש השנה)

די לעצטע טעג פאר ראש השנה ווען גאר איך בין פערביינגע־גאנגען די סעמערס אין מארק, האב איך זיך ניט געקענט איינהאל־טען ניט אפצושטעלען זיך פאר די גרויסע קאוועגעס, וואס זיינען דארטען געווען אויסגעלעגט און די וויינטרויבען וואס זיינען געווען אויסגעשטעלט.

די סעמערניצעס האבען איצט אנגענומען גאר א וואזשנעם אויסזעהן און זייערע אויסגעבויגענע רוקענס האבען זיך אזש אויס־געגלייכט פון גרויסער גדולה. א שפאס, זייערע סעמערס פערמאגען קאוועגעס און וויינטרויבען! דאס איז געווען א סחורה, וואס מען האט א גאנץ יאהר ניט געזעהן ביי אונז אין די אויגען און מען האט דערצעהלט, אז מען ברענגט זיי גאר פון מרחקים. און ווען ניט ראש השנה ווען מען דארף מאכען שהחיינו איבער פרוכטען, וואלט מען זיי דאס מאל אויך ניט געזעהן ביי אונז אין שטעדטעל.

זיי קומען פון מרחקים!

דאס אליין איז געווען גענוג צו געבען זיי א געהיימניספאלען קאליר און עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי זיי האבען צו דערצעהלען עפעס אזוינס וואס מיר ווייסען ניט. און זיי האבען גערייצט די פאנטאזיע און ארויסגערופען פערשיעדענע פראגען אין קאפ.

און ווען מען האט צושניטען א קאוועגע פאר א קונה׳טע און די ראזיגע פלייש איז אנטפלעקט געווארען אין איהר פולען גלאנץ און די זאפט האט זיך גענומען בלעזלען אין קלייניגקע פערעלאך, איז דאס מויל ממש פול געווארען מיט וואסער און עס איז פער־שטענדליך געווארען פאר וואס מען האט אזא טרחה גענומען צו

פיהרען די דאָזיגע ערד־פּרוכט אַזוי ווייט און בּעשטימט איהר פּאַר שהחיינו אויף ראש השנה.

עס האָט זיך בּיי אונז קיינער ניט פערגונען צו קויפען אַ גאַנצע קאַווענע און אַ בּעל הבּית׳טע איז געווען צופריעדען צו דערוויינען אַ קליינע שטיקעל אויף דעם הייליגען יום טוב. דאָס האָט מען אַנגעגרייט ניט צו עסען, נאָר צו פערזוכען דעם טעם.

און די בּעל הבּית׳טע וואָס האָט איינגעהאַנדעלט אַ שטיקעל קאַווענע און אַ קליינעם צווייגעלע ווייַנטרויבען, האָט זיי געטראָגען מיט גרויס שמירה אהיים, אַזוי ווי אַ שטיק פון דעם הייליגען יום טוב איז געווען פערקערפּערט אין זיי. קיין מאָל האָט מען נאָך קיין פּרוכט ניט געטראָגען מיט אַזאַ עהרענגעפיהל, ווי דאָס שטיקעל קאַווענע און די עטליכע טרויבען. האָבען דאָך אַפּעלסינען פער־בּלאַנדזשעט צו אונז אויף פּורים, און דאָס איז אויך געווען דער איינ־ציגער טאָג אין יאָהר וואָס אונזערער איינער האָט זיי געזעהן, נאָר זיי האָבען קיין טיעפען איינדרוק ניט געמאַכט.

איך בּין עטליכע מאָל צוגעגאַנגען און געקוקט אויף דער צו־שניטענער קאַווענע, און מיט יעדען מאָל בּין איך אַלץ זיכערער גע־וואָרען אַז קיין שעהנערע און געשמאַקערע פּרוכט איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. און ווי איך האָב געגאַרט, אַז עס זאָל שוין קומען דער ראש השנה אָבענד און איך זאָל שוין קענען פערזוכען דעם אמת׳ען טעם פון גן עדן.

און ענדליך איז דער אָבענד געקומען. דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט אַלערליי פּרוכטען. דער טאַטע האָט זיך געוועהנ־ליך אָפּגעהיט ניט צו פערזוכען קיין פּרוכט בּיז ראש השנה און ער האָט געקענט מאַכען דעם שהחיינו איבּער וועלכער עס איז פּרי, נאָר אויסגעקליבּען האָט ער די ווייַנטרויבען. דער פרעהליכער קול פון זיין שהחיינו איז געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט מיט דער טיעפער מעלאַנכאָליע אין זיינע אויגען. ער האָט מסתמא בּכיוון אויסגע־קליבּען די ווייַנטרויבען, ווייל זיי האָבען אַזוי פיעל בּילדער אַרויס־גערופען פון דער אידישער פערגאַנגענהייט און געוויזען וואָס מיר האָבען צוליעב אונזערע זינד פערלאָרען. די מאַמע האָט דעם שהחיינו געמאַכט מיט אַזאַ צְנִיעות, אַז מען האָט לייכט געקענט זעהן ווי

זי עסט די פרוכט ניט צו קיצלען דעם גומען נאָר פאַר דעם סימבאָל, וואָס דערמיט ווערט אויסגעדריקט.

נאָר וואָס איז שייך צו מיר, בין איך זיך מודה, אַז מיין מויל איז ווידער וואַסערדיג געוואָרען ווען די מאַמע האָט די שטיקעל קאַווענע צושניטען אין דינע פּענעצלאַך. אונזערע אייגענע פּרוכטען זיינען פאַר מיר געווען גאַנץ וואַכעדיגע זאַכען און איך בין שוין מיט זיי געוועזען זאַט. אַ חוץ דעם האָב איך טאַקע ניט ליעב געהאַט די ראש השנה׳דיגע עפּעל, ווייל די מאַמע האָט קיין אַנדערע אויף ראש השנה ניט געקויפט, ווי נאָר די סאַמע זיסע, זאָל טאַקע זיין אַן אמת׳ע שנה מתוקה. און אַפילו די ווייַנטרויבען האָבען ביי מיר ניט געהאַט דעם חן, וואָס די קאַווענע. ווייַנטרויבען זיינען ניט געווען קיין נייעס ביי אונז, דאָס הייסט אויף יעדען ראש השנה אין די פריי־הערדיגע יאָהרען האָב איך זיי שוין געזעהן און פערזוכט, נאָר די קאַווענע האָט ערשט ניט לאַנג פערבלאָנדזשעט אין אונזערע מקומות. און איך האָב זיך טאַקע גענומען צו מיין פּענעץ קאַווענע, ווי אַן אמת׳ער „הלעיטני".

די מאַמע האָט מסתמא בעמערקט מיינע זשעדנע בליקען, וואָס איך האָב געוואָרפען אויף דער קאַווענע און זי האָט מיר איינגע־טהיילט אַ גרעסערען פּענעץ ווי דעם טאַטען אָדער זיך און האָט מיר געוויזען, וואָס מען דאַרף עסען און וואָס ניט. דאָס האָט אוועקגע־נומען אַ גרויסען חלק פון מיין פּענעץ, ווייל ער איז געווען געשני־טען אַזוי, אַז דער ווייסער טהייל איז געווען דיק און דער ראָזעריגער זעהר דין, און דערפון איז מיין פּענעץ קאַווענע נאָך ציטערדיגער געוואָרען. איך האָב געקענט פאַרטיג ווערען מיט מיין פּענעץ מיט איין רעכטען ביס, נאָר איך האָב געוואָלט אַז דער טעם פון גן־עדן זאָל אַנהאַלטען און געדויערן וואָס לענגער. איך האָב דאַריבער גע־נומען עסען מיט קליינינקע ביסעלאַך.

דער ערשטער ביס האָט ביי מיר אַרויסגערופען פערוואונדע־רונג. איך האָב זיך אַליין ניט געוואָלט גלויבען, אַז דאָס איז דער אמת׳ער טעם. דער צווייטער און דריטער ביס האָבען די מערכה פון דער קאַווענע ניט פערבעסערט. עפּעס אַ געמיש פון זויערליך־זיסליכעס, וואָס איז מיר לחלוטין ניט געפעלען געוואָרען, אַבער די

אויטאָריטעט פון א פרוכט, וואָס מען האָט געבראַכט פון מרחקים איז געווען צו גרויס, אז איך זאָל זיך פערלאָזען אויף מיין אייגע־נעם גומען און האָב געביסען ווייטער. נאָר וואָס מעהר איך האָב זיך דערנעהערט צום ווייסען טהייל איז דער זויערער טעם אלץ מעהר געוואקסען און ווען איך האָב דערגרייכט די מחיצה פון ווייסען און ראזיגען טהייל, בין איך אין גאנצען דורכגעדרונגען געוואָרען עפּעס מיט א זויערען געפיהל. עפּעס א פלעק האָט זיך ארויפגערוקט אויף יענע ווייטע מקומות, וואו מיט עטליכע מינוט פריהער האָט אזוי העל געשיינט די זון.

דאָס איז געווען מיין ערשטע גרויסע ענטטוישונג.

# מיין פערשטערטער ראש השנה.

(ערינערונגען פון די קינדערשע יאהרען.)

איך בין דעמאלט אלט געוועזן א יאהר אכט צו ניין.
קליין ווי איך בין ניט געוועזן, האב איך גוט פערשטאנען און בעגריפען די וויכטיגקייט פון די מורא׳דיגע טעג. פאר מיר איז קלאר געווען אלץ וואס עס טהוט זיך אין די טעג אויפ׳ן הימעל, אזוי ווי איך וואלט דארטען אליין געוועזן. איך האב געוואוסט, אז לעבען כסא הכבוד ליגט דער גרויסער פנקס אויף א פייערדיגען טישעל און די עבירות און די מצוות לייענען זיך פון זיך אליין, און ווען אן עבירה אדער א מצוה ווערט דערמאנט קריכט זי ארויס פון דעם פנקס און לייגט זיך אליין אנידער אויפ׳ן וואג־שאל. און ווי אזוי דער וואג־שאל זעהט אויס האב איך אויך געוואוסט. איך האב געוואוסט, אז דארטען וועגט מען ניט אויף קיין בעזמען, ווייל א בעזמען איז אין מיינע אויגען געשטאנען זעהר נידריג און נאר פויערים האבען זיך מיט איהם געקענט בענוצען. אויך וועגט מען ניט אויף א פרייסישע וואג, ווייל איך האב זיך בשום אופן ניט געקענט פארשטעלען, אז מצות אדער עברות זאלען זיין שווער, איך האב זיי אנדערש ניט געקענט פארשטעלען, ווי עפעס לופטיגעס, גרינגעס. די וואג איז ניט אנדערש אזא, וואס האט צוויי שעלכלאך וואס הענגען אראב פון א שטענגעל אויף שניר־לאך און מיט א צינגעל פון אויבען, מסתמא ווי די מאזנים פון די מזלות אין מחזור און ביי אונז אין קלייזעל אויף דער בימה, וואו עס זיינען אויסגעמאלט אלע צוועלף מזלות, נאר פערשטעהט זיך די וואג אויפ׳ן הימעל איז א סך גרעסער, די שעלכלאך שיינען און גלאנצען א סך בעסער ווי אין אפטהייק אפילו, און אויך די שניר־

לאך זיינען מסתמא געמאכט פון ,ייִנעם גין־גאלד. איך האב געוואוסט, אז אין די מורא'דיגע טעג, ווען אלץ ווערט אזוי פּינקט־ליך געמאסטען און געוואויגען קען די קלענסטע מצוה'לע אמאל אריבערשלעפּען דאס צינגעל און מאכען פון א שלעכטען צעטעל א גוטען, און פערקעהרט א ליאדע עברה'לע, א טל ומטר'ל, קען חלילה פערוואנדלען א גוטען צעטעל אין א שלעכטען. סך הכל פאר א יאהרען ווינטער איז מיין חבר אברהם'על נעפאלען אויף א גליטש און האט זיך אויסגעבראכען א פוס. עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז איהם אנגע'חתמ'עט געווארען פאר א יאהרען אין די מורא'דיגע טעג הגם צו זאגען דעם אמת בין איך אין דעם דאזיגען פּונקט ניט געווען אזוי קלאר ווי אין די אלע אנדערע. איך געדענק, אז אין מיין קינדערשען קעפּעל האבען זיך געדרעהט אזעלכע פראגען אויף וועלכע איך האב קיין ענטפער ניט געקענט קריגען. און טאקע צוליעב דעם זעלביגען חבר מיינעם אברהם'על. ווען ער האט זיך אויסגעבראכען זיין פוס אויפ'ן גליטש האט מיין טאטע מיר געזאגט, אז דאס איז איהם געקומען דערפאר וואס ער האט זיך געגליטשט אום שבת. און אזוי ווי געגליטשט האט ער זיך אום שבת, און טאקע אין יענעם שבת גופא האט ער אויסגע־בראכען דעם פוס איז מיר קשה געווארען — ווען איז דאס איהם אנגע'חתמ'עט געווארען: נאך איידער ער האט זיך געגליטשט אדער דאס איז איהם געקומען גאר אהן א חתימה. ביי אונז אין שטעדטעל פלעגט שטענדיג זיין א גרויסער וכוח, ווען אימיצער איז געשטארבען ראש השנה, צו דאס איז איהם אנגע'חתמ'עט געווארען פאר א יאהרען אדער צו מען האט איהם געגעבען א פריהערדיגע כתיבה שוין היינטיגעם יאהר. און שטענדיג איז אין דעם געווען חלוקי דעות. נאר אין מיין חבר'ס צובראכענעם פוס האט קיין שום חלוקי דעות ניט געקענט זיין. אבער ווי עס איז דער שטייגער מיט קליינע קינדער בענוגענען זיי זיך מיט דער פראגע אליין און דאס האט מיר ניט געשטערט צו וויסען, אז אין די מורא'דיגע טעג ווערט אלץ אנגעשריעבען און פער'חתמ'עט און אז אן איבריגע מצוה אדער איבריגע עברה האט זעהר פיעל צו זאגען אין אזא צייט.

און יונג ווי איך בין ניט געווען. האָב איך שוין געהאַט ניט קיין קליין פּעקעל עבירות. אין דעם פערלויף פון דעם יאָהר, אי־בערהויפּט זומער־צייט האָב איך א סך מאָל פערפעהלט א מנחה אָדער א מעריב און גאָר אָפט ביידע צוזאַמען און בין אפילו ניט אָפּגעשטאַנען דערפאַר קיין איבריגע שמונה עשרה, און אזוי ווי עברה גוררת עברה האָב איך צוליעב דעם אַנגעזאַגט דעם טאַ־טען א סך ליגענס, ווען ער האָט מיר גענומען צום פערהער און אויסגעפרעגט וואו איך האָב געדאַווענט און ווען האָב איך געדאַ־ווענט. אין מיטען וואָך האָב איך אָפט פערפעהלט צו וואַשען זיך פאר'ן עסען אָדער צו בענשען נאָך'ן עסען, איבערהויפּט ווען עס איז געווען עפּעס א שפּיעל אָדער מען האָט געדאַרפט געהן מיט חברים זיך באָדען. איך האָב אפילו געהאַט איבער זיך א גוטע שומר'טע; מיין שוועסטער איז איבער מיר געשטאַנען און ניט אָפּגעלאָזט פון פלעק. זי האָט מיר געהיט אז איך זאָל זיך וואַשען צום עסען און זאָגען אין דער הויך „שאו ידיכם" און נאָכ'ן עסען איז זי פון מיר ניט אָפּגעטראָטען ביז איך האָב ניט אָבגע־בענשט. נאָר וואָס פאר א בענשען איז דאָס געווען? די שוועסטער פלעגט שרייען, אז איך האָב אָפּגעמאַהלט ווי א מיהל, נאָר צו זאָגען דעם אמת קען א מיהל אויך ניט מאַכען אזוי גיך. עס איז געווען געכאַפּט א וואָרט פון דאַנען, א וואָרט פון דאָרטען און צונעשטוקעוועט צו יברך את עמו בשלום, און פאַרטיג. אויך ניט איין מאָל האָט געטראָפען אז איך האָב זיך שבת ביי א שפּאַציער שוין נאָכ'ן ערוב געכאַפּט אז איך טראָג א מעסערל אין קעשענע, און דאָס הארץ האָט מיר ניט דערלאָזען אוועקוואַרפען עס, און איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און בין ווייטער געגאַנגען. אזוי ווי איך וואָלט גאָר קיין מאָל אין קעשענע קיין זאַך ניט גע־האַט. אמת, דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב א שבת דערטאַפּט ביי זיך א מעסערל נאָכ'ן ערוב האָב איך קיין שאלות ומעלות ניט געמאַכט, ארויסגעשלעפּט דאָס מעסערל פון קעשענע און בעהאַלטען עס הינטער א שטוב. נאָר ווען איך בין אויף מאָרגען געקומען עס זוכען האָב איך עס שוין מעהר דאָרטען ניט געפונען. און פון דאַמאָלס אָן האָב איך שוין מעהר אזוי קיין חפצים ניט

איינגעשטעלט. אזעלכע און דאס גלייכען עברות האב איך גע־האט א גאנצען פעקעל, א פעקעל וואס האט זיך געקענט ווארפען אין די אויגען אפילו אין די געוועהנליכע טעג פון יאהר און בפרט אין אזעלכע מורא׳דיגע טעג. וואס, א שטייגער, קען איך ערוואר־טען, ווען אזא פעקעל וועט ארויפשפרינגען אויף דער וואג־שאל?

ס׳עס פערשטעהט זיך, אז קלענער מאכען דאס פעקעל עבירות האב איך שוין ניט געקענט. נאר דערפאר האב איך איצט געקענט יאגען זיך נאך מצות און פערגרעסערען דאס צווייטע פעקעל. און איך האב געזוכט און געאקערט מצות ווי מיט ליכט. אלול צייט בין איך מיט א חברה חברים אוועק צום בית עולם און א שטיק וועג פאר׳ן בית עולם געשטעלט זיך מיט א טעלער אויף וועלכע עס זיינען געלעגען צעטלאך מיט גרויסע גע׳כתיבה׳טע אותיות: „פרחי שושנים, ש״ס“, און דאס האט געדארפט הייסען אז מיר די אינגלאך הייסען פרחי שושנים און מיר קלייבען אויף א ש״ס. נאהענט צום טויער פון בית עולם האבען מיר ניט געטארט צוקומען, ווייל דאר־טען זיינען געשטאנען די אמת׳ע כלי קודש און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מיר האבען געקליבען אויף אזא הייליגע זאך, האבען זיי אויף אונז געקוקט ווי אויף אזעלכע, וואס קריכען אריין אין זייער פרנסה און האבען אונז גע׳רודפ׳ט ווי די ערגסטע קאנקורענטען. נאר טאקע דערפאר וואס מיר האבען פאר גוטע מעשים געדארפט אויס־שטעהען רדיפות, האבען מיר זיך נאך אזא מצוה בעסער געיאגט ווי נאך אנדערע א סך גרינגערע. איבערהויפט האב איך געהאט א השגה, אז די וואג פון א מצוה ווענדעט זיך אן דער אנשטרענגונג, וואס מען מאכט צוליעב איהר: וואס מעהר אנשטרענגונג, וואס מעהר זעלבסט־אויפאפפערונג, וואס מעהר צער מען נעהמט איין צו־ליעב איהר, אלץ גרעסער איז איהר וואג און אלץ מעהר איז זי אנ־געלעגט. הגם עס קען אויך זיין, אז די גוטע מעשים ביים בית עולם זיינען ביי אונז טהיילווייז ארויסגערופען געווארען דורך א קונדס־נעפיהל. עס איז געווען א שטיקעל ספארט צו ווייזען, ווי אזוי בעריל דער בית דין שמש מיט׳ן גראבען שטעקען יאגט זיך נאך אונז: זיין גרויסע, גראהליכע באָרד און די פאלעס פון זיין אפענער קאַ־פאטע פלאטערען אנטקעגען ווינד, און מיר מיט די טעלער אין די

הענט לויפען ווי די רוחות, און בעריל מוז זיך אפשטעלען, ווייל ער האט שוין מעהר קיין כח ניט צו לויפען, הויבט אן צו פאכען מיט'ן שטעקען אין דער לופטען אלס א צייכען, אז אזוי וואלט דער שטע־קען געצאפעלט זיך איבער אונזערע ארימע רוקענס און סאפעט קוים ארויס:

„איך וועל אייך געבען, שקצים!“

צו סליחות האב איך זיך אויפגעכאפט גלייך מיט'ן טאטען און ניט קוקענדיג וואס ער האט מיר געהייסען שלאפען בין איך געגאנ־גען גלייך מיט איהם אין קלייזעל און האב משונה הנאה געהאט, וואס די ביינק זיינען געווען האלב לעדיג. איך האב דערפון הנאה גע־האט, ווייל דאס האט מיר בעשיינפערלעך געוויזען אז אפילו פאר סטאלנע מענשען איז דאס א גרויסע הכבדה אויפצושטעהן אין מי־טען נאכט, און איך האב דערפון געדרונגען, אז מיינע סליחות ווע־לען א פיינעם שלעפ טהאן די שאל פון די מצות. ערב יום כפור בין איך ווידער געלאפען מיט א טעלער און געריסען ביי די פאלעס פאר'ן ש"ס פון די פרחי שושנים און דאס האט ווידער געדארפט צוגעבען א שטיקעל וואג דעם פעקעל פון מיינע מצות. נאר דערמיט האבען זיך אנגעהויבען און דערמיט געענדיגט די איבריגע מצות.

איך בין דאריבער געווען אין גרוים צער ווען איך האב א שטיי־גער ראש השנה אדער יום כפור געזעהען ווי די סטאלנע אידען קענען זיך צואווויינען אין מיטען דאוונען און גיסען בעך טרערען. פונקט אנטקעגען איבער מיין „שטאדט“ איז געשטאנען (ראש השנה און יום כפור האט ער זיך ניט געזעצט) הענאך דער בעל בכי און ער האט נאר געדארפט א קרים טהאן מיט'ן פנים און טרערען האבען אנגע־הויבען צו רינען איבער זיינע באקען. איך האב געוואוסט, אז טרע־רען זיינען א טהייערע מתנה פאר דעם אויבערסטען, שערי דמעות לא ננעלו, די טויערן פון טרערען זיינען קיין מאל ניט פערשלאסען, און איך האב אויך געוואלט גיסען טרערען, נאר פיעל איך האב מיין פנים ניט געקרימט האב איך קיין טרערען ניט געקענט ארויסמא־טערן. אלץ וואס איך האב געקענט איז ארייבפאלען אין התלהבות אין א ווארימע שטיקעל אין שמונה עשרה און אנהויבען צו מאכען מיט די הענט ווי די גרויסע און הויבען אלץ העכער און העכער דעם

קול, נאר ווען איך פלעג זיך אזוי צואווארעמען פלעגט זיך פלוצים דערהערען דעם שמש׳ס צוויי האסטיגע פעטש איינער נאכ׳ן אנדערען איבער דער בימה און ניט נאר די ווארעמקייט האט געמוזט פער־שווינדען, נאר דאס האט מיר אויך געוויזען, אז איך האב זיך פערנומען אויף א פאלשען וועג, און אזא התלהבות איז גאר ניט אנ־גענומען.

אין אזא ענגע צייט איז דער שהחיינו וואס מען מאכט איבער פרוכטען ראש השנה אין אבענד געווען א ברכה פון הימעל. טאטע־מאמע אז זיי פלעגען זיך אנידערזעצען ראש השנה אין אבענד מא־כען שהחיינו איבער פרוכטען, האט מען געזעהען בעשיינפערלעך, ווי דאס פעקעל מצות וואקסט. א גאנץ זומער האבען זיי זיך אפגע־האלטען פון צו פערזוכען וועלכע עס איז פרוכט, כדי דער שהחיינו זאל בלייבען אויף ראש השנה און אז זיי האבען זיך אנידערגעזעצט ראש השנה אין אבענד צום טיש, האט מען בעשיינפערליך געזעהן, ווי זיי האבען זיך פון אלץ אפגעזאגט. האבען זיי גענומען אן עפעל איז דאס געווען דער ערשטער עפעל וואס זיי האבען פערזוכט ־דאס יאהר. איז ־דאס געווען א בערנע — איז דאס געווען די ערשטע. א פלוים — דער ערשטער. א חוץ דעם האט מען לכבוד דעם טאג פער־שאפט זיך מיט אזעלכע זאכען, וואס אין אונזערע מקומות, דאס הייסט אין די קליינע שטעדטלאך פון דער ליטא, האט מען קיין מאל אויסער ראש השנה גאר ניט אנגעזעהען. לכבוד ראש השנה האט מען געקויפט טרויבען, קאווענע, ניט חס ושלום אנצושטאפען דעם מאגען אדער צו קיצלען די קישקע, נאר טאקע אלץ מחמת שהחיינו. מען האט געדארפט זעהן ווי דער טאטע האט געמאכט דעם שהחיינו, אז אבי ווענען זאל אנכאפען א געוואלדיגע קנאה. ער האט יעדע פרי פריהער געהאלטען א היבשע ווילע פאר׳ן שטעקעלע. און אויב די פרי האט קיין שטעקעלע ניט געהאט האט ער איהר געהאלטען מיט צוויי פינגער, זעהר פארזיכטיג געדרעהט אין אלע זייטען און בעוואונדערט איהר געוואלדיגען חן, ווי וועלענדיג דערמיט ווייזען דעם רבונו של עולם, אז ניט געגעסען די דאזיגע פרי האט ער ניט דערפאר וואס זי איז איהם ניט געפעלען, נאר דוקא פערקעהרט, גע־פעלען איז זי איהם שוין זעהר, דאס מויל ווערט איהם אזש וואו־

סערדיג פון קוקען אויף איהר, נאר טאקע צוליעב דעם האט ער די קישקע ניט נאכגעגעבען און געווארט מיט'ן שהחיינו אויף ראש השנה. אוי אז ער האט גענגעבען א ביס פון דער פרי און א זאג געד טהאן: „אי, אי, אן אנטיק!“ האט מען געזעהען ווי עס האט זיך ממש צוגאסען א תענוג פון גן עדן איבער אלע זיינע גליעדער. און אין דעם תענוג'דיגען עסען איז אויך געלעגען א וואונק צום רבונו של עולם. דער טאטע איז חס ושלום ניט געווען קיין זולל וסובא, וואס וועט גלאט נעהמען און ארויסווייזען א משונה'דיגע הנאה פון א פרי. און אויב ער האט ארויסגעוויעזען אזא הנאה האט מען געד דארפט פערשטעהען, אז אין דעם שטעקט עפעס. און טאקע די התפעלות וואס ער האט אין יענעם אבענד געכאפט פון יעדער פרי איז געווען ניט מעהר ווי צו דערמאנען וואו מען דארף, אז פון אזעל־ כע אנטיקען, פון אזעלכע הנאות האט ער זיך אפגעזאגט אלץ צו־ ליעב זיין נאמען. און יעדעס מאל ווען איך האב זיך צוגעקוקט צו דער דאזיגער סצענע, האב איך זיך גענגעבען א ווארט, אז אם ירצה השם קומענדען יאהר וועל איך דעם גאנצען זומער ניט פערזוכען קיין פרוכט און ווארטען מיט'ן שהחיינו אויף ראש השנה. נאר לײדער איז געווען זעהר גרינג צו מאכען אזעלכע בעשלוסען. אבער ווען עס איז געקומען צום אויספיהרען זיי האבען האב איך דעם נסיון ניט געקענט ביישטעהן...

עס פערשטעהט זיך, אז אויף אונזערע אייגענע פרוכטען האב איך ראש השנה קיין שהחיינו ניט געקענט מאכען. נאר עפעס א טרייסט איז געבליבען, וואס איך האב לכל הפחות געקענט מאכען שהחיינו אויף די פרעמדע פרוכטען. וואס מען האט ביי אונז ביז ראש השנה קיין מאל ניט געזעהען, און הגם אזעלכע זיינען געווען וועניג, איז דאך עפעס געבליבען אויף א זכר.

האט זיך אבער איין ראש השנה געמאכט א פערשטערטער און מיר איז אפילו קיין זכר פון א שהחיינו ניט געבליבען. דאס איז געווען דעמאלט ווען איך בין אלט געווען א יאהר אכט־ניין. סוף זומער, ארום חודש אלול איז צו אונז אראפגעקומען א גאסט. ער איז געווען אונזערער א קרוב און האט געוואוינט ערגעץ אין יענע מקומות, וואו מען עסט אפילו אין דער וואכען ווייסע בולקעס. ער

פלעגט קומען צו אונז איין מאָל אין א שמיטה און, ווי ווייט איך האָב געדענקט, איז ער אין מיין צייט געווען דאָס ערשטע מאָל. באלה ווי ער איז געקומען האָבען זיך אין שטוב בעוויזען טרויבען און קאווענעס. וואו ער האָט זיי געקריגען איז פאר מיר עד היום א סוד, ווייל מיט זיך פון זיינע מקומות האָט ער עס ניט געקענט ברענגען און ביי אונז אין שטעדטעל האָב איך עס, ווי געזאָגט, פאר ערב ראש השנה קיין מאָל ניט געזעהן. נאָר ווי דאָס איז, אין א שעה־נעם אלולדיגען טאָג האָט דער גאסט אונז מכבד געווען מיט טרויבען און קאווענע. טאַטע־מאַמע האָבען גלייך ערקלערט, אז זיי וואַרטען מיט׳ן שהחיינו אויף ראש השנה, און איך האָב זיך אנפאנגס אויך אפגעזאָגט פון זיי און האָב זיך געסטארעט אפצואווענדען מיינע אויגען פון זיי. דער גאסט וואָס איז געקומען פון יענע מקומות, וואו מען עסט ווייסע בולקעס אפילו אין דער וואָכען, האָט אנפאנגס געקוועטשט מיט די פלייצעס, נאָכדעם האָט ער זיך צולאכט און געווענדעט צו מיר: „דו אויך, נארעלע?“ איך האָב ווי א פערזינדיגטער א קוק געטהאָן אויף איהם, נאָכדעם אויף די טרויבען און האָב מיט אמאָל דערפיהלט, ווי דאָס מויל איז מיר געוואָרען וואָסערדיג. „נו, זיי ניט קיין שוטה“, האָט דער גאסט צו מיר געזאָגט און דערלאנגט מיר א צווייגעל טרויבען. איך האָב דעם נסיון לענ־גער ניט געקענט אויסהאלטען און האָב געגעסען די טרויבען פאר מיר, און פאר׳ן טאַטען, און פאר די מאַמען, און אפילו פאר׳ן גאסט. די מאַמע האָט דערביי ארויסגעוויזען אן אונרוהיגקייט, צו די טרוי־בען וועלען מיר חלילה ניט שאדען. נאָר דער גאסט האָט איהר בע־רוהיגט, אז שאדען וועט מיר אפשר אויב איך וועל די טרויבען ניט עסען, און ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געהערט, אז טרויבען זאָלען שאדען.

און עס איז נאָר געווען שווער צו מאכען די התחלה, און נאָכ־דעם האָב איך שוין אליין געבעטען קאווען, הגם קאווענעס זיינען מיר איבריג ניט געווען געפעלען און איך פלעג זיך וואונדערן וואָס פאר א טעם געפינט מען אין זיי און פאר וואָס קאָסטען זיי אזוי טהייער.

נאָר דערפאר ווען עס איז געקומען דער דאָזיגער ראש השנה

אין אבענד, ווען טאטע־מאמע האבען זיך געזעצט נעבען טיש און האבען געמאכט דעם שהחיינו, בין איך געזעסען ווי א בעגראבענער. די מאמע האט ניט פערגעסען צו געבען מיר א חלק, נאר יעדער פרי וואס איך האב געקריגען האט מיר דערמאנט, אז איך בין א זולל וסובא און דער טעם איז מיר פערשטערט געווארען.

# די געוועזענע שותפים.

## (אן ערב יום כפור'דיגעס).

זלמן ציוויעס און איליאַטקע דער אלשאנער זיינען אמאָל געד
וועזן שותפים, זלמן איז געוועזן דער געלט־געבער און איליאַטקע —
דער בריה. דער ערשטער האָט זיך פערלאָזען אויף דעם צווייטענס
בריה'שקייט און דער צווייטער האָט גערופעט אויף דעם ערשטענס
געלט. ווען די שותפות האָט זיך געענדיגט איז זלמן ארויס נקי.

קיין סך געלט איז אין דער שותפות ניט געלעגען און עס
איז געוועזן שווער צו זאָגען, צו עפּעס פון דעם געלט איז געבליבען
ביי איליאַטקען. נאָר שלעכטע ציינגער האָבען גערעדט, און די שלעכ־
טע רייד האָבען דערגרייכט סיי צו זלמנ'ען און סיי צו איליאַטקען,
און עס פערשטעהט זיך, אז דאָס האָט זייער פריינדשאַפט ניט פער־
גרעסערט.ביידע האָבען אנגעהויבען צו מורמלען. זלמן האָט געמור־
מעלט, אז זיין שותף האָט איהם בדלות געשטעלט, און איליאַטקע
האָט געמורמעלט, אז ער האָט זיך ניט אונטערגענומען מפרנס צו
זיין א „דאַרמאַיעד", עס איז געוועזן געננוג, אז ער האָט עטליכע
יאָהר מיט זיין פּראַצע אויסגעהאַלטען א מענשען. וואָס קאָן א
קאַץ דעם עק ניט פערבינדען און ער איז ניט מחויב צו רייסען זיך
פון הויט פאַר א צווייטען.

די שנאה צווישען די דאָזיגע געוועזענע שותפים איז קיין
מאָל ניט שטילער געוואָרען. זיי האָבען איינער מיט'ן צווייטען ניט
גערעדט און ניט אויפגעהערט צו מורמלען איינער אויפ'ן אנדערן.
זיי האָבען זיך געסטאַרעט ווי ווייט מעגליך ניט צו שטעהן איינער
אין דעם צווייטענס דלד אמות, נאָר דאָס האָבען זיי ניט אלע מאָל
געקאָנט דערווייזען. זלמן ציוויעס איז געוועזן דער גבאי אין דעם
קלויז וואו זיי האָבען ביידע געדאַוועט און אין געוויסע שבתים

האָט ער איליאַטקען געמוזט געבען אַן עליה. און זייער בענגענענים אויף דער בימה איז געווען אַן אַפּקומענים פאַר זייביידען.

אַזוי איז געווען אַ גאַנץ יאָהר.

נאָר איין טאָג אין יאָהר האָט זיך די שנאה צווישען זיי איבערגעריסען און ביידע האָבען איבער זיך אַ כח אַנגעטהאָן צו ווייזען איינער דעם אַנדערן אַ פרעהליכען פּנים.

דאָס איז געוועהנליך געווען ערב יום כפּור בייטאָג.

זלמן ציוויעס איז געזעסען מיט דער פאַמיליע ביים טיש פאַר דעם יום טוב׳דיגען מאַלצייט, נאָר די שטימונג איז געווען אַ יום־כפּור׳דיגע. אַלע זיינען געזעסען שטיל, מיט אַרונטערגעזונקענע קעפּ. נאָר דער מיזיניק, אַ אינגעל מיט ברענענדיגע אויגלאַך האָט ניט געקאַנט בעגרייפען פאַר וואָס זאָל די שטימונג זיין אַ גע־דריקטע, ווען דער דאָזיגער מאַלצייט איז פערדעכענט פאַר אַ שווע־רען תענית און ער האָט בשום אופן ניט געקאַנט ווערען אומע־ריג. ווען ציוויע האָט זיך אויפגעהויבען אַרונטערצונעהמען דאָס געפעס פון טיש האָט זיך די טהיר געעפענט און איליאַטקע מיט אַ פערשעהמטען פּנים, מיט עטוואָס אַראָפּגעלאָזטע אויגען, מיט אַ שולדיגען שמייכעל אויף די ליפּען איז אַריינגעקומען.

— אַ גוט יאָהר! — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריגליכען קול און האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויסגעהוסט.

— אַ גוט יאָהר, רב אליהו! — האָט זלמן אויסגערופען און איז איהם געקומען אַנטקעגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. זעצט זיך.

איליאַטקע דער אַלשאַנער האָט זיך אַנידערגעזעצט און אַ ווײַלע איז געווען שטיל. קיינער האָט ניט געוואוסט, ווי אַנצוהויבען דעם שמועס.

די בענגענענים איז אַ פּיינליכע פאַר זיי ביידען. עס האָט איליאַטקען געקאָסט אַ שטיק געזונד צו קומען איצט בעטען מחילה און זלמנ׳ען איז שווער אָבצוזאָגען זיך פון זיינע תביעות. נאָר ביידע ווייסען, אַז מאָרגען איז דער יום הדין. מען צעהלט און מען וועגט די מעשים ומי יזכה בדין, ווער קאָן אַרויסקומען גערעכט אין אַזאַ טאָג פון געריכט; אַלע וועלען בעטען אַ מחילה וסליחה און ווי

קאָן מען האָבען אַ פּתחון פּה צו בעטען אזא זאַך וועז מען וויל אליין ניט מוחל זיין קיין זאַך?

— לאָמיר מאַכען לחיים! באַט אָן זלמן ציוויעס און גיסט אָן צוויי קעלעשקעלאַך בראַנפען.

— לחיים! מען זאָל לעבען!

— און מען זאָל געזונד זיין!

— און מען זאָל האָבען פּרנסה!

דאָס וואָרט פּרנסה גיט איליאַטקען אַ שטאָך אין הארצען און ער רעדט ארוים מיט א קרעכץ:

— אי, מען איז זינדיג.

— מען איז ניט מעהר ווי מענשען, טרייסט איהם זלמן —

— יאָ, זינדיגע בשר ודם'ס.

— נאָר ער איז מלא רחמים.

— אודאי, אודאי, נאָר אויף רחמנות קאָן מען האָפען. וואָס דען, אויף אונזערע מעשים?

זלמן ציוויעס ווערט דורכגעדרונגען מיט א וואַרעמען געפיהל. וואָס טיעפער זיין מחילה צו איליאַטק'ען איז פון הארצען, אַלץ גרעסער ווערט זיין האָפנונג אויף א חתימה טובה. ער וואָס זיצט אויבען זעהט דאָך וואָס עס טהוט זיך טיעף אין הארצען, ער ווייסט דאָך יעדע מחשבה פון די נירען און ניט נאָר ווערט פערשוואונדען זיין שנאה צו איליאַטקען, נאָר אין הארצען דערוועקט זיך א ליעבע צו דעם מענשען, וואָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אויפצוהויבען זיך אויף א העכערע מדרגה און שטעלען זיך צום יום־הדין מיט א ריינערען הארצען.

ער וויל איצט ניט טראַכטען, צו איליאַטקע איז געווען שולדיג געגען איהם צו ניט. ער וויל איצט ניט דערלאָזען דעם געדאַנק פון שולדיגקייט, ווייל דאָס קאָן נאָך דערמאָנען דעם קטיגור. און ער איז איהם ניט נאָר מוחל פון גאַנצען הארצען, נאָר ער האָט טיעף רחמנות מיט איהם, פאַר וואָס ער איז ניט געווען דער געקריוודעטער. און כדי צו מאַכען זיין נעכטיגען שונא נאָך רוהיגער אויפ'ן הארצען און וויזען איהם, אז די מחילה איז אזא אמת'ע,

שטרעקט ער איהם אויס די האנד און זאגט:

— טאמער, ווער ווייסט, מען איז ניט מעהר ווי מענשען. אפשר האב איך אייך אמאל אנגעטראטען — מאלע וואס עס האט געקאנט טרעפען — איהר וועט מיר מוחל זיין, און איך פון מיין זייט גיב אייך א מחילה גמורה.

רב זלמן! רופט זיך אן איליאטקע געריהרט פון אזא גוטס־קייט, — איהר —

נאר ער קען מעהר ניט רעדען. עס פערשטיקט איהם אין הארצען.

— רבי אליהו! העלפט איהם ארויס זיין געוועזענער שותף, נאר ער ווייסט ניט וואס צו זאגען און ער ענדיגט מיט עפעס אנ־דערש: הכלל, רבי אליהו, עס וועט זיין גוט. ער איז א מוחל עוונות.

— א חתימה טובה פאר אונז און כל ישראל! רופט זיך אב אליהו, קומענדיג צו זיך.

— א חתימה טובה פאר אונז און כל ישראל, כאפט איהם אונטער זלמן ציוויעס.

פאר איליאטקען בלייבט דא מעהר ניט צו טהאן און ער הויבט זיך אויף. מיט דאנקבארע אויגען און מיט א העלער פארב, וואס זעהט זיך קוים ארויס פון דער גערונצלטער בארד, וואס פארדעקט זיין גאנצען ברייטען פנים, דערלאנגט ער די האנד זלמנ׳ען און ווינשט נאך אמאל א חתימה טובה און א גוט יאהר און געהט ארויס מיט א גרינגערען הארצען.

זלמן ציוויעס פיהלט זיך איצט דער גליקליכסטער אין דער וועלט. עפעס א יום כפור׳דיגער ניגון׳דעל הויבט זיך איהם אן צו פלאנטערען אין מח, און עס זינגט זיך ביי איהם אינעווייניג. ער פיהלט די גאנצע מתיקות פון א ריינער נשמה, וואס ווייסט ניט פון קיין האס, קיין שנאה, קיין קנאה. די גאנצע וועלט בעקומט א פנים ווי זי וואלט ריין אפגעוואשען געווארען און בעסערע מענ־שען האבען בעזעצט די ערד.

דאס איז געוועהנליך געווען ערב יום כפור. נאר באלד ווי דער יום הדין האט זיך געענדיגט, האט זיך ווידער די אלטע שנאה

אויפגעהויבען צווישען זלמן ציוויעס און איליאַטקע דעם אלשא־נער, און ווען דער עולם פון קלויז איז שמחת תורה געקומען גוט יום טוב בעטען צום גבאי זלמן ציוויעס, איז איליאַטקע צווישען זיי ניט געווען.

# דער שמש.

מאנציג דער שמש פון דער שוסטערשער קלויז האט געהאט דעם זויערסטען פנים אין גאנצען שטעדטעל. ער איז געווען א קליינגעוויקסיגער מיט א שיטערע פארבלאזע בערדעל און אזוי קורצזיכטיג, אז אפילו מיט זיינע דיקע ברילען האט ער געמוזט ארייגרוקען דעם חוטם יענעם אין פנים, ווען עמיצער האט צו איהם גערעדט. די זויערקייט פון פנים האט איהם ניט אוועקגעלאזט אפילו ווען ער איז געזעסען אהן א קאפאטע, מיט א מעסער אין האנט זונטאג ביינאכט, איינער אליין פאר'ן אויווען, מיט א גאנצע מחנה פערשמאלצענע לייכטער אויפ'ן גרויסען טיש און האט גע־סקראבעט פון זיי דעם חלב, וואס האט איהם געדארפט איינבריינ־גען איבריגע עטליכע גראשען. מען האט איהם קיינמאל ניט געזעהן מיט א פרעהליכער מינע אויף זיין פנים, און חילקע דער שוסטער וועלכער פלעגט זיך פערגעהן פון געלעכטער ווען מען האט א קיצעל געטהאן זיין מאנטעל אונטער'ן ארבעל וואס איז געהאנגען אויף דער וואנט, איז ארוים אזוי פון זיך אז ער האט איהם געפרעגט:

— מא־אנציג, וואס פאר א פאראלים איז אויף אייך? איהר קענט גאר ניט א לאך טהאן?

און אזוי ווי חילקע איז געווען פון די אויבענאניגע אין שוסטערשער קלויז, האט מאנציג א שמייכעל געטהאן, צו ווייזען, אז דאס איז געווען א חכמה. נאר דער שמייכעל איז ארויסגעקומען אזוי זויער, אז חילקע האט זיך אנגערופען:

— אויב איהר קענט בעסער ניט לאכען, לאכט שוין גאר ניט.

די בעלי בתים פון שוסטערשער קלויז האבען פאר איהם קיין אנדער נאמען ניט געהאט, ווי די „זויערקייט" און עס איז ניט גע־ווען קיינער וואס זאל פאר איהם האבען א פריינדליכען ווארט. הגם

ער האט זיך פון הויט געריסען צו געווינען חן ביי זיינע שוסטערשע בעלי בתים.

די קינדער, ניט נאר די שוסטערשע, נאר אויך פון די נאהענטע געסלאך ארום דער קלויז, האבען איהם פיינט געהאט און זיי פלעגען אפט שטילערהייט פער׳גנב׳ענען זיך אין קלויז ווען מען האט דארטען ניט געדאווענט און אז זיי האבען דערהיט, ווי ער איז געווען ווייטלאך פון טהיר, האבען זיי זיך אנגעהויבען מיט איהם צו רייצען. עטליכע האבען געשריען: „מיין ציעג!" און די אנדערע האבען געענטפערט: „מיין באק!" און אזוי איז דער כאר געגאנגען, ביז ער האט זיך געלאזט לויפען צו זיי מיט טויטע־קללות.

די קינדער האבען זיך פאר די קללות ניט געשראקען און פאר זיין לויפען נאך ווייניגער, ווייל צוליעב זיין קורצזיכטיגקייט, האט ער מורא געהאט צו לויפען גיך, און דער אופן ווי ער איז געלאפען האט ביי זיי ארויסגערופען א חוכא וטלולא.

נאר מעהר פון אלעמען האט ער געהאט אויסצושטעהן פון די גבאים׳שע יונגע בחורים׳לאך, וועלכע האבען איהם אפגעטהאן אלערליי שפיצלאך, מעהרסטענטהיילס זעהר גראבע און אפט פערשאפט איהם פיזישע יסורים. לעגט ארויף אזא בחור׳ל זיין געזונטע האנט צו מאנציג׳ן אויפ׳ן אקסעל מיט א פריינדליכען „וואס מאכט א איד?", און יענער דרעהט זיך אין דרייען, אדער א בחור׳ל כאפט זיין האנט און וויטעוועט זיך מיט איהם און גיט איהם אפ א שלום עליכם און דערביי קוועטשט ער איהר אזוי שטארק, אז מאנציג׳ן וויזט אויס אז די פינגער וועלען זיך צוברעכען, אדער איינער מאכט א הארטען קנופ פון א קלייזעלשען האנדטוך און גיט עס א שלײדער איהם אין קאפ אריין.

און מאנציג האט אליץ ארונטערגעשלונגען און געמוזט מקבל באהבה זיין. ער האט זיך געפיהלט ווי א ווארים, אויף וועלכען יעדער קען טרעטען און דער שטומער פראטעסט איז ארויסגעטראטען אין דער פארם פון דער שארפער זויערקייט אויף זיין פנים.

אזוי איז געווען טאג איין און טאג אויס, וואך איין און וואך אויס און דער געפיהל פון א צוטראטענעם ווארים האט איהם דאס

גאַנצע יאָהר ניט אָפּגעלאָזט. דער מענשליכער געפיהל איז נאָך גע־
ווען מעהר בעליידיגט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך גערעכענט
חשוב'ער פון יענע, פאַר וועמען ער איז אויף די לאַפּקעס געקראָכען
און וועלכע זיינען איבער איהם געטראָטען.

נאָר דערפאַר איז געווען איין טאָג אין יאָהר, ווען דער געפיהל
פון צוטראָטענקייט איז אין גאַנצען פערשוואונדען פון זיין הארצען,
און זיין פנים האָט פערלאָרען די אייביגע זויערקייט.

דאָס איז געווען ערב יום כפור צו מלקות. אין דער קורצער
צייט, וואָס ער איז געשטאַנען מיט'ן קאַנטשיק אין האנט און ביי
זיין זייט האָבען געקניט אלע מיטגליעדער פון קלויז איינער נאָכ'ן
אנדערען, איז ער אויסגעוואקסען אין זיינע אויגען, און איהם האָט
אויסגעוויזען, אז דער קאַנטשיק איז איהם געגעבען געוואָרען צום
אויסצייכנונג אלס א מין בעלוינונג פאַר די צרות, וואָס ער איז אויס־
געשטאַנען פון די זעלביגע מענשען דעם גאַנצען יאָהר. זיינע בעוועג־
גונגען זיינען געוואָרען בעפעהלענד, זיינע קורצזיכטיגע אויגען וואָס
האָבען שטענדיג אויסגעדריקט א הילפלאָזיגקייט האָבען איצט אָנגע־
נומען א שטרענגקייט און זיין הכנעה'דיגער רוקען האָט זיך אויסגע־
גלייכט.

און די קינדער וועלכע ער האָט איצט אין הינטער שטיבעל
פערבאָטען אריינצוקומען האָבען אפילו ניט געוואגט צו־צוקומען צו
דער טהיר. זיי האָבען זיך אלע דורכגעדרונגען מיט א ציטערדי־
גען דרך ארץ פאַר איהם, און אפילו די גבאים'שע יונגע בחורים'לאך
האָבען זיך איצט געהאַלטען מיט טיעפען רעספּעקט פאַר איהם. און
ווען מאָנציג איז פאַרטיג געוואָרען מיט די מלקות און איז פון
הינטער שטיבעל אריין אין קלויז, איז זיין טראָט געווען א זיכערער
און זעלבסטשטענדיגער.

און דאָס איז געווען די איינציגע צייט אין יאָהר ווען מאָנציג
איז ניט געווען זויער.

# יום כפור.

ווער קען איבערצעהלען די ביטערע טרעהרען, וואס חיה־געלע האט פערגאסען, אדער אויסרעכענען די ענוים, פלאגען, וואס זי האט איבערגעטראגען פון דער צייט, וואס איהר שמואל יאנקעל איז אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא, ביז ער האט איהר ארויסגע־שיקט דעם לאנג ערווארטעטען „טיקעט". אמת, ער איז ניט אוועק־געפאהרען אהן איהר ידיעה. אדרבה, זי אליין האט נאך איהם צוגערעדט צו דער רייזע; און טאקע פאר וואס ניט? קיין קינדער האבען זיי נאך ניט געהאט, און אויב מען זאל אין די יונגע יאה־רען ניט פערזארגען עפעס א שטיקעל תכלית, וואס וועט שוין זיין שפעטער? און זי איז געווען גאנץ רוהיג, ווען זי האט איהם גע־וויזען מיט אלע ראיות, אז כל זמן דער נדן האט זיך נאך ניט אינ־גאנצען צושלאגען, האט ער נאך צייט צו מאכען די רייזע, הגם זי האט שטארק קיין חשק ניט געהאט אפצולאזען דעם מאן דאס ערש־טע יאהר נאך דער חתונה. נאר זי האט איינגעזעהען, אז אין דער היים וועט קיין תכלית ניט זיין: שניידעריי איז אין דער ערד און אין אמעריקא מאכען די שניידער פארט גליקען.

די ערשטע צייט האט זי מוטהיג איבערגעטראגען די שיידונג מיט'ן מאן. זיינע אפטע בריוולאך האבען איהר געגעבען חיות. און ווען עס האט איהר אנגעכאפט אזוי א שטארקע בענקעניש נאך איהם, ווי עס קען זיך פערבענקען א יונג ווייבעל דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה, האט זי צו איהם אנגעשריבען א לאנגען בריעף, אויסגעגאסען פאר איהם א ביסעל איהר הארץ און האט ווידער געווארט מיט אונגעדולד ביז פון איהם וועט אנקומען פרעהליכע נייעס.

נאר, אז עס איז אוועקגעגאנגען א היבשע צייט און זיינע

בריעף צו איהר זיינען געווארען זעלטענער און קירצער, איז איהר א ביסעל איינגעפאלען אין הארצען. אמת, ער האט זיך פערענט־פערט, אז ער איז זעהר „ביזי“, נאר ווער קען דאס וויסען, וואס דאס בעדייט? זי אליין וואלט געזאגט, אז „ביזי“ מיינט ער איז זעהר פערנומען, אזוי האט מען געדארפט פערשטעהן פון דעם אינ־האלט פון דעם בריעף. נאר צו איהר אומגליק האט זי געהאט גוטע שכנות, און די גוטע שכנות האבען געהאט נאך בעסערע צינגער און זיי האבען דאס ווארט „ביזי“ איבערזעצט גאר אנדערש. נאך זייער פירוש איז אויסגעקומען, אז שמואל יאנקעל קען שוין זיין שטערטעל אליין בעשטעהן און דארף זיין ווייב אין גאנצען אויף כפרות. און באלד האבען זיי זיך אנגעהויבען צו שושקען, אז ער האט שוין אין אמעריקא נעקראגען א „טייטשקע“ און חיה־געלע וועט פערבלייבען אן אייביגע עגונה.

חיה־געלע וואלט אזא זאך קיינמאל אויף „איהרען“ ניט גע־גלויבט, כאטש זי האט זעהר גוט געוואוסט, אז א מאן טאר מען ניט טרויען. נאר ווער קען וויסען, וואס אמעריקא האט פון איהם גע־מאכט? אז ער איז שוין ניט דער זעלביגער, וואס געווען, קען מען זעהן פון זיין „פיקטשע“, וואס ער האט איהר געשיקט: דעם גאנצען צלם אלקים האט ער פערלארען, זיין בארד איז אפגעגאלט, און אנגעטהאן איז ער ווי א פריץ. און צו וואס טויג איהם אזא ווייב ווי זי? אמת, איהר טאטע איז געווען ראובן דער מלמד, ער האט געלערנט מיט די גרעסטע בעל־הבתישע קינדער און דער רב האט פון איהם געהאלטען אן עולם ומלואה און עס איז געווען אז־אך־און־וועה צו איהר, אז זי האט געדארפט חתונה האבען מיט א פראסטען שניידער — נאר דאס איז אלץ גערעדט דא, וואו אלע קענען איהר און קענען איהם, אבער דארטען, אין א פרעמדען לאנד, ווער ווייסט, אפשר איז א טייטשקע טייערער אפילו פאר דעם רב'ס טאכטער אליין! און ווען די דאזיגע געדאנקען זיינען איהר אריין אין קאפ, האט איהר דאס הארץ גענומען רייסען, פאר וואס זי האט איהם אפגעלאזט פון זיך. זי האט אנגעהויבען גוט זיך צו־צוהערען, וואס די שכנות רעדען, און נאר די קישען אליין קענען דערצעהלען, וויפיעל ביטערע טרעהרען זי האט פערגאסען

אין די לאנגע ווינטער־נעכט אדער אין די קורצע זומערדיגע.

פערשיעדענע, ביטערע געדאנקען האבען געפרעסט איהר הארץ און דער ביטערסטער פון אלעמען איז געווען, וואס זי וועט בלייבען אן אייביגע עגונה. און וואס מעהר זי האט וועגען דעם געטראכט, אלץ מעהר האט זי זיך צוגעבונדען צום מאן און אלץ שווערער איז געווארען איבערצוטראגען די שיידונג.

אמאל האט זיך פערצויגען א לאנגע צייט, איידער עס איז פון שמואל יאנקלען אנגעקומען א בריעף. חיה־געלע איז געווארען דאר און בלייך פון ווארטען און בענקען. זי האט אנגעהויבען צו פיה־לען עפעס א וועהטאג אין הארצען. יעדעס מאל, ווען דער בריעף־טרעגער איז פערבייגעגאנגען איהר הויז, האט דאס הארץ ביי איהר אנגעהויבען צו שפרינגען און צאפלען זיך אזוי שטארק, אז איהר האט געדוכט, אז עס וועט איהר ארויסשפרינגען פון ברוסט. און ווען דער בריעף־טרעגער איז פערבייגעגאנגען, נים אפשטעלענדיג זיך נעבען איהר שוועל, האט איהר הארץ אלץ שוואכער און שוואכער געקלאפט און איז כמעט אין גאנצען שטיל געווארען.

דאס איז געווען א שווערע און ביטערע צייט פאר חיה געלען.

נאר ענדליך איז דער לאנג ערווארטעטער בריעף אנגעקומען און שמואל יאנקעל האט געלאזט וויסען, אז ער האט אפגעמאכט זיין „מיינד" צו שיקען איהר א טיקעט.

צי זי האט געלייענט צו האסטיג און האט נים געקענט ריכ־טיג אזוי כאפען די ווערטער, אדער די ווייבער, וואס זיינען זיך גלייך אנגעלאפען, האבען איהר אביסעל געשטערט אין לייענען און געמאכט איהר נערוועז, צי די גאנצע עברי איז געווען אזוי הארט, אז מען האט איהר נים געקענט צובייסען, ווייל שמואל יאנקעל איז געווען א גרעסערער בריה מיט דער נאדעל ווי מיט דער פען, — ווי די מעשה איז, ווען זי איז געקומען צוםווארט „טיקעט" און די שכנות האבען איבערגעפרעגט מיט א ביטערען שאקלען פון קאפ: א „גט"? האבען די הענט איהר אנגעהויבען צו ציטערן, אין קאפ איז איהר געווארען צוווארם, די פיס האבען זיך איהר אונטער־געבויגען און זי האט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד א גע'חלש'טע.

צווישען די ווייבער האט זיך אנגעהויבען א געוואלד, א גער־

שריי, אַ טומעל; אייניצע האָבן געשריען, אַז מען זאָל איהר קוועט־שען די נאָז; אַנדערע — צודריקען די שלייפֿען; און ווידער אַנ־דערע האָבן געשריען — וואַסער. מען האָט איהר געקוועטשט די נאָז, געדריקט די שלייפֿען און בעגאָסען מיט וואַסער, ביז זי האָט געעפֿענט די אויגען:

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז געווען אין גאַנצען אַ טעות. אין בריעף איז ניט נאָר ניט געווען דערמאָנט וועגען אַ גט, נאָר פֿערקעהרט, ער איז געווען זעהר פֿריינדליך געשריי־בען. שמואל יאַנקעל האָט אפילו געשריבען, אַז ער בענקט נאָך זיין ווייב און בעט איהר, אַז זי זאָל קיין גרויסע הכנות ניט מאַכען און זי זאָל זעהן קומען צו איהם וואָס גיכער. צוזאַמען מיט'ן טיקעט האָט ער איהר אויך אַרויסגעשיקט אַן אַנווייזונג אויף געלט.

* * *

אַזוי גיך ווי דער טיקעט און דאָס געלט איז איהר אָנגעקומען, האָט זיך חיה־צעלע גענומען צוגרייטען צו דער רייזע.

דאָס געזעגענען זיך מיט איהר טייערען, ליעבען ראַפּשאַנסק, וואו זי לאָזט איבער די קברים פֿון איהרע עלטערן און וואו זי האָט פֿערבראַכט אַ סך גליקליכע און אומגליקליכע טעג, האָט אַרויסגע־רופֿען טרעהרען פֿון איהרע אויגען. נאָר באַלד האָט דאָס טרויעריג געפֿיהל פֿון שיידען אָפּגעטראָטען דעם וועג פֿאַר'ן שטאַרקען געפֿיהל פֿון מורא. די לאַנגע נסיעה איבער אומבעקאַנטע מדינות און איבער אַ ים, וועגען וועלכען מען דערצעהלט זיך אַזוי פֿיעל שרעקען, האָט אויף איהר אָנגעוואָרפֿען אַ פּחד.

און גראַד עפּעס ווי אויף צו להכעיס האָט זיך איהר נסיעה אָנגעהויבען ניט אין קיין גוטער שעה. פֿריהער האָט זי געהאַט אַ סך האַרצוועהטאָג מיט אַ פּאַספּאָרט, דערנאָך האָט זי געהאַט קלעמעניש פֿון דעם טיקעט: אין דעם הו־הא, וואָס בעגלייט שטענ־דיג אַזעלכע נסיעות, האָט זי דעם טיקעט ערגעץ אַזוי פֿערלעגט, אַז זי האָט איהם עטליכע טעג בשום אופֿן ניט געקאָנט געפֿינען. מען האָט אויסגעאַקערט יעדעס ווינקעלע, דורכגעטרייסעלט יעדע שמאַ־טע, ביז מען האָט איהם ענדליך געפֿונען — אונטער'ן בעט. דאָן האָבען זיך אָנגעהויבען צרות גלייך ווי מען איז אַריבערגעגאַנגען

די גרעניץ. אין איידקונען האט איהר א זשאנדארם אפגעהאלטען אין וואקזאל און האט צו איהר עפעס גערעדט מיט א בייזען קול. זי האט זיין פייפיגען לשון ניט פערשטאנען, אבער איין זאך איז איהר געווען קלאר, אז מען סטראשעט איהר צוריקשיקען זי אהיים. ענדליך האט זיך געפונען א בעל רחמים, וועלכער האט מיט איהר גערעדט אין איהר אייגען לשון און ער האט איהר ערקלערט, אז זי דארף ניט דערצעהלען, אז זי פאהרט נאך אמעריקא. דער זשאנדארם האט נאך גערעדט און גערעדט, דער בעל רחמים האט עפעס אלץ געמאכט מיט די הענט — ביז מען האט איהר דאך געלאזט פאה־רען ווייטער.

נאר מיט איידקונען האבען זיך די צרות ניט געענדיגט. אין בערלין איז ווידער געווען די זעלבע מעשה: ווידער מעשענע קנעפ, בייזע פנים'ער, א פייפיגער לשון, א פלוצליכער אפהאלט אויפ'ן וואקזאל אהן א פאר וואס און אהן א פאר ווען, און ווידער האט מען איהר סוף כל סוף געלאזט פאהרען ווייטער, כדי אין האמבורג זאל זיך איבער'חזר'ען די זעלבע געשיכטע, נאר מיט דעם אונטער־שיעד, אז דא האט מען איהר און די גאנצע פארטיע איינגעשפארט עפעס אין א שטוב און כמעט א וואך צייט געמארעט זיי מיט הונגער.

פאר וואס איז מען אזוי שלעכט צו איהר, האט זי ניט גע־קענט פערשטעהן, כאטש זי האט עפעס יא געהערט, אז דאס איז צוליעב א קראנקהייט, וואס הערשט איצט אין רוסלאנד. זי האט עס אבער אנדערש אויסגעטייטשט. אין דער פרעמד — האט זי ביי זיך געקלערט — קען מען מיט א מענשען טהאן וואס מען וויל, לית דין, ולית דין. פערשטעהט זיך, אז א סך שולדיג אין דעם איז דער אידישער גלות.

נאר די גרעסטע פוקעניש פון הארצען איז געווען, ווען זי איז שוין אנגעקומען אין דער גאלדענער מדינה. זי האט ארויסגעשיקט א טעלעגראמע, ווי שמואל האט איהר אין א בריעף געהייסען טהאן, און אז ער איז צו איהר געקומען האט זי איהם נאר געקענט זעהן דורך א גראטע, אזוי ווי זי זאל זיין עפעס אן ארעסטאנטקע, רחמנא לצלן. מען האט איהר אפגעהאלטען הינטער די גראטעס א גאנצען

מעת לעת, געטריבען מיט א קאנוואי שלאפען און מען האט אפילו נערעדט, אז מען קען איהר נאך שיקען צוריק, כאטש שמואל יאנקעל האט איהר אין די פאר מינוט, וואס זי האט איהם געקענט זעהן, געטרייסט, אז קיין בייז וועט איהר ניט געשעהן, און מען וועט איהר מארגען ארויסלאזען.

ענדליך איז זי גאט צו דאנקען פטור געווארען פון די פריי־סישע זשאנדארמען, פון דעם קאראנטין, פון דעם ים, פון עלים־איילענד און איז שוין אין ניו־יארק.

דא ערשט האבען זיך פאר איהר אנגעהויבען נייע פלאגען און נייע וועהטאגען. שוין ביי דער ערשטער בעגעגעניש מיט׳ן מאן האט זי דעם ערשטען ברוך הבא געהאט, אז זי וועט זיך מוזען שיי־דען מיט׳ן שייטעל, ווייל, ווי ער האט איהר ערקלערט, איז זי אין א פארוק ניט זיכער ארויסצוגעהן אין גאס. א לויפער (וויסער חברה׳ניק) וועט איהר גלייך מכבד זיין מיט א שטיין אין קאפ. פאר וואס? פאר וועו? איז גאר קיין תירוץ ניט. זי האט נאר געוואוסט, אז זי דארף פאלגען, וואס מען הייסט איהר. איהר איי־גענע דעה איז שוין אין גאנצען אפגעטראטען אן א זייט און איהר אייגענער ווילען איז געבראכען געווארען. איצט האט זיך יעדער איינער געקענט מיט איהר שאפען און בעפעהלען איהר, זי האט געפאלגט ווי א קאטינקע.

נאר טיעף אין הארצען איז ביי איהר וייט ניט געווען רוהיג. דארטען האט זיך אויפגעהויבען א שטומער פראטעסט נעגען אלע אונרעכטען, וואס זיינען בעגאנגען געווארען געגען איהר: געגען די פרייסישע זשאנדארמען, געגען אמעריקאנער לויפערס, געגען דער מאנ׳ער אויפפיהרונג פון איהר מאן, און אט דער שטומער פראַ־טעסט האט זיך אינוועניג ביי איהר געהויבען אלץ שטארקער און שטארקער. זי האט געזעהן, אז שמואל יאנקעל שטעהט אויף יעדען פריהמארגען און לויפט, ניט געוואשען, ניט געדאוונט, אין שאפ (פאבריק), זי האט געזעהן, ווי ער געהט שבת צו דער ארבייט און רויכערט אין דעם טאג גראד ווי אום דער וואכען. זי האט געזעהן און בעמערקט יעדע זאך, ניט קענענדיג זיך אליין אפגעבען א רעכ־נונג, וואס עס קומט פאר פאר איהרע אויגען. און זי האט ניט

נאָר געזעהן ווי איהר מאַן און זיינע בעקאַנטע פיהרען זיך אויף, נאָר זי אַליין האָט אָנגעהויבען צו טהאָן אַזעלכע זאַכען, וועלכע זי וואָלט קיינמאָל ניט געטהאָן, ווען זי זאָל זיין ביי איהר פולען פערשטאַנד. דעם „סטייק“ (ביפשטעק) האָט זי ניט גע׳כשר׳ט, און שבת איז זי אַליין נעגאַנגען איינקויפען אין גראָסערי (קראַם). און ווען איז דאָס געוועזן? אין סאַמע חודש אלול, ווען אפילו אַ פיש ציטערט אין וואַסער.

ראש השנה איז געקומען, און אין שטוב איז קיין ענדערונג ניט געוועזן. ניט שמואל יאַנקעל און ניט חיה גנעלע זיינען ניט גע־גאַנגען אין שול. זי האָט עפּעס יאָ דערמאָנט, אַז זי וועט אויך קיין זאַך ניט קוקען און זי וועט געהן, נאָר ער האָט איהר ערקלערט, אַז סיידען זי זאָל נעהמען מיט זיך געלט און צאָהלען ווי אין אַ טהעאַ־טער פאַר׳ן אריינגאַנג, אַז ניט וועט מען איהר ניט אריינלאָזען. דאָס האָט שוין ביי איהר אָפּגעשלאָגען דעם גאַנצען אַפּעטיט. דערביי האָט ער חוזק געמאַכט פון די גנבים, וואָס מאַכען אַ געשעפט מיט אמונה און מעלקען די נאַרישע בהמות. וואָס וואָלט זי ניט געטהאָן, אַבי ער זאָל נאָר אַזוי ניט רעדען?

ענדליך איז געקומען יום כפור.

דער טאָג איז געוועזן אַ כמאַרנער און אַ טרויעריגער. אין דער פריה האָבען זיך ביי שמואל יאַנקלען אין שטוב פערזאַמעלט געסט און זיי האָבען געשפּאַסט, געזונגען און לוסטיג געמאַכט זיך. דאַן האָבען זיי אונטערגעלעהנט זייערע הערצער און זיי זיינען צוגעשטאַ־נען צו דער בעל הבית׳טע, אַז זי זאָל אויך עפּעס נעהמען אין מויל. זי האָט גוט געוואוסט, אַז היינט איז יום כפור און אַז אַלע שטראָפען פון גיהנם זיינען קאַרג פאַר אַזאַ עברה, דאָך האָט זי עפּעס ניט געקענט מעיז זיין דעם עולם. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ ציטערדינע האַנט, גענומען אַ וויינטרויב פון דעם טעלער און אריינגעלעגט צו זיך אין מויל.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָבען אויסגעשריען אַלע געסט און שמואל יאַנקעל איז געוועזן אויפ׳ן זיבעטען הימעל פאַר שמחה.

* * *

די געסט זיינען זיך באַלד צוגאַנגען, און חיה־גנעלע איז גע־

בליבען אליין מיט די פיער ווענט. דער גאנצער טשאד, וואס האט זיך אנגעקליבען ביי איהר אין קאפ אין דעם פערלויף פון איהר נסיעה און איהר זיין אין אמעריקא, איז פלוצלים פערשוואונדען גע־ווארען. דער קאפ איז איהר געווארען קלאר, אויסגעלייטערט, דער גאנצער טומאן איז פון איהרע אויגען אראפ: זי האט ערוואכט פון איהר חלום און דערזעהן, וואס עס טהוט זיך מיט איהר...

היינט איז יום כפור!

מיט א ווײלע צוריק האט זי אויך גוט געוואוסט, וואס פאר א טאג היינט איז; זי האט גוט געפיהלט און געוואוסט, וואס פאר אן עברה זי איז בעגאנגען; זי האט זיך אבער ניט געקענט אפגע־בען א ריכטיגע רעכענונג אין איהרע מעשים; איצט מיט אמאל האבען זיך איהרע אויגען געעפענט און זי האט פלוצים דערזעהן, וואו זי האלט אין דער וועלט.

היינט איז יום כפור!!

יום כפור!... עס ליגט אפען פאר׳ן רבונו של עולם דער ספר הזכרונות. די גאנצע פמליא של מעלה שטעהט ארום דעם כסא הכבוד און ציטערט און פלאטערט. די שרפים און אופנים מיט זעקס פייערינע פליגלען געהען אוים פאר אימה און פחד... מי לחיים ומי למות... איצט, איצט איז דער גזר דין, איצט שרייבט מען איהר צעטעל... ווײם אדער שווארץ... לעבען אדער טויט...

היינט איז יום כפור!... עס שטעהען אלע אידען אין די קלויזען, בתי מדרשים, שולען, מיט געשוואלענע אויגען פון טרעהרען, מיט הייזעריגע קולות פון שרייען, בעטען, מיט צובראכענע הער־צער פון תשובה, עס שטעהען אלע אין ווייסע קיטלען ווי מחנות מתים, אין אײנע זאקען ווי אבלים... זי האט זיך דערמאנט, ווי איהר טאטע, עליו השלום, פלעגט טראגען לכבוד דעם הייליגען און שרעק־ליכען טאג א ווייסליכע, מיט זילבערנע פעדים בעפוצטע יארמולקע — און עפעס א וועלט פון שדים, רוחות, מתים האט גענומען שווע־בען פאר איהרע אויגען. מיט שרעק האט זי א קוק געטהאן אויף דרויסען: דער הימעל איז געווען פערכמארעט און גרויסע שטי־קער וואלקען, ווי ווילדע חיות, האבען זיך געטראגען אין דער לופטען... איהר פחד איז געווארען וואס פון מינוט גרעסער און דער

אַטהעם איז איהר גענוואָרען ענגער... ווער שטעהט דאָרטען אין ווינ־קעל אין ווייסען און מאַכט צו איהר מיט דער האַנט?

זי האָט מורא אָפצוקעהרען דעם קאָפּ אין יענער זייט... מיט אַן אָפּגעשטאַרבענעם האַרצען וואַרט זי, ער זאָל שוין צו איהר צוגעהן און מאַכען מיט איהר אַ סוף... ווער נאָך קוקט אַרויס פון סטעליע און פערמעסט זיך אויף איהר מיט'ן קולאַק?... זי זיצט ווי אַ פערשטיינערטע. זי האָט מורא אַ קעהר צו טהאָן מיט אַ גליעד... זי וואָלט גענומען שרייען — אָבער זי קען ניט, פונקט ווי עמיצער זאָל איהר האַלטען פערמאַכט דאָס מויל... זי זיצט און סאָפּעט, קוים, קוים וואָס זי דערכאַפּט דעם אָטהעם... אָט קלאַפּט עמיצער אין טהיר... אָט גיט די טהיר אַ סקריפּ... אָט געהט עמי־צער גלייך צו איהר...

— וואָס זיצסטו עפּעס אַזוי? — הערט זי קלאָרע דיבורים. אָבער דער קול איז איהר פרעמד און איהר דוכט, אַז אַ גרויסער ריעז, איינגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אין סטעליע, שטעהט איבער איהר. זי קעהרט אָבער ניט אָפּ דעם קאָפּ, זי זיצט אומבעוועגט און פיהלט, ווי דאָס בלוט אַנטלויפט פון אַלע איהרע אָדערן גלייך צום האַרצען און זי פאַלט אַרונטער מיט'ן פּנים צו דער ערד...

שמואל יאַנקעל האָט ניט פערשטאַנען, וואָס דאָ טהוט זיך. אַ ווײַלע איז ער געבליבען שטעהן צוטומעלט. נאָר באַלד האָט ער געמאַכט אַ ליאַרם, אַ געשריי, עטליכע שכנות זיינען אַנגעלאָפען. עס איז געוואָרען אַ שטיקעל גערודער.

— די גרינע האָט גע'חלש'ט.

— רעכט, אַ שעהנע, ריינע כפּרה.

— וואָס איז זי נעבעך שולדיג?

— אַ ביטערער רחמנות אויף איהר.

די קולות האָבען זיך געהערט איבער אַלע טרעפּ פון דעם גרויסען זעקס־עטאַזשיגען הויז און סיי די, וואָס האָבען אויף איהר מיטלייד געהאַט, און סיי די, וואָס האָבען אויף איהר מצדיק געווען דעם דין, מחמת דער פרעהליכער הוליאַנקע, וואָס איז ניט לאַנג געווען ביי איהר אין דירה, זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען און מען

האָט איהר געבראַכט צו זיך. ווי זי האָט געעפענט די אויגען און דערזעהן אַ סך מענשען אַרום זיך, האָט זי ווידער גע׳חלש׳ט...

* * *

ווי נאָר חיה־געלע איז אין אָנהויב אָבענד אריין אין בעט, איז זי גלייך איינגעשלאָפען, און געשלאָפען איז זי זעהר אונרוהיג. פּלוצים הערט זי, ווי עמיצער קאַראַבסקעט זיך ביי דער טהיר. זי קעהרט אָפּ דעם קאָפּ און דאָס בלוט איז איהר פערגליווערט געוואָרען אין די אָדערען: דורכ׳ן לעכעל פון דער טהיר, זעהט זי, שפּאַרט זיך פריהער דורך אַ קאָפּ, אַ האַנט, אַ צווייטע, אַ קערפּער און פאַר איהר שטעהט איהר געשטאָרבענער טאַטע אין ווייסע תכריכים, נאָר אין אַ פּאָר ערטער זיינען די תכריכים בעפלעקט. אויפ׳ן קאָפּ ביי איהם איז אַ הויפעלע ערד, די האָר ווי טשוועקעס, אין די הענט גאָפּעלעך און די אויגען זיינען אויסגעגלאָצט אויף איהר. אַ ווײַלע שטעהט ער אונבעוועגט, האַלט נאָר אויסגעגלאָצט די אויגען, באַלד אָבער הויבט ער אָן לאַנגזאַם צו בעוועגען מיט דער רעכטער האַנט, ווייזט מיט איהר אויף איין פלעק, אויף אַ צווייטען, אויף אַ דריטען אין די תכריכים, גיט ווידער אַ גלאָץ מיט די אויגען אויף איהר, און זי זעהט אין זיינע אויגען אַ כעס אַ פערצווייפלונג, נאָר זי הערט פון איהם קיין וואָרט ניט.

דאָס האַרץ האָט איהר שוין לאַנג אויפגעהערט צו קלאַפּען. זי איז געלעגען פערשטיינערט און ניט געקענט אָפּרייסען די אויגען פון דעם פאָטער. זי וואָלט זיי גערן אָפּגעקעהרט אָן אַ זייט, נאָר ער ציהט זיי צו זיך ווי מיט אַ מאַגנעט.

פּלוצים ווערט דאָס פּנים ביים טאַטען געענדערט. אָט איז עס ווי דערמאָלט אין חדר, ווען אַ שטייגער דאָנערשטאָג צו די וואָך־שעורים פלעגט ער שמייסען די קינדער. ער שרייט צו איהר מיט זיין הייזעריג קול:

— זעה, קוק אויף דיין ארבייט, קוק, קוק אויף דעם דאָזיגען פלעק (דאָ האָט ער איהר אָנגעוויזען אויף אַ גרויסען פלעק, כמעט אַ לאָך אין די תכריכים) — דאָס האָסטו מיר היינט געמאַכט... וואָס האָסטו, גזלנ׳טע, געהאַט צו מיר? פאַר וואָס האָסטו אויפגעריהרט מיינע אַלטע ביינער פון קבר? פאַר וואָס האָסטו געשטערט מיין

מנוחה? פאר וואס האסטו מיר אנגעמאכט אזא בזיון, אז איך וועל איצט ערגעץ ניט קענען ווייזען די אויגען? אומעטום וועט מען דאך מיר שטעכען די אויגען, טייטענדיג אויף מיינע פערפלעקטע תכריכים: „א פיינעם תכשיט האסטו איבערגעלאזט אויף יענער וועלט!“ גוט אזוי, מיין ט י י ע ר ע טאכטער?...

דעם טאטענס רייד האבען חיה-געלען ארויסגעפיהרט פון איהר פערשטיינערטען צושטאנד. זי האט אנגעהויבען צו פיהלען, וואס עס טהוט זיך ארום איהר. זי האט געוואלט אנהויבען צו וויינען, פאלען איהם צו די פיס און בעטען ביי איהם מחילה. צו איהר גרויס אומגליק אבער האט זי ניט געקענט מאכען די מינדסטע בעוועגונג, ניט עפענען דאס מויל און ניט ארויסלאזען א טרעהר. אבער ווען זי האט דערהערט זיינע לעצטע ווערטער, וועלכע ער האט ארויסגערעדט מיט א שפעטישען טאן, איז איהר ווידער דאס הארץ אפגעשטארבען. זי האט שוין גוט געקענט איהר טאטען און האט געוואוסט, וואס דער טאן בעדייט; מיט די קינדער אין חדר פלעגט אויך אזוי זיין. כל זמן ער האט געשריען אויף זיי, האט זיך געבייזערט, גע'מוסר'ט. איז געווען נישקשה; ווי אבער ער פלעגט אנהויבען מיט זיינע שטעכווערטלאך — האבען אלע שוין גע־וואוסט, אז דאס שמעקט מיט א באד...

— אזוי, מיין טייערע טאכטער, אזוי טאקע האב איך דיך געלערנט, אויף דערויף טאקע האב איך דיך געהאדעוועט, מיין שיטערער נחת, אז נאכ'ן טויט זאלסטו מיר פערשווארצען די אויגען... אין איינע פאר וואכען האסטו אזוי פיעל אוספייעט, א פשיטא שוין וואס וועסטו אויפטהאן, אז דו וועסט בלייבען לעבען יאהרען-לאנג!...

מיט די ווערטער איז ער צוגעגאנגען נאהענט צום בעט, האט אויסגעשטרעקט זיינע דארע מיט גרויסע אדערען הענט, ארומ־גענומען איהר ביים האלז און גענומען שטיקען. חיה-געלע האט געוואלט אנהויבען צו שרייען, נאר דער קול האט איהר ניט גע־דינט. און, ווי זי האט זיך ניט געמאטערט, האט זי קוים ענדליך ארויסגעבראכט א פערשטיקטען הייזעריגען קול און! האט ערוואכט....

זי האָט בעפרייט איהר פינגער פון פוס, מיט וועלכען זי האָט זיך געהאַט אריינגעשפּאַרט אין אַן אייזערנעם פלעקעל פון בעט און האָט גענומען קוקען ארום זיך עפּעס צוטומעלט, צו־מישט... זי האָט קיין זאַך ניט געזעהן, ווייל אין בעד־רום (שלאָפ־צימער) איז געווען זעהר פינסטער און די פינסטערניש האָט איהר נאָך געהאַלטען אין דער פריהערדיגער שרעקעניש. זי האָט זיך נאָך עטליכע סעקונדען געפונען אונטער דעם איינדרוק פון דעם חלום. ענדליך האָט זי ערוואַכט, אויסגעשפּייט דריי מאָל און גענומען רופען:

— שמואל יאַנקעל!

שטיל.

— שמואל יאַנקעל! שמואל יאַנקעל!

— האַ־אַ־אַ?

— שמואל יאַנקעל!

— וואָס?

— שמואל יאַנקעל, דו שלאָפסט?

— וואָס ווילסטו? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פערשלאָ־פענעם קול.

— שמואל יאַנקעל, שטעה אויף!

— וואָס איז? — האָט ער געפרעגט, שוין ערוואַכענדיג.

— איך האָב מורא.

— פאַר וואָס?

זי האָט איהם דערצעהלט איהר חלום. שמואל יאַנקעל האָט זיך אויף אביסעל דערשראָקען: פאַרט ביינאַכט, פינסטער, שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות... נאָר אַזוי ווי געשטיקט האָט מען ניט איהם, האָט ער זיך ניכער ברוהיגט. ער האָט איהר געזאָגט עטליכע ווערטער, האָט זיך איבערגעקעהרט אויף דער צווייטער זייט און איז באַלד איינגעשלאָפען; חיה־געלע איז געבליבען ווידער אליין אין דער פינסטער. פון דעם מינדסטען גערויש, פון דעם קלענסטען קלאַנג איז איהר אריבערגעגאַנגען אַ ציטער איבער'ן לייב און איהר

האט זיך אלץ געדוכט, אז עמיצער שטעהט איהר איבער'ן קאפ...
ענדליך איז זי ווידער איינגעשלאפען.

* * *

עפעס א גאנצע סווארע הינט, וועלף, לייבען, בערען מיט א
ווילדען בילען, וואיען און ברומען האבען זיך גענומען נאך איהר
יאגען. חיה־גנעלע לויפט מיט כל הכחות, זי לויפט — אבער די
פיס טראגען איהר קוים. זי זעהט פון דערווייטענס א שטיבעל, דער
טאטע לערנט דארטען מיט די קינדער. זי וויל נאר דערלויפען ביז'ן
שטיבעל, דארטען איז זי א געראטעוועטע. זי סאפעט שטארק, דאס
הארץ קלאפט, די שלייפען האקען, נאר אט־אט דעריאגען איהר די
חיות, אט־אט — און זיי צורייסען איהר אויף פיצלעך, אט האט
איהר עמיצער שוין אנגעכאפט פאר'ן פוס... זיי שפרינגען אלע
אויף איהר... אן עק, א סוף !... עמיצער הויבט איהר אויף. זי זעהט:
נעבען איהר שטעהען טאטע־מאמע.

— אט דאס איז דיין גדולה, — זאגט דער טאטע צו דער
מאמען, און די מאמע פערברעכט די הענט, קוקט אויף איהר מיט
פערצווייפעלטע אויגען און וויינט ביטער. די מאמעס טרעהרען
זיינען נאך ערגער פון דעם טאטענס בייזקייט, די טרעהרען פאלען
אויף איהר און ברענען איהר ווי קאכעדיג שוועבעל. זי וויל אויך
וויינען — נאר זי געפינט ניט א היבשע צייט איהר קול. אין האלז
שטיקט איהר: ענדליך רייסט זיך ביי איהר ארויס א זויער קול
און זי ערוואכט.

א קאלטער שוויים בערעקט איהר פנים. זי ליגט ווי א גע־
חלש'טע און האלט פערמאכט די אויגען. זי הערט, ווי עמיצער
מיאטשעט און דראפעט די טהיר. דאס מיאטשען, דאס דראפען
ווארפט אויף איהר ארויף נאך א גרעסערע שרעק. זי ליגט א ווײַלע
אונבעוועגט, גיט זיך פלוצים א הויב פון בעט און א ווארף צו
שמואל יאנקלען...

— ראטעווע !...

* * *

א גאנצע וואך האבען איהר געמאטערט אזעלכע חלומות און
איין מאל, ווען שמואל יאנקעל איז אויפגעשטאנען אין דער פריה

און האָט אַ קוק געטהאָן צו איהר, האָט ער איהר געטראָפען ליגען אָהן אָטהעם, מיט דער רעכטער האַנט אויפ'ן הארצען... ער האָט איהר גענומען וועקען, מינטערן, נאָר זי איז שוין געווען קאַלט...

# מיין ערשטער תענית.

שוין גלייך נאך ראש השנה האב איך ערקלערט, אז איך וועל פאסטען יום כפור.

— זאג ניט אזוי, מיין קינד, — האט דער טאטע תיכף זיך אנגערופען, ניט אזוי אונצופריעדען ווי דערשראקען. — דו טארסט ניט זאגען: דו וועסט, — דאס איז אזוי גוט, ווי א נדר. זאג: דו וועסט זיך סטארען.

— דו וועסט זעהן! — האב איך שוין געזאגט איינגע־עקשנ'ט.

— נאך צו פריה פאר דיר, קינדעלע, — האט די מאמע זיך אריינגעמישט, מיט א טיעפען רחמנות און אין דער זעלביגער צייט מיט אן אמת'ן נחת רוח, וואס אזוי יונג, ווי איך בין, אייל איך זיך שוין אונטערצושטעלען מיינע קליינע פלייטשקעס אונטער דעם שווערען יאך פון אידישקייט. — ווארט נאך א יאהר, נאך א יאהר.

— איהר'ט זעהן, איהר'ט זעהן! — האב איך געענטפערט מיט פערדראס, וואס מען וויל מיך ניט נעהמען ערנסט.

נאר פון דער רגע אן בין איך אין שטוב אויסגעוואקסען מיט א גאנצען קאפ. די מאמע האט אלעמען געלאזט פיהלען די גבורה, וואס איך קלייב זיך ווייזען און הגם זי האט שטענדיג צו־געזעהען מיין טעלער ביים עסען, און פיעל איך האב ניט געגעסען איז פאר מיר געווען ניט גענוג, נאר איצט, דאכט זיך, אויב דאס איז נאר מעגליך געווען, האט זי מיר נאך מעהר אריינגעקוקט אין מויל.

— עס, מיין קינד, דו דארפסט אנקלייבען כחות צו אזא תענית, ווען דו ווילסט מיט אן אמת פאסטען.

ביז יענעם יאָהר האָב איך כפּרות געשלאָגען מיט געלט, און צו זאָגען דעם אמת איז מיר די דאָזיגע כפּרה געווען זעהר געפעלען. ווייל אויב א טהייל האָב איך אליין צוטהיילט אויף צדקה האָב איך אויך א טהייל געקענט אויסגעבען אויף נאַשעריי. נאָר איצט האָט די מאַמען בעשלאָסען, אז איך דאַרף האָבען א העהנדעל אויף כפּרות, ווי עס פּאַסט פאַר א איינגעל, וואָס קלייבט זיך צו פאַסטען.

נאָר טאַקע ערב יום כפּור איז די מאַמע פּלוצים שוואַך גע־וואָרען מיט דער דעה וועגען מיין תענית. זי האָט מיך אָפּגעמאַס־טען מיט איהרע פערוויינטע אויגען און געוויזען אויף א פּאַלקע עוף און געזאָגט, אז פאַר׳ן ערשטען מאָל וועט זיין גענוג צו פאַסטען ביז נאָך מוסף און איך זאָל קומען אהיים און אונטערשפּאַרען דער־מיט דאָס הארץ.

איך האָב דערויף גאָר ניט געענטפערט, נאָר מיין בעשלוס איז איצט געווען שטאַרקער ווי פריהער, אז אפילו איך זאָל ממש אויסגעהן פון הונגער, וועל איך זיך צו קיין שפּייז ניט צוריהרען.

אלע מיינע געדאַנקען זיינען פון כל נדרי אָן געווען פערנו־מען מיט׳ן תענית און אלע מיינע גליעדער האָבען דאַכט זיך גע־שריען צו אלעמען: „איך פאַסט!" און עס קען זיין, אז טאַקע צוליעב דעם האָב איך שוין אין אָבענד אָנגעהויבען צו פיהלען א הונגער, הגם ביי דער פאַרנאַכטיגער סעודה האָב איך זיך אַזוי אָנ־געגעסען, אז איך האָב זיכער געדאַרפט זיין זאַט א גאַנצען מעת לעת.

אַזוי גיך ווי איך האָב אויפגעעפענט די אויגען אין דער פריה, איז מיין ערשטער געדאַנק געווען: „איך פאַסט!" און דער דאָזי־גער געדאַנק האָט מיך פרעהליכער געמאַכט, ניט קוקענדיג אויף דער אימה און דעם פּחד, וואָס זיינען געהאַנגען שווער איבער׳ן גאַנצען שטעדטעל. „איך פאַסט", האָב איך צו זיך געזאָגט און האָב אַרונטערגעקוקט מיט אמת׳ער גאוה אויף אלע מיינע חברים, וואָס האָבען אַזאַ גבורה ניט געקענט דערווייזען.

אין א געהויבענער שטימונג האָב איך זיך געפיהלט דעם גאַנ־צען שחרית. און די שטימונג איז געווען אַזוי געהויבען אז איך האָב גאָר ניט געטראַכטערהייד אויפ׳ן אָרט בעשלאָסען ניט נאָר צו

פאסטען. נאר אויך אפצושטעהן דעם גאנצען טאג אויף די פיס, ווי מיין פעטער האט זיך נוהג געווען יום כפור. נאר וועגען דעם דאזיגען בעשלום האב איך קיינעם ניט דערצעהלט, ווייל איך בין ניט געווען אין גאנצען זיכער, צי איך וועל עס קענען דערוויייזען.

דער ערשטער וואס האט מיר די דאזיגע שטימונג פערדארבען איז געווען נאטע דעם שיינקער׳ס א איינגעלע. חיים׳קע האט ער גע־הייסען, מיט שיטערע בלאנדע הערלאך און אן אויסגעדארטער אויסגעקווארטער. און ווען עס איז געקומען צו „אליך תלוית עינינו“ האט נאטע א קוק געטהאן אויף זיין האלב פערשמאכטען איינגעל און צו „חמול על מעשיך“ האט ער א וואונק געטהאן צו איהם ער זאל ארונטערקריכען אונטער׳ן באנק און דערלאנגט איהם עפעס איינגעוויקעלט אין א פאפיר. חיים׳קע האט זיך ניט גע־לאזט בעטען, געעפענט דעם פאפיר און ארויסגעשלעפט א גרויסען היהנערשען פופעק און א שטיק חלה און מיט די קליינע צייהנדלאך האט ער זיך אריינגעביסען אין דעם ארויסגעסטארטשעטען בלווי־ליכען פלייש און מיט צוויי דריי ביס איז ער דערמיט געווארען פארטיג, דערנאך האט ער זיך גענומען צום הארטען טהייל און געביסען מיט די שארפע צייינדלאך און געטרייסעלט מיט׳ן קעפעל אהין און אהער, כדי אריינצוגעבען מעהר קראפט אין דעם ביס.

איך האב נאכגעקוקט יעדע בעוועגונג זיינע און דערפיהלט עפעס א חלשות אין הארצען. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס איך האב ארויסגענומען מיינע יום כפור טראפען און א שמעק געטהאן טאקע מיט אן אמת צו דערהאלטען די כחות.

צו מוסף האב איך שוין געהאט א שווערען קאמף מיט זיך. די פאלקע הוהן אין דערהיים האט צו מיר געוואונקען דורך די סאמע שטארקסטע תפלות און אפילו ווען איך האב געהאלטען די אויגען פערמאכט. די מעהרסטע צייט האב איך פערבראכט אין דרויסען. איך בין געזעסען אויף א שטיין פאר׳ן קלויז און האב געמיינט, אז די נשמה געהט מיר אויס. די כחות האבען מיר אזוי אפגעלאזט, אז איך האב זיך אפילו קיין ריהר ניט געטהאן, ווען עס איז געווא־רען א געלאף איבער די טרעפ פון עזרת נשים און סטאפעטען זיי־נען באלד געפלויגען, אז חיה ביילע, שמואל דוד דעם דיינ׳ס ווייב

האט גע'חלש'ט. מיט שווערקייט האב איך זיך אויפגעהויבען. ווען דער טאטע האט אנגעקלאפט אין פענסטער און דערמיט געלאזט מיר וויסען, אז א תפילה קומט. די התלהבות וואס יעדע תפילה האט געוועהנליך ארויסגערופען, האט מיר איצט אין גאנצען גע־פעהלט, און די ריהרענדסטע תפלות זיינען איצט עפעס בלייך גע־ווארען. איך האב ממש מורא געקראגען צו קוקען אויפ'ן זייגער, איך זאל ניט וויסען ווי לאנג די דאזיגע אגאניע וועט זיך ציהען.

צו מנחה זיינען די שארפע יסורים אין גאנצען איבערגעגאנ־גען. איך האב נאר געפיהלט א שוואכקייט, נאר איצט האב איך שוין שטאלצירט מיט מיין שוואכקייט. און ווען עמיצער פון די חלושים איז ארוים פון קלויז און געזעצט זיך לעבען מיר אויף א שטיין, איז צו מיין גדולה ניט געווען קיין שיעור. און אז מען זאל חס ושלום קיין טעות ניט האבען און אלע זאלען וויסען אז איך פאסט, האב איך קאפירט אברהם איטשע דעם בעל אכסניא, וועל־כער איז געווען איינער פון די שעהנסטע בעלי בתים און האב אזוי געלאזט מיין קאפ ארונטערהענגען אן א זייט ווי ער, און נאכגע־מאכט פינקטליך זיינע שוואכע טריט און האב זיך אפילו אויס־געגלייכט ווי ער, ווען איך בין אריין צוריק אין קלויז און צוגע־גאנגען צו מיין שטאדט.

און ווען עס איז געקומען צו נעילה בין איך אויף די פיס געשטאנען אזוי ווי מיין שוואכקייט וואלט אין גאנצען פערשוואונ־דען און געזאגט דעם פיוט מיט'ן גאנצען פייער, וואס ער האט גע־פאדערט.

דורכ'ן לאנגען מוסף האב איך עטליכע מאל תרעומות געהאט אויפ'ן טאטען, פאר וואס ער האט זיך ניט וויסענדיג געמאכט ווע־גען מיין תענית און ניט געווענדעט זיך צו מיר מיט'ן הארבען ווארט, אז איך זאל זיך אריבערכאפען אהיים און א ביס טהאן. און איך האב מיט זיך גערעדט, אז די מאמע וואלט ניט אזוי געווען. זי וואלט מיר ניט געלאזט ליגען א פער'חלש'טער. נאר ווען איך האב תיכף נאך מעריב ארויסגענומען פון קעסטעל זאמד דאס פער־בליבענע שטיקעל יום כפור ליכט און דער טאטע האט מיט פרייד אין די אויגען און א שמחה אין קול א זאג געטהאן: „נו, איצט לויף

אהיים און כאפ עפעס אין מויל", האב איך געענטפערט בריה'שריג:
— ניין, איך וועל מיט דיר מחדש זיין די לבנה.
און קיין העלד האט זיך פון זיינע גרעסטע זיעגען ניט צוריק־געקעהרט אהיים מיט אזא טריאומף, ווי איך, ווען איך בין מוצאי יום כפור געקומען פון שוהל אהיים. פון דער הבדלה האב איך גע־קריגען מעהר וויין פון די אנדערע. די מאמע האט מיר דערלאנגט א קענדעל וואסער צום וואשען זיך צום עסען. און ווען מיר האבען זיך געזעצט צום טיש האב איך נאך בדעה געהאט צו עסען מיט יענער רוהיגקייט און איינגעהאלטענקייט, ווי דער טאטע. נאר אז איך האב אריינגענומען דעם ערשטען ביסען האבען מיר אזש אנ־געהויבען צו טרייסלען די צייהנער פון הונגער און איך האב זיך צוגעכאפט מ ט אזא זשעדנעקייט צום קאלטען מיטאג, אז די מאמע האט שוין געפונען פאר נויטיג צוווארענען מיך:
— עס ניט צופיעל, איך האב מורא עס זאל דיר ניט שאדען.
נאר דערפאר ווען איך בין זאט געווארען, האב איך צוריק אנגענומען א סטאלצע מינע און גערעדט ווי א סטאלצער מענש וועגען די חלושים, פאר וועמען דער תענית איז געוועזן זעהר א שווע־רער און ארויסגעזאגט מיין מיינונג אזוי ווי איך וואלט שוין געוועזן א בעיאהרענטער איד.

# נאָך יום כפור.

מיט׳ן ערשטען פלעקעל וואָס מיר האָבען אריינגעשלאָגען מוצאי יום כפור תיכף נאָכ׳ן עסען, איז די גאַנצע אימה און דער גאַנצער פחד פערשוואונדען פון דעם גאַנצען שטעדטעל. מען איז געוואָרען פרעהליכער, לעבעדיגער, אויפגעראַמטער. עפּעס אַן אָפּ־געריסענער נגון׳דעל פון אַ יום כפור׳דיגער תפילה האָט נאָך ארומ־געבלאָנקעט אין מארך, נאָר די יום כפור׳דיגע שאַרפקייט איז פון איהם אויסגעוועפּט געוואָרען און אין איהם איז נאָר געבליבען אַ זיסע מעלאַנכאָליע. ביים אונטערברומען אַזאַ נגון׳דעל פיהלט זיך עפּעס אַ מין פיעסטשען און ווייזט ניט קיין צובראָכענקייט.

די יונגע לבנה שפּאַצירט מיט אַ רחבת און פערשפּרייט אַ קאַלטליכען שיין און איהר קלאָרער אנבליק, איהר רוהיגער פּנים רופט ארויס אַ וואַרעמע האָפנונג ביים אידען אין הארצען. זי איז אונזערע און איז נעהענטער צו די העברעע ספערען, און איהר רוהיגער שיין איז אַ פערזיכערונג פון אַ גוטער חתימה אויף כל ישראל.

די נאַכט פון מוצאי יום כפור איז נאָך שטיל און יעדער זוכט וואָס לענגער אנצוהאַלטען די זיסע מעלאַנכאָליע. אויב דער טויער מוז געעפענט ווערען פאַר דער וואָכעדיגקייט פון דעם לע־בען, ווערט עס געטהאָן ניט גערן, על־פּי־מוז, און ווען צוויי טרע־פען זיך איצט איז אַלץ וואָס איינער האָט צו זאָגען דעם צווייטען: „אַ גוט יאָהר!“ „אַ גוט יאָהר!“

און ערשט אויף מאָרגען געפינט יעדער צוריק זיין געוועהנ־ליכע שטים און הערט אויף צו רעדען אין האַלבע טענער. דער טו־מעל פון דעם וואָכעדיגען לעבען קלייבט זיך צוריק אריין אין דער

אידישער גאס. מען רעדט, מען האנדעלט, מען דינגט זיך און מען הויבט אויף הויך דעם קול.

נאר אז עטליכע שכנות קלייבען זיך איצט צוזאמען, האבען זיי איצט ניט יענע עררעגטע פנים'ער, וואס מען זעהט געוועהנליך, ווען ווייבער רעדען רכילות. אין זייערע אויגען זעהט זיך א בליק פון בעוואונדערונג און זיי ציהען מיט די ליפען און שאקלען מיט די קעפ, און זייער געשפרעך דרעהט זיך ארום יום כפור.

נחמה דעם אגולניק'ס ווייב איז שוין א צייט קראנק און צוויי מאל האט מען שוין אראפגעבראכט צו איהר א גרויסען דאקטאר פון א גרויסער שטאדט. און דער היגער דאקטאר האט אנגעזאגט איהר און די שטוביגע אז זיי זאלען למה"ש ניט וואגען צו לאזען איהר פאסטען, ווייל דאס קען איהר קאסטען דאס לעבען. און איהר מאן איז געוועזען ביים רב, און דער רב האט אויך געשיקט איהר זאגען, אז זי זאל נעהמען עטליכע כזית און ניט שטעלען דאס לעבען אין סכנה, נאר נחמה האט ערקלערט איין מאל פאר אלע מאל אז זי וועט זיך ניט צוריהרען צו עסען, ווען אפילו זי זאל וויסען, אז זי וועט שטארבען דערפון.

— און א דאנק און א לויב זיין ליעבען נאמען, דער תענית האט איהר ניט געשאדט, אדרבא, זי פיהלט זיך אהן עין הרע נאך בעסער, נאר אביסעל אפגעשוואכט.

— אודאי איז דער זכות פון תענית גרויס און פון איהם קען צוקומען מעהר געזונט ווי פון א פאר כזית.

— אבער דאס איז א גרויסע גבורה צו קענען אפזאגען דעם דאקטאר און, להבדיל, דעם רב.

— א גבורה איז דאס, — מישט זיך אריין א יונגע פרוי, וואס האט זיך ניט לאנג אויפגעהויבען פון קימפעט, — אבער נחמה האט עופ'עלאך —

און די יונגע פרוי איז ניט זיכער צי זאל זי בעוואונדערען די גבורה פון א געפעהרליך קראנקער פרוי, וואס האט ניט קוקענ־דיג אויפ'ן דאקטארס ווארנונג און דעם רב'ס היתר אפגעזאגט זיך פון עסען אין דעם גרויסען תענית, אדער צי זי זאל קוקען קרום אויף

א מאמע, וואס שטעלט איין דאס לעבן ווען זי האט קליינע עופ׳עלאך.

די לעצטע בעמערקונג פון דער יונגער פרוי וואס האט זיך ניט לאנג אויפגעהויבן פון קימפעט האט עטוואס אפגעטעמפט די בע־וואונדערונג וואס איז פריהער געווען ביי די אנדערע ווייבער אין די אויגען, נאר באלד איז דער שמועס אריבער אויף די ווייבער, וואס האבן נעכטען גע׳חלש׳ט און ווידער זיינען די אויגען פול געווארען מיט בעוואונדערונג און יעדע איז טיעף אין הארצען מקנא, פאר וואס איהר איז דער תענית ניט אנגעקומען אזוי שווער. און די קנאה האט זיך גענומען ניט דערפון, וואס די גע׳חלש׳טע האבן אויף זיך געצויגען אויפמערקזאמקייט, וואס וואו מען שטעהט, וואו מען געהט רעדט מען וועגען זיי און מען קוקט אויף זיי, ווי זיי וואלטען גרויסע מעשים אויפגעטהאן, נאר דערפון וואס אזא תענית דארף אודאי זיין מעהר אנגענומען אויבען וואו מען לעגט די חתימה פאר׳ן גאנצען יאהר.

און אין בית המדרש נאך שחרית און נאך מעריב זיינען פער־זאמעלט קליינע רעדלאך און מען דערצעהלט אלע איינצעלהייטען פון מיכקע דעם כאלערניק׳ס טויט, און הגם יעדער האט עפעס אנדערש צו זאגען, און מען קען ניט אויסגעפינען ריכטיג, צי ער איז געשטארבען ארום מיטען שחרית, צי אנהויב מוסף צי גאר פאר מנחה, ווייל געשטארבען איז ער ביי זיך אין דער היים, וואו ער איז שוין געלעגען א פאר וואכען און נאר זיינע אן איינציקעל, א יונגע מיידעל איז געווען ביי זיין גסיסא און זי איז געווען אזוי צושרא־קען, אז מען קען פון איהר ניט דערגעהן, ווען די יציאת נשמה איז געווען, איז אבער קלאר אז געשטארבען איז ער יום כפור פאר מנחה, ווייל ווען זיין זוהן האט זיך ארויסגעכאפט פון בית המדרש נאך מוסף און איז געלאפען געוואהר ווערען צום טאטען, האט ער איהם שוין געטראפען טויט. און עס איז א גרויסע שקלא וטריא ווען זיין גזר איז אנגע׳חתמ׳עט געווארען : צו דער גזר איז געווען פון דעם לעצטען יאהר, ווייל ער איז נאך קראנק געווארען פאר ראש השנה, ארער צי דאס איז געווען דער נייער גזר פון היינטיגען יום כפור.

און אלע רעדען מיט זייערע ערנסטע פנים׳ער, מיט גערומפטע

שטימען ווי אין דער אנוועזענהייט פון א מת, און עפּעס אַז אימה איז פאַר דעם גזר וואָס איז אַנגע׳חתמ׳עט געוואָרען אפשר נאָך צו שחרית. און צוזאמען מיט דער אימה זעהט זיך אין די אויגען א צומישונג, צוטומלונג, פערווירונג. די גאנצע השגה פון „בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון“, ווערט פערוואַלקענט און ווען דער עולם האָט ארויסגעזאָגט אַלע השגות און אַלע סברות און לאָזט זיך געהן אהיים, זייגען די טריט שוואַך, ווי יעדער וואָלט געטראָטען אויף אַן אונזיכערען באָדען, און קיינער רעדט מעהר ניט קיין וואָרט, אזוי ווי דער טויטער קערפּער וואָלט געווען פאַר יעדענס אויגען און די געדאנקען זייגען פערנומען מיט א שווערער האַרבער פראַגע.

# ברוך דיין האמת.

עס איז שוין געוועזן לאנג נאך מעריב, נאר אין קלויז זיינען געבליבען מעהר מענשען ווי געוועהנליך. אויבען אן אין ווינקעל האבען זיך געשאקעלט א פאר ארימע בחורים איבער זייערע שטענדערס פאר חלב׳ענע ליכטלאך, וואס האבען פערשפרייט אן אומערדיגען שוואכען שיין ארום זיך. דא און דארטען פאר די לאנגע טישען זיינען געזעסען עטליכע בעלי בתים און האבען אריינגעקוקט אין א ספר. דער שמש איז געזעסען ביים טיש לעבען אויווען און האט ארומגעסקראבעט די פערשמאלצענע חלב פון די לייכטער.

נאר דער עולם וואס איז פערבליבען נאך מעריב האט זיך פערקליבען הינטער דער בימה. פיעלע זיינען געזעסען און פיעלע געשטאנען. נאר א לענגערע צייט האבען אלע געשוויגען אין אומגעביטען זיך נאר מיט קורצע בעמערקונגען. עס איז געוועזן גרינג צו זעהן, אז יעדען פון זיי האט עפעס געדריקט, נאר קיינער האט זיך ניט געאיילט ארויסצוזאגען, וואס ער האט געהאט אויפ׳ן לונג.

— עס ווערט קאלט, — האט זיך אנגערופען בעריל דער ציגעלניק, א הויכער, מאגערער און בלייכער איד, ניט אזוי וואס ער האט געפיהלט א קעלט, נאר כדי עפעס צו זאגען.

נאר די שטימונג איז געוועזן א צו ערנסטע ביי אלעמען, אז מען זאל זיך אומקוקען אויף אזא נארישע בעמערקונג. עטליכע האבען דערביי א ציטער געטהאן, אבער דאס איז ניט געוועזן פון דער קעלט, וואס דער ציגעלניק האט דערמאנט, נאר פון א גייסטיגער קעלט וואס האט איצט געבלאזען ביי אלעמען אין די קעפ.

דא אין קלויז איז היינט געוועזן נאחאמקע און איז צוגעפאלען צום ארון קודש. איהר איינציגע טאכטער שרה׳לע האלט ביים

שטאַרבען פון קינפעט, דער שטאָדטישער דאָקטאר האָט איהר שוין אָפּגעזאָגט דעם לעבען. און עס דוכט אויס, אַז נאַחאַמקעס פער־צווייפעלטע קולות פּילען נאָך אַז דעם מקום קדוש און דער פּרוכת איז דורכגעווייקט מיט איהרע טרערען.

און אַלע קענען נאַחאַמקע און שרה'לע. נאַחאַמקע האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט אין קיין נדבה און פאר יעדער דבר מצוה האָט זי געגעבען מיט דער פולער האנט. אין דעם גאַנצען שטעדטעל איז ניטאָ נאָך איינע, וואָס האָט אזוי פיעל ברכות געקראָגען ווי שרה־לע. זי איז געווען אַן איינציגע ציטערדיגע קינד און דעם גרעסטען נחת רוח האָט מען דער מאַמען פערשאַפט, אַז מען האָט איהר טאָכ־טער געגעבען אַ ברכה. און שרה'לע איז אוועק אין דער מאַמען, די זעלביגע פרומע, כשרה נשמה, די זעלביגע אָפענע האנט און די זעלביגע וואַרימע אידישע הארץ.

נאָר די ערנסטקייט וואָס איז איצט געווען אויסגעגאָסען אויף אַלעמענס פּנים'ער האָט בעדייט פיעל מעהר, ווי דער צער פאר דער גוטע למות'דיגער שרה'לע. אין דעם קליינעם שטעדטעל האָט יעדער אונגליק, וואָס האָט וועמען געטראָפען, אַנגעריהרט אַלעמען, בפרט ווען דער אונגליק האָט געטראָפען אזא פּערזאָן, ווי שרה'לע נאַחאַמ־קעס, וואָס איז געווען בעליעבט פון אַלעמען. נאָר די איצטיגע ערנסטקייט האָט פערטראָגען צו אַ מין מורא, וואָס יעדער האָט גע־האַלטען ביי זיך אין הארצען און דאָס איז ניט געווען קיין גע־וועהנליכע זאַך. ביי אַלעמען אין די אויגען איז געווען אַ ווייטעד בליק און די אינגלאַך, וואָס האָבען זיך פערמישט אין דעם רעדעל מענשען, האָבען ארויסגעוויזען מעהר שרעק ווי נייגיערדע.

פון אַ ווייטערען געסעל האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג פון אַ הונט, און אַ ציטער איז דורכגעלאָפען איבער אַלעמענס לייבער. די עטליכע בעלי בתים וואָס זיינען געזעסען איבער אַ בלאַט גמרא אָדער משניות, האָבען אָפּגעקעהרט די אויגען פון זייערע ספרים און אַ קוק געטהאָן אין דער ריכטונג, פון וואַנען דעם הונט'ס קלאַנג איז געקומען. עטליכע סעקונדען האָבען זיי געקוקט אזוי און דער־נאָך מיט אַ זיפץ געגומען זיך צוריק צו זייערע ספרים.

אַלע האָבען איצט געוואוסט, אַז שרה'לע איז געשטאָרבען. אַ

הינט קלאַנגט, איז אַ סימן אַז דער מלאך המות איז געקומען, און אַלע האָבן פערשטאַנען, וואוהין דער מלאך המות איז געגאַנגען.

די אינגלאך אין רעדעל האָבן זיך גענומען שטייפער טוליען צו די ערוואַקסענע מענשען.

— גאָר אַהן אַ חתימה, — האָט זיך ענדליך אַנגערופען זלמן פערקעס, אַן עלטערער איד מיט אַ געדיכטער גרויער באָרד און געדיכטע ברעמען.

ער האָט קיין נאָמען ניט דערמאַנט און אויך ניט בעמערקט, ווענען וואָס ער זאָגט עס. אין פלוג האָט אויסגעזעהען, אַז דאָס איז אַ בעמערקונג סתם אין דער וועלט אריין, נאָר אַלע האָבן געוואוסט די ריכטיגע בעדייטונג דערפון. ער האָט אין ווערטער אויסגעדריקט וואָס ביי אַלעמען איז געלעגען אויפ'ן האַרצען.

די ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַ פּראָטעסט און פאַר עשרת ימי תשובה איז געווים ניט קיין צייט צו פּראָטעסטירען. אַזוי ווי אַ שוידער איז דורכגעלאָפען דורך אַלעמען און די פערזאַמעלטע האָבן זייער נערוועזיטעט ארויסגעוויזען ווער דורך אַ הוסט, ווער מיט אַ גלעט זיך איבער'ן באָרד, און די וואָס זיינען געשטאַנען, מיט איבערבייטען די געוויכט פון קערפּער פון איין פוס צום צווייטען. עס האָט זיך בעמערקט, ווי אַלע האָבן זיך נעהענטער צוגערוקט איינער צום צווייטען און די אינגלאך אין דעם קליינעם רעדעל זיינען אין גאַנצען פערשטעלט געוואָרען. אָבער די בעמערקונג האָט אויסגעדריקט אַ געפיהל, וואָס איז ביי אַלעמען געלעגען אין האַרצען.

— יאָ, גאָר אַהן אַ חתימה, — האָט אונטערגעכאַפּט דער ציגעלניק.

— איהר געדענקט, רבי אייזיקעל, זכותו יגן עלינו, איז געשטאָרבען אין עשרת ימי תשובה, — האָט זיך אריינגעמישט בעריל דער מוליער.

— און רבי אלינקע, זכרון צדיק לברכה, איז געשטאָרבען דעם ערשטען טאָג ראש השנה.

— דאָס ווייזט אונז דער רבונו של עולם אַז לית רחמים בדין. אַזעלכע צעדערבוימער — און זיי האָט מען אויך קיין איבעריגע רגע ניט געשענקט. מעז דאַרף זיך ניט פערלאַזען אויף דער לעצטער

מינוט. דאַרטען וואַרט מען ניט און מען מאַכט ניט קיין שהיות.
עס האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ יאָמער אין גאַס, אַ יאָמער מיט׳ן סקאַרבאָוועז נגון פון די מקוננות. דער יאָמער איז געקומען פון דער ריכטונג, וואו שרה׳לע האָט געוואוינט.
— ברוך דיין האמת! — האָבען עטליכע געזאָגט אויפ׳ן קול.
די האַלבע פינסטערנים אין קלויז איז געדיכטער געוואָרען. די פערזאָמעלטע הינטער דער בימה זיינען נאָך אַ ווײַלע געבליבען אין דער זעלביגער פּאָזע, ווי פריהער, קיינער האָט שוין מעהר קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר קיינער האָט אויך קיין חשק ניט געהאַט איצט אָפּצוטרעטען איינער פון דעם צווייטען. ענדליך האָבען זיך אַ פּאָר עלטערע מענשען אויפגעהויבען, זייערע פּנים׳ער זיינען געוואָרען נאָך ערנסטער און דאָס וואָס אַלע זיינען געשטאַנען און האָבען געשוויגען האָט דעם שווערען און פּיינליכען איינדרוק געמאַכט נאָך שווערער. עס האָט אויסגעזעהן, ווי יעדער האָט געפיהלט דעם שטילען גערויש פון מלאך המות׳עס פליגלען, וואָס ער האָט אויסגעשפּרייט איבער דער שטאָדט.
און ווען דער עולם איז ארויס פון קלויז האָט אויסגעוויזען אַז מען האָט זיך פּנים אל פּנים געטראָפען מיט׳ן טויט און עס איז געוועזן אַזוי אימה׳דיג, און געגאַנגען איז מען אין מיטען גאַס, ווי מורא האָבענדיג פאַר די שאָטענס פון די הייזער.

# דער סכות'דיגער קידוש.

ווען נחום דער שערער האט מוצאי יום כפור לויזער געמאכט די דזשאסקע אין מיטען זאטען עסען, און די אויגען, וואס האבען פריהער געהאט דעם אויסדרוק, אז זיי וואלטען א וועלט איינגע־שלונגען, האבען אנגעהויבען צו ווייזען א חיה'דיגע צופרידענהייט, האט זיך אין שטוב וואס איז געווען אבגעצאמט מיט א דינעם וועגטעל פון זיין קאמער, דערהערט א רוקענים פון ביינקלאך און דאס האט בעדייט, אז דארטען איז מען שוין פארטיג געווארען מיט'ן עסען.

— זיי זיינען שוין פארטיג, האט נחום געזאגט צו זיין ווייב, וועלכע האט איצט אריינגעלעגט אין טעלער דעם איבערגעבליבענעם צימעס פון נעכטען.

— וואס איז היינט פאר אן איילענים? היינט וועט מען ניט ארבייטען.

— וויים איך, וואס פאר א ספיעשקע דארטען איז! גיב א סקראבע דעם טעפעל.

ער האט זיין ווייב געהייסען א סקראבע טהאן דעם טעפעל, ניט דערפאר ווייל איהם איז דאס עסען געווען ווענינ. ער האט שוין אליין ניט געוואוסט, ווי אזוי דער צימעס וועט אריינקריכען אין איהם. נאר יענער טהייל צימעס ארום די וועגטלאך פון טעפעל איז ביי איהם געווען דער בעסטער חלק, א גאנצע עולם ומלואה. הגם דער שפיזעל פון דער דזשאסקע איז שוין געווען אפגערוקט צום ערשטען לעבעל, האט דער גערויש פון דעם לעפעל איבער די וועגטלאך פון דעם צימעס־טעפעל ארויסגערופען וואסער ביי איהם אין מויל. פון גרויס צופריעדענער ערווארטונג האט ער זיך א

פאר מאל א רוק געטהאן אין זיין ביינקעל און א הויב געטהאן מיט די אקסלען.

אין שטוב האט זיך געהערט א ימים נוראים׳דיגער ניגון׳דעל, וואס מאיר איטשע דער שניידער האט אויסגעברומט אונטער דער נאז, נאר דער ניגון׳דעל האט איצט שוין מעהר ניט געהאט די שארפקייט און די מורא, וואס ער האט פערשפרייט אין שול. פער־קעהרט, די קלאנגען האבען אנגענומען עפעס א ווייכקייט און פרעהליכקייט. פלוצים האט זיך דער ניגונ׳דעל איבערגעריסען און עס האט זיך דערהערט מאיר איטשעס קול:

— נו, בערעלע, קום, מיר וועלען אריינשלאגען דעם ערשטען פלעקעל.

די גאנצע פרעהליכקייט און צופריעדענקייט וואס נחום האט ארויסגעוויזען, איז פלוצים פערשוואונדען געווארען. דער ערשטער בלאז פון שופר מאכט ניט אזא אומעדיגע דריקונג אויף דער אידי־שער נשמה, ווי די דאזיגע עטליכע ווערטער, וואס מאיר איטשע האט געזאגט צו זיין אינגעל, האבען געמאכט אויף איהם.

אריינשלאגען דעם ערשטען פלעקעל פאר דער סוכה איז די פרעהליכסטע ארבייט אויף דער אידישער גאס. די דאזיגע פרעה־ליכקייט האט זיך גלייך דערהערט אין דעם אינגעלס קול׳כעל, ווען ער האט געענטפערט מיט אונגעדולד: „קום, טאטע!“ נאר נחום דער שערער איז אפשר געווען דער איינציגער מענש אויף דער אידישער גאס צו פערלירען דעם מוטה ביים דערמאנען די סוכה.

נחום דער שערער האט מורא געהאט פאר דער סוכה, און מורא געהאט פאר דער סוכה האט ער צוליעב דעם סכות׳דיגען קידוש.

דער פרעהליכער, לעבעדיגער יום טוב׳דיגער קידוש, וועלכער בעט זיך פשוט צום זינגען און פערטרייבט אלע וואכעדיגע זארגען פון אידישע פנים׳ער און פילט אן אלע אידישע הערצער מיט א שאלענדער פרייד, האט געהאט דעם גרעסטען שרעק פאר נחום דעם שערער סכות צייט. דער סכות׳דיגער קידוש איז געווען נחום דעם שערערס אבקומענים אויף דער וועלט, א סטראשידלע וואס

האָט איהם פון מוצאי יום כפור ביז שמחת תורה ניט געלאָזט רוהען. דער סכות'דיגער קידוש איז געווען זיין גאַכטמאַר.

און דאָס איז געווען ניט אומזיסט. נחום דער שערער האָט פערנומען גאָר אַ בעזונדערען פלאַץ אין שטעדטעל. ער איז געווען אַ סאָלדאַט פון פאַר דעם נייעם „אוסטאַוו“. אָפּגעגעבען האָט מען איהם, ווען קינדער אין זיינע יאָהרען זיינען נאָך אין חדר געגאַנגען, נאָך דער נייער אוסטאַוו איז צוגעקומען, ווען ער האָט זיך נאָך רעכט ניט איינגעדיענט, און ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אַ בעפ־רייטער צו אונז אין שטעדטעל מיט די אַלע אייגענשאַפטען פון אַ ניקאָלאַיעווסקי'ן סאָלדאַט און אַהן דעם פתחון פה פון אַזעלכען.

ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, ווען ער האָט זיך צוריק־געקעהרט און איז געווען כמעט אַ קיילעכדיגער עם הארץ. אין שטעדטעל זיינען געווען עטליכע אויסגעדיענטע ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטען און זיי זיינען געווען אפשר אַזוי טעמפּיג אויף עברי ווי ער. נאָר יענע האָבען זיך דערמיט אַזוי ניט געשעהמט, ווי ער. יענע האָבען שטענדיג דערצעהלט די נסים, ווי אַזוי מען האָט זיי אויף אָרבעס אויף די קניע געשטעלט און געצוואונגען זיי צו „מאָ־ליען“ זיך און פּאַטשערעס צו זאָגען און דאָך האָבען זיי אַרויסגע־ראַטעוועט דאָס ביסעלע טעמפּיגע עברי און דורך אַלע לאַנגע יאָהרען האָבען זיי עס אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. ער האָט די דאָזיגע נסים ניט געקאָנט דערצעהלען, און ער האָט עס ניט געקאָנט דערצעהלען שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער האָט זיך צוריק געקעהרט אַזוי יונג. די ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטען אין שטעדטעל האָבען אַרונטערגעקוקט אויף איהם פון אויבען אַרונטער און האָבען איהם ניט געוואָלט אנערקענען אַלס איינעם פון זייער חברה.

די אַנדערע ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטען האָבען געפיהלט עפּעס אַ געוויסע גייסטיגע פרייד, ווען זיי האָבען געבראַכען זייערע צייה־נער אויף עברי. דאָס איז געווען דער לעבעדיגער עדות פון דעם קידוש השם אויף וועלכען זיי האָבען זיך געשטעלט. וואָס האַרטער די עברי אַלץ מעהר האָט דאָס דערמאָנט די יסורים וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען. דאָס האָט אויך געדיענט אַלס שטומער פּראָטעסט

נעגעך אלע יענע, וואס האבען ביי זיי גערויבט די מעגליכקייט צו קאנען מעהר אידישקייט.

נחום דער שערער האט אזא גייסטיגע פרייד ניט געהאט פון זיין עם הארצות. ניט נאר האט ער ניט געהאט אויסצושטעהען אזעלכע געבראטענע יסורים ווי זיי, נאר ער איז נאך געווען יונג גענונג, אז ער זאל נאך אלץ קאנען גוט מאכען. און ער האט זיך מיט זיין עם הארצות געשטיקט און געשעמט. מילא, א גאנץ יאהר איז קיין בייז ניט געווען. איהם האט אויסגעוויזען, אז איהם געלינגט צו בעהאלטען זיין טעמפיגע עברי פון עולם. ער האט אפילו קיין מורא ניט געהאט פאר די ימים נוראים׳דיגע תפלות, ביי וועלכע פראסטערע מענשען ווערען אפט מבולבל פון די אפשיקע־ניסען פון איין דף צום צווייטען אין די ארימע עקאנאמישע מחזורים. ער האט זיך געקליגט נאכצוזאגען אלץ וואס דער חזן האט געזאגט און האט אין גאנצען אויסגעלאזט, וואס דער צבור האט געזופט. דער קידוש האט פאר איהם א גאנץ יאהר אויך קיין שרעק ניט געהאט. מיט דעם שבת׳דיגען קידוש איז ער שוין געווען געוועהנט און ביי זיך אין קאמער האט ער געקאנט ארונטערשלינגען עטליכע ווערטער, אויב דער נגון האט זיך אויסגעלאזט פאר דער צייט, אדער, פערקעהרט. אויסזינגען דעם איבריגען שטיקעל נגון אונטער דער נאז, אויב די ווערטער האבען זיך אויסגענומען פריהער.

אבער סכות האבען קיינע פון די מיטלען ניט געקאנט העלפען. סכות האט ער געמוזט ארויס מיט׳ן לשון און מיט׳ן נגון אזוי, אז עס זאלען ניט בלייבען קיין איבריגע ווערטער און ניט קיין עק פון דעם נגון. סכות דארף ער מאכען דעם קידוש אין סוכה, דאס הייסט פאר דעם גאנצען געסעל אין די אויגען אדער ריכטיגער פאר דעם גאנצען געסעל אין די אויערן, ווייל אלץ וואס מען רעדט אויף׳ן קול אין איין סוכה, הערט מען אין אלע ארומיגע סכות. און ערגער פון אלץ איז וואס ביי אזא קידוש שטעהט זיין איטקע אין דער טהיר און זי קאן זעהן און הערען אלע מינעס און בעמערקונגען, וואס מען וועט מאכען. ער האט זיך צוגעקוקט, ווי די מאיר איט־שיכע שטעהט אין סוכה, ווען איהר מאן מאכט קידוש און ער האט נעזעהען דעם נחת וואס שפיגעלט זיך אפ אויף איהר געזיכט.

ווען ער הויבט אן מיט א ברייטקייט „ו־־ת־תן לנו" און ער האט זיך גרינג פארגעשטעלט דעם צער און די בושה, וואס איטקע וועט האבן פון זיין קידוש.

ערב יום טוב איז די איינציגע צייט ווען מען פערדיענט עט־ליכע גראשען פון שערעריי און דאריבער האט ער קיין צייט ניט געהאט צוזעצען זיך צו א סדור און אריינקנעלען מיט'ן קידוש. נאר אפילו ווען ער זאל צייט האבען וואלט ער אויך ניט געקאנט, דיר ניט, מיר ניט, סתם אין מיטען וואך שטעלען זיך זינגען א יום־טוב'דיגען קידוש. דורך דעם דינעם ווענטעל, דורך די אפענע פענסטער וואלט מען עס געקאנט הערען און מען וואלט זיך צו־נויפגעלאפען אויף בייז וואונדער.

נאר אין זיך האט ער געזונגען דעם קידוש פון מוצאי יום כפור ביז ערב סכות. ער האט די ווערטער אויף אויסוועניג ניט געוואוסט און ער האט לכל הפחות געזוכט איינצואיבען זיך אין דעם ניגון. דעם „ותתן לנו" האט ער נאכגעמאכט מיט אלע פיסטשעווקעס מאיר איטשען דעם שניידער און איהם האט אויסגעדוכט אז דאס יאהר וועט שוין געהן גלאטער.

נאר ווען די ערשטע נאכט סכות איז געקומען און ער איז אריין אין סוכה און איטקע האט זיך געשטעלט אין טהיר און עס איז געקומען צו קידוש, האט ער דערפיהלט, אז דער וועטער האט זיך מיט אמאל אין גאנצען געענדערט און איהם האט אויסגעוויזען, אז א ביטערע קעלט בלאזט פון אלע זייטען. ער האט אנגעהויבען צו ציטערען מיט אלע גליעדער, און וואס מעהר ער האט געציטערט אלץ מעהר האט ער זיך פערפלאנטערט אין די ווערטער און דער נגון איז דערווייל אליין געשפרונגען ווייטער.

מאיר איטשע איז איהם גלייך געקומען צו הילף און ניט נאר האט ער אונטערגעזאגט די ריכטיגע ווערטער, נאר ער האט זיי ממש אריינגעלעגט איהם מיט'ן נגון צוזאמען אין מויל. דאס האט איהם נאך מעהר מבלבל געמאכט. ער האט דערפיהלט, אזוי ווי זיינע פיס האבען זיך אפגעריסען פון דער ערד און מאיר איטשע האלט איהם צו מיט א דיגינקען פעדימעל... די ווערטער אין מחזור האבען זיך אנגעהויבען צונויפגיסען און קאטשען און ווען עס איז געקומען

צו „חגים וזמנים לששון את יום" איז שוין ניט געבליבען קיין נגון און קיין ווערטער. פון דער צונויפגעגאַסענער קאַלטענדיגער מאַסע האָט צו איהם אַרויסגעקוקט אַ בלייך קליין ווערטעל, וואָס האָט אויסגעזעהען עפּעס ווי „בשבת" אין מאיר איטשע האָט שוין אַהין אַ נגון געשריען העכער ווי די גאַנצע צייט „חג הסוכות" און נחום דער שרער איז געבליעבען שטעהן און אין קאָפּ האָט זיך איהם איצט געדרעהט איין וואָרט: „שאַבאַש!" דער דינינקער פּעדימעל וואָס האָט איהם נאָך געהאַלטען צו דער ערד האָט זיך איבערגע־ריסען.

מאיר איטשע האָט איהם אָבער ניט אָפּגעלאָזט און נאָך אַ היבשען שלעפּען האָט ער איהם צוריק אַרויפגעפיהרט אויף אַ דרך. גאָר איצט האָט מאיר איטשע פאַרגעזאָגט יעדען וואָרט מיט'ן נגון און נחום האָט אויטאָמאַטיש נאָכגעזאָגט, ניט אָפּנעהמענדיג די אויגען פון דעם קליינעם בלייכען ווערטעלע „בשבת". ווי איי־נער וואָס ווערט געשטרויכעלט און פאַלט, קוקט אויפ'ן געגענ־שטאַנד וואָס האָט גורם געווען דערצו.

— לזמן הזה! – האָט מאיר איטשע געענדיגט זיין פאַרזאָ־גען מיט אַ פרעהליכען קול.

— לזמן הזה, — האָט נחום געענטפערט נאָך אַלץ אויטאָמאָ־טיש, ניט אָפּנעהמענדיג די אויגען פון דעם קליינעם בלייכען ווער־טעלע „בשבת" און ניט בעגרייפענדיג, אַז זיין אָפּקומענים האָט זיך געענדיגט.

ער איז געבליבען שטעהן ווי אַ צומישטער מיט'ן מחזור אין איין האַנט און מיט'ן כוס אין דער צווייטער.

עטליכע סעקונדען האָט מאיר איטשע ניט געקאָנט פאַר־שטעהען, וואָס ער שטעהט נאָך. נאָר באַלד האָט ער זיך אָנגעשטוי־סען און מיט'ן זעלביגען פרעהליכען יום טוב'דיגען קול האָט ער איהם אונטערגעזאָגט:

— און איצט טרינקט און גיט אייער ווייב אַ זופּ.

דערלאַנגען דעם בעכער דער ווייב איז איצט געווען ערגער ווי דער גאַנצער קִידוש. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט מאַכען זיך האַרץ און אַ קוק טהאָן אויף איהר. ער האָט איהר דערלאַנגט דעם

כוס מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען. דעם גאַנצען אָבענד ביים עסען האָט ער די אויגען ניט אויפגעהויבען און איז געזעסען ווי אַ בעגראָבענער. נאָר ווי ערנידריגט, פערשעמט ער האָט זיך דאָ ניט געפיהלט צווישען די מאַנסביל (די ווייבער האָבען אין סוכה ניט געגעסען) האָט ער זיך געוואונשען, אַז דער מאָהלצייט זאָל זיך דאָ קיינמאָל ניט ענדיגען. דער געדאַנק אַז נאָך דער סעודה דאַרף ער אריין אין שטוב און זעהן זיך אויג אויף אויג מיט'ן ווייב האָט איהם געמאַכט קאַלט און וואַרעם.

פון סוכה איז נחום דער שערער אַרויס ווי פון אַ קאַסטראַי. און נאָך פיעל ערגער האָט ער זיך געפיהלט, ווען ער איז אריין אין שטוב.

אַ היבשע צייט האָט ער אויסגעמיידט צו קוקען אין זיין ווייבס זייט, נאָר ווען ענדליך זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט, האָט ער דערזעהן אין זיי אַזאַ טיעפען רחמנות, אַזוי פיעל סימפּאַטהיע, אַז טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען.

# ניט אָפּגעביסען.

(סקיצע)

לעמקע און זיין ווייב די לעמקיכע זיינען געווען א פּאָר דער־שלאָגענע מענשען. ער האָט ניט געהאַט קיין מלאכה און איז געווען גרייט צו טהאָן אלץ אין דער וועלט. ער האָט פאר די מוליאַרעס ליים געקנאַטען, פון צייט צו צייט געהאַט א טאָג ארבייט אין דער ציגעלנע, זומערצייט איז ער א שומר געווען אין א סאַד און וואו נאָר עס איז געווען א שווארצע ארבייט האָט מען איהם גערופען. נאָר פון אלע אזעלכע פערדיענסטען האָט ער מיט זיין ווייב און קינדער געלעבט אין גרויס דחקות און דער דלות האָט געפּייפט אין אלע ווינקעלאַך.

זיי האָבען געהאַט דריי קינדער און אלע מיידלאַך. לעמקע האָט גרויס צער געהאַט, וואָס זיי האָבען ניט קיין אינגעל. ווי דער דלות זאָל ניט זיין, איז מיט א אינגעל פרעהליכער אין שטוב און לאחר מאה שנים איז א אינגעל גוט פאר קדיש, און די לעמקיכע האָט געזעהן זיין צער און האָט זיך געפּיהלט שולדיג.

א שטראַהל פון האָפנונג פלעגט זיך איהר ווייזען די ערשטע טעג סכות. זי האָט געהערט אז דער פּטום איז א סגולה פאר א זכר און אלץ וואָס מען דאַרף איז אָפּבייסען איהם. זי האָט אויך געוואוסט, אז דער שמש האָט שוין געוועהנליך פון פאר יום טוב בעשטימט, וועמען צו געבען אָפּצובייסען דעם פּטום. נאָר אמאָל געפינט זיך א כוואַטסקע ווייבעל, וואָס קוקט ניט דערויף, ווי דער שמש האָט פריהער בעשטימט און איז זיך אליין מכבד מיט'ן פּטום. און זי האָט אין הארצען בעוואונדערט די ראָזינע ווייבעל און געגעבען איהר גערעכט.

— אַט טאַקע אַזוי דאַרף מען טהאָן. פאַר וואָס קומט עס אַלץ זיי, די רייכערע? און אַז מען איז אַן אָרימע, דאַרף מען שוין זיין אין גאַנצען הפקר?

נאָר דעם דאָזיגען פּראָטעסט האָט זי הויך ניט אַרויסגערעדט און דאָס האָט זי גע׳טענה׳ט מיט זיך אַליין, און דאָס איז אין גרונט גענומען, ניט געווען אַזוי אַ פּראָטעסט, ווי אַ מיטעל זיך אַליין צו צוגעבען מוטה.

ווי נאָר עס פּלעגט קומען סכות האָט איהר דער אתרוג דער־מאָנט אָן דעם צער פון איהר מאַן, פאַר וואָס זי האָט ניט קיין אינגעל, און זי האָט זיך נאָך שולדיגער דערפיהלט דערפאַר, וואָס זי האָט ניט דעם מוטה ווי אַנדערע ווייבער, וואָס קליגען זיך אָפּצו־בייסען דעם פּטום, צו מיט גוטען, צו מיט בייזען. בוניע די שוס־טערקע איז אויך אַ קבצן׳טע און פון דעסטוועגען האָט זי דערוויי־זען אָפּצובייסען דעם פּטום און פאַר וואָס האָט זי עס קיין מאָל ניט געטהאָן?

איינמאָל, די צווייטע נאַכט סוכות, ווען לעמקע איז נאָך דער סעודה אַריינגעקומען אין שטוב, דאָס הייסט אין קאַמער, ווייל אין שטוב זיינען געווען עטליכע שכנים, האָט זי איהם פּלוצים אַ פרעג געטהאָן:

— פיעל קאָסט אַן אתרוג?

— אַה־אַה־אַ־ה־ה־ה! האָט ער געענטפערט, גוט אויפגע־לעגט נאָך דער סעודה, און האָט זיך אַ קראַץ געטהאָן אין דער פּאַ־טילניצע. — דאָס איז ניט פאַר נאַש בראַט. דאָס דאַרף קאָסטען אַ שלל געלד.

און וויפיעל דאָס דאַרף קאָסטען האָבען זיי ביידע קיין בעגריף ניט געהאַט. לעמקע האָט געוואוסט, אַז די גאַנצע קלויז פערמאָגט איין אתרוג און הושענא רבה אין דער פריה, ווען יעדער דאַרף צוקומען צום גבאי און בענשען אתרוג, דאַרף ער פריהער אַריינ־וואַרפען אין טעלער עטליכע האַרטע מטבעות און דער גבאי גיט גוט אַכטונג, אַז די מטבעות זאָלען ניט זיין גראָשענס און קאָפּיקעס. ער האַלט צוליעב דעם איין טעלער איבער דעם צווייטען און אַזוי גיך ווי איינער וואַרפט אַריין די עטליכע מטבעות אין דעם אוי־

בערסטען טעלער, שיט ער זיי איבער אין דעם אונטערסטען, כדי מען זאָל זעהן, פיעל איינער ווארפט אריין, און אזוי ווי לעמקע איז אין חשבון'ען ניט געווען קיין גרויסער מזיק, האָט ער געשאַצט, אז אין דעם אונטערסטען טעלער איז מי יודע פיעל געלד און ביי איהם איז אויסגעקומען אז דאָס געהט אלץ פאַר דעם אתרוג. ער האָט אויך געזעהן, אז די פני פון קלויז האָבען בשותפות געהאַט זייער אייגענעם אתרוג און מען פלעגט איהם אין קלויז ברענגען אין א זילבערנע פושקע און דערפון האָט ער זיך אויך אָנגעשטויסען, אז אן אתרוג דאַרף קאָסטען א שלל געלד, בפרט ווען ער האָט נאָך געהערט, אז זייער אתרוג איז ניט אזא מהודר'דיגער ווי דער קלייזעלשער.

די פראַגע וויפיעל אן אתרוג דאַרף קאָסטען איז ניט געווען סתם אין דער וועלט אריין. אז מען איז, חס ושלום קראַנק, ניט מען זיך דאָך אן עצה און מען רופט א רופא און דאָס קאָסט צעהן גראַשען און אין אפּטייק קאָסט נאָך מעהר ווי צעהן גראַשען — א שטיקעל אייגענס, נאָר אז מען מוז, איז דאָך קיין תירוץ ניט. האָט זי געטראַכט, אפשר, ווער ווייסט, קען מען א כח איבער זיך אָנטהאָן.

זי האָט געוואוסט, אז ווען עס זיינען ניטאָ קיין חיובים קריעגט דער שמש עטליכע גראַשען פאַר לאָזען אָפּבייסען דעם פּטום. נאָר ער האָט שטענדיג בילכערע און אזא ווי לעמקיכע וועט מען קיינמאָל דערצו ניט צולאָזען.

און זי האָט בעשלאָסען, אז ווען מען קען ניט מיט גוטען זאָל זיין מיט בייזען.

זי האָט זיך איצט בעסער צוגעקוקט צום אתרוג, ווען מען האָט איהם געבראַכט צום בענשען. זי האָט בעמערקט, אז ווען זי נעהמט איהם איבער פון דער שכנה, גיט דער שמש א דרעה דעם אתרוג און זי האָט זיך אָנגעשטויסען אז דער פּטום איז נאָר איינער אָדער אויבען אָדער אונטען, און זי האָט ניט געוואוסט וועלכער.

הושענא רבה אין אבענד, האָט זי א פרעג געטהאָן דעם מאַן:

— אן אתרוג האָט נאָר איין פּטום?

— איינעם.

— און וועלכער איז דער פּטום?

— אָה, דער שמש ווייזט דיר, האָט ער געענטפערט אַרויס־מאַכענדיג זיך.

און דער אמת איז געווען, אַז ער האָט אַליין אויך ניט גע־וואוסט וואו דער פּטום שטעקט, און זיין שכן אין קלויז האָט איהם שטענדיג געדאַרפט ווייזען, איבער וועלכער זייט צו מאַכען די ברכה.

— איז גאַר ניטאָ קיין סימן? האָט זי ווידער געפרעגט.

— דער שמש ווייזט שוין דעם סימן.

— זאָג מיר אויך.

— דאָס קען מען אַזוי ניט זאָגען. דו וועסט ניט פערשטעהן.

נאָך אַלעמען, איז ער געווען אַ מאַנסביל און עס האָט ניט געפּאַסט פאַר איהם, אַז ער זאָל אַזאַ זאַך ניט וויסען.

אַ לאַנגע צייט איז זי אין דער נאַכט פון הושענא רבה ניט איינגעשלאָפען און האָט געטראַכט און געטראַכט און צום סוף איז זי געפאַלען אויף אַ פּלאַן. ווען זי וועט פאַרטיג ווערען מיט'ן אתרוג בענשען וועט זי ליתר בטחון אָפּבייסען ביידע עקען. דער דאָזיגער בעשלוס האָט איהר בערוהיגט און זי איז מיט אַ גרינ־גערען האַרצען איינגעשלאָפען.

נאָר ווען זי איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה, האָט איהר האַרץ געקלאַפּט שטאַרקער ווי געוואוינליך און עפּעס אַ מין צי־טערנים איז איבערגעגאַנגען איבער איהר גאַנצען לייב. זי האָט געפיהלט, ווי זי קלייבט זיך צו בעגעהן עפּעס אַ מין גזלה, און ווער ווייסט, ווי מען וועט אויף איהר דערנאָך קוקען. נאָך אַלעמען, איז דאָך דער שמש אויך אַ מאַנסביל און עס וועט אויסקומען, אַז זי האָט זיך געבאַרעט מיט איהם.

וואָס לענגער זיי האָט געוואַרט אויפ'ן שמש, אַלץ מעהר אונ־רוהיג איז געוואָרען איהר האַרץ. און עטליכע מאָל אין דעם דאָזי־גען פריהמאָרגען האָט זי זיך בעטראַכט, אַז זי וועט קיין מחזקות ניט מאַכען, אין זי האָט זיך דערפיהלט ערלייכטערט.

ענדליך איז דער שמש געקומען.

בולטער ווי אַלע מאָל איז איצט פאַר איהר אַרויסגעטראָטען

דער צער פון איהר מאן און זי האט בעשלאסען, אז עס זאל זיין וואס עס וויל, און זי וועט דעם פטום אפבייסען. זי האט אפגע־ווארט, ביז אלע שכנות זיינען פארטיג געווארען מיט'ן אתרוג בענשען און ווען עס איז געקומען איהר רייהע, האבען איהר די הענט אנגעהויבען צו ציטערען.

פאר'ן ערפאהרענעם אויג פון דעם שמש איז געווען גענוג צו געבען אויף איהר איין בליק און אנשטויסען זיך וואס זי קלייבט זיך צו טהאן. ער האט דעם אתרוג פון זיין האנט ניט ארויסגע־לאזט און געלאזט נאר איהר האנט אנשפארען פון אויבען און אויף דעם זעלבינגען אופן האט ער דעם אתרוג איבערגעקעהרט און ווידער נאר געלאזט אנשפארען איהר האנט פון אויבען.

— א גוט יאהר! האט ער געזאגט.

און איידער זי האט זיך ארומגעקוקט איז שוין פערשוואונדען פון איהרע אויגען אפילו דער שפיץ פון דעם לולב

# ווען די קינדערשע יאָהרען האָבען זיך געענדיגט.

(סקיצע)

(זכרונות פון דער אַלטער היים)

אין יענע יאָהרען איז אַ נייער בגד, נייע שטיוועלאך, אַ נייע היטעלע געווען אַ גאַנצע געשעהענים אויב ניט אַן עפּאָכע אין מיין לעבען. נאָך מיט וואָכען און וואָכען פאַר ימים נוראים האָט די מאַמע אָפּען געוויזען ווי עס דאַרט איהר דער קאָפּ פאַר איהר קליינעם טאַרעס. זי האָט מיך אין דער פריה און בייטאָג בעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, בעקוקט דאָס היטעלע, די קאַפּאָטקע, די שטי־וועלאך און האָט זיך שטיל אָבגעזיפצט. זייער צושטאַנד איז ניט געווען קיין געהויבענער. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט זי די רעוויזיע גע'פּטר'ט נאָר מיט זיפצען און פּלוצים אין אַ שעהנעם טאָג האָט זי מיר ערקלערט, אַז מיר געהען נעהמען אויף אַ גאַרניטורל.

פאַרטיג געוואָרען מיט'ן גאַרניטורל איז שוין די טעגליכע רעוויזיע פערקלענערט געוואָרען, איצט האָט די מאַמע נאָר געהאָט אויגען פאַר די שטיוועלאך און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ סדרה פון זיפצען ביז עס איז ווידער געקומען אַ שעהנער טאָג און די מאַמע האָט מיר געהייסען רופען דעם שוסטער.

דאָס היטעלע איז געקומען גאָר צום לעצט, סאַמע ערב ראש השנה, און דאָס איז שוין געווען דעם טאַטענס אַרבייט, ער האָט מיך גענומען צום קירזשנער און איך בין שוין געווען בעזאָרגט מיט אַלע נויטיגע זאַכען, און ערשט איצט האָט די מאַמע זיך אָבגעזיפצט מיט ערלייכטערונג. אַ שווערער שטיין האָט זיך איהר אַראָפּגע־קייקעלט פון האַרצען.

זי האָט אין דעם געזעהן גאָטס נסים אָדער חסדים. די פּרנסה איז געווען שטיל און עס איז געווען שווער אויסצוקומען מיט די סאַמע נויטיגע הצטרכות. זי האָט גערעכענט און געררעכענט און האָט בשום אופן ניט געזעהן, ווי אַזוי זי וועט קענען אַפּרייסען אַזוי פיעל געלד פאַר מיר, און זי האָט שטאַרק מורא געהאַט איך זאָל ניט האָבען קיין פערשטערטען יום טוב, און אַז סוף כל סוף האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז איך האָב מיין נייען גאַרניטורל און די נייע שטיוועלאַך און דאָס נייע היטעלע, איז דאָס ניט געווען קיין נס?

ביז סכות האָב איך מיינע נייע בגדים שוין געטראָגען פיער טעג, דאָס איז געווען די צוויי טעג ראש השנה, שבת שובה און יום כפּור, און איך האָב שוין געקראָגען אַלע ווינשעוואַניעס, ווי „טראָג געזונט“, „פערניץ געזונט“, „התחדש“ פון אַלע קרובים און פריינד נאָך פאַר סכות. און הגם דער גאַרניטורעל איז געווען ווי ערשט פון נאָדעל ארויס, און די מאַלין פאַרב צווישען די פאַדעשוועס און אַבסאַצען פון מיינע שטיוועלאַך האָט נאָך געבלאַנקט, אַזוי ווי איך וואָלט זיי ערשט צום ערשטען מאָל אָנגעטהאָן, האָט זיך שוין מסתמא דער געפיהל פון נייקייט ביי מיר אַביסעל אָבגעריבען, ווייל איך האָב זיך געלאָזט בעהערשען און בייקומען פון אַן אַנדער געפיהל.

איך האָב אויף יום טוב אַנגעגרייט זיך מיט קליינע ניס און האָב אויך ניט פערגעסען צו בעזאָרגען זיך מיט עטליכע צווילינגס, וועלכע זיינען מזל'דיג ביים שפּיעלען. דעם ערשטען טאָג סכות האָב איך געשפּיעלט רוהיג און האָב ניט פערגעסען, אַז איך בין בענייט פון קאָפּ ביז די פיס און בין פאַר מנחה געקומען אהיים זעהר אויפגעראַמט און מיינע נייע זאַכען האָבען געשפּיגעלט.

נאָר דעם צווייטען טאָג סכות האָב איך זיך שוין מעהר אריינגעצויגען אין דעם שפּיעל. אין דער סכה ביים וואַרעמעס האָב איך זיך קוים דערוואַרט צום „ד' יברך את עמו בשלום“ און בין ווי אַן אונטערגעשאָסענער אוועקגעלאָפען זוכען חברים צום שפּיעלען.

מיר איז אָנהויב געווען ניט מזל'דיג און האָב פערלאָרען די גאַנצע ניס און איך האָב געמוזט צוריקקעהרען זיך אהיים אָנפילען

א נייע קעשענע. איך האָב שוין די פֿריהערדיגע קאָמפּאַניע ניט געטראָפֿען און בין אוועק אויפֿ'ן שולהויף זוכען שפּיעלער. דאָ האָב איך געפֿונען עטליכע אינגלאַך. נאָר צום שלים־מזל האָבען אַלע געהאַט נייע היטעלאַך און אַזוי ווי צום שפּיעלען האָט זיך געפֿאָדערט אַ היטעל און עס האָט שוין געהאַלטען. אַז פֿון דעם שפּיעלען זאָל גאָר ניט ווערען. האָב איך זיך ארויסגערופֿען צו געבען מיין היטעל.

אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, וואָלט איך אַזאַ זאַך בשום אופֿן ניט געטהאָן. דאָ איז ניט געווען אַזוי די פֿראַגע פֿון דעם נייעם היטעלע, ווי פֿון זיין בגלוי הראש. נאָר דערצו האָט מיך איצט געטריבען אַ שטאַרקע קראַפֿט, און דאָס איז געווען די קראַפֿט וואָס טרייבט אַ געמבלער צוריקגעווינען, וואָס ער האָט פֿריהער פֿערלאָרען.

מיר האָבען זיך געשטעלט שפּילען און דאָס רעדעל האָט זיך געדרעהט. דאָ האָב איך געוואונען און דאָ צוריק פֿערלאָרען. מיר זיינען אַלע געווען פֿערקאַכט אין דעם שפּיעל און געזעהן פֿאַר זיך נאָר דאָס היטעל מיט די ניס.

איין מאָל האָט זיך אַנגעקליבען אַ גאַנצע היטעל ניס, און די פֿערקאַכטקייט פֿון די שפּיעלער איז געוואַקסען. אַלע אַ חוץ איי־נעם, וואָס האָט געדאַרפֿט שיסען, זיינען געשטאַנען אין אַ קרייז איבערן היטעל אַנגעבויגען כמעט ווי צו כורעים, און די אויגלאַך האָבען ביי אַלעמען געברענט מיט נייציגקייט און קנאה און דער גליקליכער וואָס האָט געדאַרפֿט שיסען האָט זיך אַזש אויף די קניע געשטעלט, כדי בעסער צו שיסען.

עס איז געקומען מיין רייהע און הגם איך בין געווען געניט אין דעם שפּיעל און האָב געוואוסט, ווי צו שאַרען די ניס צוריק, כדי ביים סאַמע ראַנד פֿון וואַנען די ניס דאַרפֿען ארויסגעשאָסען ווערען זאָלען זיי ניט ליגען איינער אויפֿן אַנדערן, איז דאָס איצט אונמעגליך געווען צו דערוויייזען. דאָס היטעל איז געווען אַזוי פֿול, אַז עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ, וואו אַבצושאַרען זיי צוריק, און שיסען אין אַ פֿולע היטעל הייסט אַדער אַז דער נוס מיט וועלכען מען שיסט זאָל פֿערזונקען ווערען ווי אַ שטיק בליי, אַדער אַז עס

זאָלען אַרויסשפּרינגען מעהר ווי מען ווינשט. איך האָב דאָ געהאַט אַ שווערע לייענים, און שטעהענדיג האַרט אויף די קניע, האָב איך געזוכט פערשיעדענע מיטלען ווי אַזוי איינצוּאָרדענען די נים אין היטעל, אַז אַנדערע קינדער אַרום מיר האָבען געשריען און געליאַרעמט, אַזוי ווי איך וואָלט דערמיט עובר געווען אויף געוויסע געזעצען און געטריבען, איך זאָל דאָס מאַכען גיכער, האַפּענדיג, אַז וואָס גיכער איך וועל עס טהאָן, אַלץ ניט געלונגענער וועט זיין מיין שאָס.

און פּלוצים אַז איך בין אַזוי געווען אַהן אַ היטעל אונטערן הימעל און געשטאַנען אין מייגע נייע הויזען מיט די קניע אויף דער הוילער ערד און געשאַרט מיט דער לינקער זייט פון דער רעכטער האַנד די נים פון איין ברעג צום צווייטען, האָב איך דערפיהלט, ווי מען האָט מיך אַנגענומען פאַר'ן אויער. איך האָב האַסטיג אַ דרעה געטהאָן דעם קאָפּ און דערזעהן דעם טאַטען.

איך בין אויפגעשפּרונגען ניט טויט און ניט לעבעדיג. די חברים האָבען זיך גלייך אָפּגערוקט פון היטעל.

— שעהן אַזוי, האַ? וואו איז דיין היטעל.

איך האָב ניט געוואוסט, וואו צו בעגראָבען זיך און איך האָב קוים אַרויסגעשטאַמעלט:

— ד־דאָ.

דער טאַטע האָט אויסגעשאָטען די נים אויף דער ערד, אַ טרייסעל געטהאָן דאָס היטעל אין דער לופטען און עס אַרויפגעזעצט מיר וווייט ניט צערטליך אויפ'ן קאָפּ.

— קום אהיים!

איך האָב זיך געלאָזט געהן נאָך איהם, און האָב זיך אַפּילו ניט אַרומגעקוקט, ווי די אינגלאַך וואָס האָבען מיט מיר געשפּיעלט האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אַלע פיער נאָך די אויסגעשאָטענע נים, הגם איך האָב גוט געהערט זייערע ווילדע געשרייען און זייערע רייסערייען.

ווען מיר זיינען אַריין אין שטוב, האָט זיך דער טאַטע אָנגערופען צו דער מאַמע:

— קוק אַז דיין תכשיט!

און עס איז געווען וואס צו קוקען אויף מיר. מיין נייע קאפאטקע צוקנייטשט, די נייע הויזקעס ארום די קניע נעדיכט בעדעקט מיט שטויב, דאס נייע היטעלע צודרעהט און מיין גאנצער פנים אויסגעשמירט אין שוויים און שטויב.

די מאמע האט זיך דערשראקען און פערבראכען די הענד. זי האט געמיינט, גאט ווייסט וואס מיר איז געשעהן.

דער טאטע האט זיך געאיילט אויסצולעגען דעם גאנצען צע־טעל. און הגם דער צעטעל איז געווען א שרעקליכער: גילוי ראש, אויף די קניע געשטאנען, א תל געמאכט פון דעם נייעם גארניטורל און נייע היטעלע, האט די מאמע לייכטער אבגעאטהעמט און דער שרעק פון איהר פנים איז פערשוואונדען. און דאס איז ניט געשעהן דערפאר, וואס דער חטא מיינער איז געווען א קליינער, נאר דער־פאר וואס זי האט אין דעם ערשטען מאמענט פארגעשטעלט זיך, אז מיט מיר איז עפעס אן אונגליק געשעהן.

זי און דער טאטע האבען איצט גערעדט איבער מיר, גע׳מוסר׳ט און נאכדעם האט דער טאטע אריינגעלעגט זיין האנד צו מיר אין די קעשענעס, ארויסגעשלעפט אלע נים צוזאמען מיט די צווילינגס און שטרענג ערקלערט:

— מעהר קיין נים זאלען ניט געדאכט ווערען. דעם זמן הויבסטו שוין אן צו לערנען גמרא, און איצט קום צו מנחה.

די מאמע האט מיט דער האנד ארומגעפולעט מיך אביסעל, און מיט א טרוקענעם האנטוך ארומגעווישט מיר דעם פנים, און איך האב שטיל, מיט אראבגעלאזטע אויגען געלאזט זיך געהן נאכ׳ן טאטען צו מנחה און געפיהלט, ווי מיינע קינדערשע יאהרען האבען זיך מיט אמאל געענדיגט.

# ג ש ם.

## (זכרונות פון די קינדערשע יאהרען)

איך בין דעמאָלט געווען אין יענע יאהרען, ווען איך בין געווען פּטור פון פיוט און יוצרות, וואָס די גרויסע, געוועהנליך, זופּען, און איך האָב געמעגט אין דער צייט פון דער זופּענים שפּיעלען זיך אויפ'ן שוהל־הויף מיט דער איינציגער בעדינגונג, אז איך זאָל ניט זיין ווייט פון אונזער קלויז, כדי דער טאַטע זאָל מיר קענען לאָזען וויסען דורך א קלאַפּ אין פענסטער, אז עס קומט א תפלה צו א קדושה. געוועהנליך האָב איך זיך בענוצט מיט מיינע זכיות, ווייל צו די שווערע ווערטער פון פיוט האָב איך קיין חשק ניט געהאט, הגם איך האָב שוין דעמאָלט פערשטאַנען אביסעל די שווארצע פּינטלעך. אויפ'ן שוהל־הויף איז געווען פיעל פרעהליכער. ראש־השנה און יום כפור האָב איך זיך אין דער צייט פון דעם זופּענדיגען פיוט געקענט רייצען מיט די ישוב'ניק'שע קינדער, וואָס זיינען גע־קומען אויף „יאַם־טע־דעראַאים" אין שטאָדט; איך האָב געקענט ברענגען די פאַסטען וועלכע ווייבעל האָט גע'חלש'ט אין עזרת נשים; איך האָב געקענט לויפען געוואַהר ווערען, צו דער שטאָדטישער חזן פון שוהל האָלט שוין ביי „זכרונות", „שופרות" אָדער „מלכיות" און אָנזאָגען די עלטערע וואָס האָבען ליעב געהאַט א שטיקעלע נגינה; אין די אנדערע ימים טובים האָבען מיר, קינדער, געקענט שפּיעלען אין ניס אָדער ווייזען עפּעס קונדסעריי.

דערפאַר אָבער האָב איך מיט'ן גרעסטען אונגעדולד געוואַרט אויפ'ן מוסף'דיגען פּיוט פון שמיני עצרת, הגם די עברי דאָרטען איז געווען גאָר א הארטע און איך האָב איהר מיט מיינע יונגע ציינער אומגעצרלאַך בשום אופן ניט געקענט צוביסען. איך האָב געוואַרט

מיט אונגעדולד אויף די תפלה פון גשם, ווייל יענע תפלה איז אין מחזור בעגלייט מיט אילוסטראציעס פון די צוועלף מזלות, און דער לייב און דער עקרעש, און די בתולה און די שאלען האבען פיעל גערעדט צו מיין קינדערשער פאנטאזיע. זיי האבען מיר געוויזען א וועלט פון געהיימניסע, זיי האבען מיר ענטפלעקט זאכען, וואס דאס פשוט'ע אויג האט ניט געקענט זעהען, און וואכען לאנג נאכדעם ווען איך פלעג זיין בייגאכט אין דרויסען האב איך מיט די אויגען געזוכט צווישען די שטערען ערוואַרטענדיג צו געפינען דאָרטען א ציעג מיט א באָרד, א קליין אינגעל, וואס שיסט פון פייל און בויגען, א ברונען מיט א באביצע, א קוה מיט פולע אייטער און דאס גלייכען, און אויב אפילו מיר האט קיין מאל ניט געגעליקט צו כאפען א בליק פון די דאזיגע הימלישע בעשעפעניסען, האב איך אבער געוואוסט, אז זיי זיינען דארטען פאַרהאַן. די דאזיגע אילוסטראציעס האבען אין איין גאנג אויך געעפענט פאר מיר א שפעלטעלע פון דער וועלט פון קונסט. אין יענע יאהרען האב איך פון מאלעריי געזעהן נאר א „מזרח" און, להבדיל אלף הבדלות, א גרויסען אויג אויפ'ן פוילישען קאסטיאל. און עס איז געווען טשיקאווע צו זעהן אין א הייליגען ספר אזוי פיעל געמעלעכץ מיט אמאל. די תפלה פון גשם האט דאריבער געקריגען אין מיינע אויגען גאר אן אנדער חן.

ווי געזאגט, האב איך שוין דאן פערשטאנען אביסעל פרוש המלות, נאר די עברי פון דער דאזיגער תפלה איז א צו הארטע און דער איינדרוק פון די געמאלטע מזלות איז געווען אזא, אז מיין קעפעל האט זיך ניט געקאנט אפשטעלען אפילו אויפ'ן צעהנטען וואָרט און איך האב דאריבער ניט בעמערקט די ריכטיגע בעדייטונג פון דער תפלה. נאר ווען איך בין געגאנגען צוריק פון קלויז מיט'ן טאטען און געזונגען אונטער דער נאז: „לברכה ולא לקללה", „לשובע ולא לרזון" מיט'ן שטאלצען דריידעל פון אונזער חזן, איז מיר פלוצים אויך אריין אין מויל דער זאץ „משיב הרוח ומוריד הגשם", וואס דער חזן האט ניט לאנג אויסגעזונגען אויף א הויכען קול.

און גלייך האט מיר א בלאז געטהאן אן אסיענדיגער ווינט,

און איך האָב געקענט פיהלען דעם שטעכענדיגען רעגען, וואָס קומט צוזאַמען מיט'ן ווינט, א רעגען וואָס גנב'עט זיך דורכ'ן קאַל־נער אין רופט ארויס בלעזלאך אויפ'ן לייב. א רעגען וואָס וואַרפט אַז א מרה־שחורה אויף אַלעמען און מאַכט ניט ניחא דאָס לעבען. און ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז די תפלה פון גשם איז געווען אויף א ווינט און אויף רעגען.

משיב הרוח ומוריד הגשם, ער מאַכט בלאָזען דעם ווינט און גיסען דעם רעגען.

— טאַטע! — האָב איך זיך געווענדעט צום פאָטער, — בעט מען ניט אין גשם אויף רעגען?

— יאָ, מיין זוהן, — האָט דער טאַטע געענטפערט זעהר צו־פריעדען, — וואָס מיין יונג מוח'ל איז אריינגעטהאָן אין תפילות און ער האָט מיר דערפאַר געהענדיג א גלעט געטהאָן איבער'ן קעפּעל.

— צו וואָס דאַרף מען איצט רעגען? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— נאַרעלע, דאָס בעטען מיר ניט פאַר חוץ לארץ, דאָס בעטען מיר פאַר ארץ ישראל.

— און דאָרטען דאַרף מען איצט רעגען?

— געוויס דאַרף מען דאָרטען רעגען, אַז ניט וואָלט אַזאַ תפלה ניט געווען.

דער דאָזיגער ענטפער האָט מיר א ווײַלע ניט נאָר בערוהיגט, נאָר געגעבען נאָך מעהר שפּייז מיין פאַנטאַזיע. דער דאָזיגער ענטפער האָט פאַר מיר ווידער געעפענט א ברעג פון דעם שלייער, וואָס פערדעקט יענע צויבער־וועלט, וואָס רופט זיך ארץ ישראל. דער זעלבער רעגען, וואָס וואַרפט דאָ אַן אַזאַ אימה און חושך איז א גאָטס ברכה אין דער לאַנד פון מילך און האָניג און „גיסט דאָרט אַן די זאַנגען און מאַכט זיס די פירות", ווי איך האָב פערשטאַנען פון די עטליכע ווערטער וואָס איך האָב געכאַפּט אין דער תפלה. פערזונקען אין מיינע געדאַנקען בין איך מיט'ן טאַטען געגאַנגען שטיל, ביז מיר זיינען געקומען אין שטוב, אָפּגעגעבען דעם ברייטען „גוט יום טוב" און דאַן אריבער אין דער סוכה.

— היינט זאָגט מען ניט „לישב בסכה“, — האָט מיר דער טאַטע בעמערקט.

אין סכה איז איצט געווען אַ שטימונג ווי ביי צונויפגעפּאַהרע־נע געסט אויף אַ חתונה נאָך דרשה־געשאַנק. די לופט איז גע־וואָרען קעלטער, ערגעץ האָט אַ ציעג אַראָפּגעכאַפּט אַ שטיקעל סכך, און עס האָט זיך בעמערקט עפּעס אַ מין איילעניש.

— לאָזט ניט קיהלען די זופּ, — זאָגט אָן די מאַמע דורכ׳ן פענסטער.

און דער טאַטע כאַפּט איהר אונטער און זאָגט צו מיר:

— לאָז ניט קיהלען, לאָז ניט קיהלען די זופּ.

— טאַטע! — האָב איך פּלוצים געפרעגט: — מיר זיינען דאָך איצט אין גלות?

— יאָ, מיין קינד, — האָט דער טאַטע געענטפערט מיט אַ זיפץ, ניט דערטראָגענדיג דעם לעפעל צום מויל. נאָר זיין גע־זיכט האָט אויסגעדריקט אַ צופריעדענהייט, וואָס מיינע גע־דאַנקען זיינען פערנומען מיט דער תורה, מיט׳ן פאָלק ישראל, מיט׳ן גלות און דאָסגלייכען.

— און ווער איז איצט אין ארץ ישראל?

— דער תוגר.

— זיינען דאָרטען גאָר קיין אידען ניטאָ?

— אַ ביסעל אידען. דו געדענקסט, דער ירושלמי וואָס דאָ איז געווען און האָט גערעדט לשון קודש? ער איז געווען אַ ארץ־ישראל איד.

— זיינען דאָרטען מעהר אידען ווי דאָ?

— אָה, ניין. דאָרטען זיינען דאָ זעהר ווייניג.

— און זיי לעבען יעדער אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגענבוים?

דער טאַטע האָט זיך ווידער אָפּגעזיפצט, ווי אַ געפאַלענער בעל הבית, ווען מען דערמאָנט איהם זיין אַמאָליגע גרויסקייט און תקיפות, וואָרים צו יענער צייט האָט מען נאָך פון אידישע קאָלאָ־ניסטען ניט געהערט, און ער האָט געענטפערט:

— ניין, מיין קינד, צייט מיר זיינען פערטריעבען געוואָרען

פון אונזער לאנד, האבען מיר שוין מעהר ניט קיין וויינשטאקס און קיין פייגענבוימער. אה, די זופ איז שוין גאר קאלט געווארען.

א ווײלע זיינען מיר אנשוויגען געווארען, און עס האט זיך נאר געהערט ווי מיר האבען געשווינד געשלונגען אונזער זופ.

נאכ'ן זופ האב איך זיך פלוצים דערמאנט:

— אה, זיי האבען דארטען איצט באקסאר בוימער!

דער טאטע האט מיר א ווײלע אנגעקוקט ווי ער וואלט ניט פערשטאנען, וואס איך מיין דערמיט. דאן האט ער זיך געכאפט און געענטפערט:

— אודאי, אודאי זיינען דארטען פאראן באקסאר בוימער.

דערביי האט ער ווידער א זיפץ געטהאן, ווי ער וואלט מיר דערמיט וועלען זאגען, אז מיר האבען געהאט א סך, א סך טייערע זאכען, נאר צוליעב אונזערע שווערע זינד האבען מיר זיי פערלארען.

— און יעדער ארץ ישראל איד זיצט אונטער זיין באקסאר בוים?

— ניין, מיין קינד, איצט האבען אידען גאר ניט.

— די באקסאר בוימער אויך ניט?

— ניין.

דאס האט מיר אויסגעוויזען זעהר טשיקאווע. געוועהנליך, חמשה עשר בשבט פלעג איך קויפען באקסארען און מיר האט עפעס אויסגעוויזען, אז דאס שיקען צו די אידען פון ארץ ישראל כדי מיר זאלען ניט פערגעסען אונזער לאנד. און איך האב דער־ווייל פערלארען דעם פאדים פון מיינע געדאנקען.

— וואס טהוען די ארץ ישראל אידען? — האב איך גע־פרעגט.

— זיי געהען צום כותל מערבי און בעטען גאט פאר'ן כלל ישראל אז פאר זיך.

— און זיי פאסטען? — האב איך געפרעגט פערוואונדערט, ווייל מיר האט אויסגעוויזען, אז אויב די ארץ ישראל אידען האבען ניט קיין וויינשטאקס און קיין פייגענבוימער און קיין באקסאר בוימער און די איינציגע זאך וואס זיי טהוען איז צו שטעהן ביים

כותל מערבי און מתפלל זיין, זיינען זיי עפּעס רוחניות־מענשען און קענען זיך בעגעהן גאָר אָהן עסען.

— אוראי פאַסטען זיי, — האָט דער טאַטע געענטפערט.

— טאַקע אַלע מאָל?

— וואָס הייסט אַלע מאָל?

איצט האָט דער טאַטע מיך אַנגעקוקט פערוואונדערט, און זיין בליק האָט דייטליך געזאָגט: א קינד בלייבט א קינד.

— שטענדיג? — האָב איך געפרעגט אין פערלעגענהייט.

— נאַרעלע, ווי קענען מענשען פאַסטען שטענדיג. זיי האָבען דאָרטען די זעלבע תעניתים ווי מיר, און ווי גאָר פרומע אידען פאַסטען זיי אוראי יעדען מאָנטאַג און דאָנערשטאָג.

— אָה, אזוי ווי די מוהמע ביילע?

מיין מוהמע ביילע איז געווען זעהר א פרומע אידענע און א חוץ אלע תעניתים האָט זי געפאַסט יעדען מאָנטאַג און דאָנערשטאָג.

— יא, כדומה למשל ווי די מוהמע ביילע.

— און זיי זיינען אויך קרעמער ווי די מוהמע ביילע?

— קרעמער? — האָט דער טאַטע איבערגעפרעגט. און עס איז געווען גרינג צו זעהן, אז ער איז ניט גאַנץ זיכער, וואָס אידען טהוען איצט אין ארץ ישראל.

א קורצע ווײַלע האָט ער געטראַכט און דאַן געענטפערט:

— מסתמא ניט.

— פון וואַנען לעבען זיי?

— מען קלייבט פאַר זיי געלט אין די רבי מאיר בעל הנס פּושקעס.

דערווייל האָט מען דערלאַנגט פלייש צום טיש מיט דער זעל־בינער הזהרה, מען זאָל עס ניט לאָזען קיהלען און תיכף נאָכ'ן פלייש איז געקומען דער צימעס. אין מיטען צימעס האָב איך ערשט גע־כאַפּט דעם פּאָדים פון מיינע אַפּגעריסענע געדאַנקען.

— טאַטע, — האָב איך געפרעגט, — א זמיר האָבען ניט אין ארץ ישראל ניט קיין ווײַנגערטנער, ניט קיין פייגענבוימער און אויך ניט קיין באָקסאָר־בוימער — פאַר וועמען בעטען מיר גשם?

— געהערט א משל! — האָט דער טאַטע א קוועטש געטהאָן

מיט די פלייצעס. און בכן, אז מיר האבען נים קיין וויינגערטנער און קיין פייגענבוימער און קיין באקסאר־בוימער, איז וואס? וואס איז דערפון נתפעל צו ווערען? עס דעם צימעס, ער וועט קאלט ווערען. דער צימעס איז א מחיה, ער צוגעהט איבער די גליעדער.

און אזוי גיך ווי מיר זיינען פארטיג געווארען מיט'ן צימעס האט מען שוין געדארפט בענשען און אין מיטען בענשען איז אנ־געקומען מיין חבר בערעלע, מיט וועלכען איך האב געדארפט געהן קלייבען ליכט פאר דער שמחת־תורה'דיגער אילומינאציע אין אונזער קלויז, און די פראגע וועגען גשם. וואס איז אין אנפאנג געווען אזוי קלאר אין מיין קינדערשען קעפעל איז געווארען פערפלאנטערט און איז אריין אין יענעם גבול, וואו די בתולה און די ציעג און דער צווילינג און די שאלען זעהן זיך אזוי קלאר, אז מען האט זיי גע־קענט אפמאלען און דאך קענען אנדערע נים כאפען דעם מינדס־טען בליק פון זיי. דער גשם איז פאר מיר געבליבען נאך א גע־היימניס, ווי פיעל אנדערע געהיימניסע.

# ביים בראקען טאלער.

די שמחת תורה'דיגע סעודה האט זיך געענדיגט שפעט אין אבענד און דאס איז געווען די ערשטע סעודה אין דעם גרויסען יום טוב סכות, וואס די גאנצע הויזגעזינד איז געזעסען ביי איין טיש און די שמחה איז דערפון געווען פיעל גרעסער. אלע האבען גע־פיהלט די צוזאמענקונפט פון דער גאנצער הויזגעזינד, נאכדעם ווי זיי זיינען געווען געשיידט א לאנגע צייט און מעהר פון אלעמען האט עס געפיהלט חנה דבורה, ביי וועלכער דער גרויסער יום־טוב איז געווען פערשטערט, וואס ביים עסען איז די פאמיליע צושפאל־טען געווארען אין צוויי.

חנה דבורה'ס מאן, שמואל דער נאמן, הגם ער האט אליין געבויט די סוכה, איז ער אבער דארטען ניט געזעסען אליין. דארטען האבען געגעסען די שכנים פון זיין הויז און פאר א אידענע האט ניט געפאסט צו זיצען צווישען פרעמדע מאנסביל. א חוץ דעם איז סכות א גרויסע הכבדה צו דערלאנגען די יום טוב'דיגע געריכ־טען פון שטוב אין סוכה, און אז זי וואלט געזעסען אין סוכה וואלט ניט געווען ווער עס זאל דערלאנגען דאס עסען. און נעהמען אלע געריכטען מיט אמאל קען מען ניט, אזוי אויך, ברוך השם, ווערט יי זופ און דאס פלייש און דער צימעס קאלט, איידער מען קוקט זיך ארום.

אויף אזא אופן איז חנה דבורה דעם גאנצען סכות ביי די סעודות געזעסען אליין מיט דער קלייגער טאכטער ביים טיש און עס האט זיך געפיהלט א מין אבלות ביים עסען. עס איז ניט נאר געווען אומעדיג, נאר איהר הארץ איז איהר ארויסגעפאלען, אז דער מיזיניק משה'לע, וואס איז געזעסען מיט'ן טאטען און עלטערען ברודער אין סוכה, וועט זיך געווים ארויסמאכען פון עסען. מען

דארף שטעהען איהם איבער'ן קארק און ממש שטופּען איהם דעם לעפעל אין מויל, און דער טאַטע און דער עלטערער ברודער וועלען עס ניט נאָר ניט טהאָן, נאָר זיי וועלען עס אפילו ניט בעמערקען.

דער אמת'ער יום טוב האָט זיך פאר איהר אנגעהויבען ערשט שמחת תורה צו דער סעודה. זי האָט ווידער געהאט איהרע עופ'עלעך ארום זיך און דער מאַן איז געזעסען אויבען אָן און זי האָט אלעמען געקענט צוזעהן, הגם קיינער האָט שמחת תורה ביי־נאַכט ניט ארויסגעוויזען קיין גרויסען אפעטיט. נאָר אלע זיינען געווען פרעהלאך און דער מאמעס הארץ האָט אנגעקוואָלען פון זייער אלעמענס פרעהליכקייט.

די סעודה האָט זיך פערצויגען שפּעט. מען האָט געזונגען אין מיטען עסען און מען האָט דערצעהלט פרעהליכע זאכען און געמאַכט וויצען איבער די קרעפּלאך און מען האָט זיך גאָר ניט געקענט אָפּרייסען פון טיש. נאָר אפילו שוין נאָכדעם ווי אלע האבען זיך אויפגעהויבען, האָט קיינער ניט געדענקט וועגען געהן שלאָפען. שמואל האָט אונטערגעברומט אָן „אגיל ואשמח" און דער מוזיניק האָט איהם אַקאָמפּאַנירט. חנה דבורה האָט זיך געשטעלט צוגריי־טען דעם צימעס אויף מאָרגען.

די קליינע פויגעל איז געווען זעהר שלעפעריג, נאָר זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט געהן אין בעט. זי האָט זיך אנידערגעג־זעצט ביים טיש, פערלעגט איין הענטעל איבער'ן צווייטען און אָנ־געשפּארט אויף זיי דאָס קעפּעל און געקוקט ווי די מאמע האָט געשאָבען די מערען. נאָר די אויגען האבען זיך ביי איהר אנגע־הויבען צו קלעפּען און זיי האבען זיך נאָר ווייט אויפגעריסען, ווען חנה דבורה האָט איהר געהייסען געהן שלאָפען.

— ניין, איך וויל ניט שלאָפען, האָט זי פּראָטעסטירט.

און נאָך איידער חנה דבורה האָט זיך געשטעלט מערען מאַכען, איז זי שוין געשמאַק געשלאָפען.

— אגיל ואשמח בזאת התורה! האָט שמואל אונטערגעברומט, פּיפּקענדיג זיין ליולקע.

די מאמע האָט אוועקגעטראָגען פויגלען אין בעט און צוריק־געקעהרט זיך צו דער ארבייט.

זי האט איצט די מערען פארן בראקען ניט צושניטען אין דער לענג, ווי מען טהוט א גאנץ יאהר. נאר זי האט גענומען בראַ־קען זיי, ווי זיי שטעהען און געהען, און פון אונטערן מעסער זיינען געפאלען קיילעכדיגע „טאלער“.

עס איז איהר געפעלען געווארען, ווי גיך זי מאכט טאלער. מי יודע, ווי רייך זי האט געקענט ווערען, ווען מען זאל אזוי גיך קענען מאכען טאלער!

דער צופריערענער שמייכעל האט א לענגערע צייט געשוועבט אויף איהרע ליפען און דערנאך איז ער ווי פערגליווערט געווארען. אין די אויגען האט זיך בעוויזען א אומעדיגקייט.

עס האט איהר מיט אמאל אויסגעדוכט, אז דאס זיינען די טאלער, וואס די ימים נוראים און דער גרויסער יום טוב האבען אויפגעגעסען. אזוי זיינען די טאלער געפאלען און מארגען ביי־נאכט איז שוין אוים יום טוב, אוים פרעהליכקייט, און לעדיגע קע־שענעס.

זי קוקט אויף די קיילעכדיגע געלע טאלער און די וואכעדיגע געדאנקען שטויסען זיך איהר אין קאפ.

— אזוי איז א סוף פון אלץ, אט איז געוועזן יום טוב, פרעה־ליך געווען, געהוליעט, געזונגען. און מארגען דארף דער קאפ ברע־כען אויף דער וויסטער חיונה. און אזוי איז דאס גאנצע לעבען. ווי לאנג איז דאס, ווי זי איז געווען, ווי איהר פויגעלע, א יונגע קינד און, ווי פויגעלע, האט זי שלאפען ניט געוואלט געהן און געזעצט זיך ביים טיש קוקען ווי די מאמע בראקט די טאלער, און איצט איז זי שוין מעהר ווי א האלבען וועג אריבער און ווי לאנג וועט געדויערען איבערצוגעהן דעם קורצען וועג.

עס דאכט איהר, אז זי הערט ווי דער אסיענדיגער ווינד האט אנגעהויבען צו פייפען אין קוימען, און א טיעפער אומעט האט ארומגעכאפט איהר נשמה.

— אגיל ואשמח בזאת התורה.

זי האט געענדיגט דעם לעצטען טאלער, א קליינציקער טא־לערעל, צוזאמענגענומען אלע אנגעבראקטע און דערזעהן ווי פרעה־לאך איהר שמואל איז און זי האט ווי פערזינדיגט זיך אנגערופען:

— וואָס זאָגסטו דערצו, איך האָב כמעט פערגעסען, אז היינט איז שמחת תורה.

— אָגיל ואשמח בזאת התורה — ה— ! האָט שמואל געענט־פערט.

# אוים יום טוב.

## שמחת תורה בייטאג.

ארום טיש זיינען געזעסען און געשטאנען א פאר צעהנדליג מענשען, און די שמחה האט מעהר געהאט דעם כאראקטער פון אן ענגען קרייז. די פערזאמעלטע, מיט איין אויסנאהמע, זיינען גע־וועזען געבעטענע.

נעכטען אין אבענד איז ביי אונז אין שטוב אויך געוועזען א שמחה. דער טאטע איז געוועזען איינער פון די גבאים אין קלייזעל, און אויף זיין כבוד איז אויסגעפאלען, אז די שמחה זאל זיין ביי אונז אין שטוב. נעכטען זיינען דא געוועזען פערזאמעלט אלע פון די אויבען־אניגע ביז די הינטער־אויוועגדיגע און כל הנערים אריינגערעכענט. די שטוב איז געוועזען פול מיט מענשען און עס האט אויסגעזעהן ווי א יריד. דער טאטע און אלע שטוביגע האבען זיך אפילו ניט צוגעזעצט. מען האט געדארפט זעהן, אז קיינעם זאל גאר ניט פעהלען. אפילו איך האב געהאלטען אין איין ארומלויפען,— דא האט אויסגעזעהן, אז עס וועלען פעהלען פירושקעס און איך בין געלאפען צו ביילע די אלמנה, אז זי זאל גלייך צושיקען נאך א שאק, אדער צו פייגע די סעמערניצע, זי זאל גלייך ברענגען עפעל, אדער צו אברהם איטשע דעם שענקער נאך בראנפען. אין אזא יריד קען מען קיין מאל ניט וויסען, פיעל אנצוגרייטען, און די עובדה אכטונג צו געבען אויף דעם האבען געהאט בעריל דער הויכער און אברהם'ל דער לוסטיגער. זיי האבען זיך אליין געמאכט פאר סארווערס, און אזוי איז דאס שוין געוועזען ביי יעדער שמחה פון אונזער קלייזעל, עס מאכט ניט אוים ביי וועלכען גבאי די שמחה איז געפראוועט געווארען.

איצט, שמחת תורה בייטאָג, איז די שמחה געווען גאָר זין אַנדערע. דאָס איז געווען אַ שמחה פאַר אייגענע מענשען. די צוויי סאַרווערס האָבען נעכטען ניט נאָר געהאַט אַן אויג, אַז עס זאָל ניט פעהלען ביים טיש, נאָר האָבען אויך אויסגערעכענט, אַז עס זאָל בלייבען געננוג יתור אויף הייַנט און זיי זיינען געווען די גאַנצע טהוערס דערין. זיי האָבען הייַנט אין דער פריה ביים דאַווענען געלאָזט וויסען בלחש וועמען מען האָט געדאַרפט, אַז נאָך וואָרעמעס זאָל מען קומען צו אונז. די געבעטענע זיינען געווען די פני פון קלייזעל. דאָ איז געווען אברהם איטשע דער שענקער, אַ בעיאָהרענטער איד מיט אַ בלאָנדע באָרד וואָס האָט שוין אָנגעהויבען צו ווערען גרוי, מיט אַ אינגעלשען קול׳כעל. ער האָט בין מנחה למעריב און שבת ביי טאָג געזאָגט עין יעקב פאַר׳ן עולם. דער פרוש וואָס האָט ביי אונז שבת געגעסען, אַ יונגערמאַן מיט אַ געלע בערדיל, וואָס האָט זיך געבוינגען אונטער דער מאָרדע פון דעם שטענדיגען גלעטען אין יענער ריכטונג. ער האָט געהאַט זעהר אַן אויסגעבלייכטען פנים מיט בלייכע דאַרע הענט. די בלייכקייט האָט זיך מעהר געוואָרפען אין די אויגען דערפון, וואָס דער פנים און די הענט זיינען געווען בעדעקט מיט שטאַרק געלע פלעקען און עס האָט אויסגעזעהן, ווי זיין הויט האָט געהאַט צוויי קאָלירען, שאַרף אָפגעטהיילט איינער פון אַנדערן. איסר דער גבאי, אַ ברייטער איד מיט אַ שוואַרצע באָרד, מיט קודלעוואַטע האָר, מיט אַ בראָדאַווקע אויף דער אונטערשטער ליפ. משה קאַמענעצקי, אַ מיטעלער איד מיט אַ פיינעם בייכעל, מיט אַ רויטען קאַרק, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדיל, מיט ווענינג האָר ארום די באַקען, ווייל ער האָט שטענדיג געהאַלטען אין איין צופּען די האָר. נאָך עטליכע אויבענאַניגע, בעריל דער הויכער און אברהם׳ל דער לוסטיגער, עטליכע קרובים און דער אונפערמיידליכער וועלוועל דער הויקער.

וועלוועל דער הויקער איז געווען דער איינציגער וואָס איז געקומען ניט געבעטענערהייד. ער איז געווען אַן אָרימער פראָסטער אידעל און האָט געהאַט אַן אייביגען כעס אויף די פיינע מענשען אין קלייזעל. ער האָט געהאַט אַ מאָס׳ען מויל און האָט אויסגעזעהן, ווי ער האָט שטענדיג געזוכט עפּעס אַ מחלוקה. זיין גרעסטער

פערגניגען איז געווען צו צוגיסען בוימאויל צו א פייער. האט זיך אנגעהויבען א שטיקעל צאנקעריי צווישען צוויי צדדים, איז אין איהם ווי א נייע נשמה אריין — מיט חשק האט ער גענומען העצען איין צד אויפ'ן צווייטען. ער האט געהאט אן איינגעבארענע שנאה צו די אויבענאניגע און ער האט אנגעקוואלען, ווען ער האט זיי געקענט אנטרעטען אדער אפטהאן עפעס א שפיצעל. קיין הויקער האט נאך מיט אזא ווירדע ניט געטראגען זיין הארב ווי ער. עס האט אויסגעזעהן אזוי ווי ער וואלט פון זיין מום געמאכט פאר זיך עפעס א ציערונג. מיט זיין לינקען אקסעל שטענדיג אויפגעהויבען האט ער געמאכט דעם איינדרוק ווי איינער, וואס האלט זיך אין די באַ־קעס, גאר מעשה בריה. ניט אנגענומען ביי די פיינע מענשען אין קלייזעל און ניט האבענדיג קיין שטאדט אויבענאן, האט ער ניט נאכגעגעבען און ניט צופריעדענגעשטעלט זיך מיט'ן הינטער'ן אויווען. ער האט זיין מקום מנוחה געמאכט אין דעם פאדער שטי־בעל, פון וואנען א טהיר האט זיך געעפענט צום קלייזעל, און כדי ארויסצואווייזען זיין פראטעסט שארפער, האט ער אויסגעפיהרט, אז צום אויסנעהמען זאל זיין א קריאת התורה אין פאדער־שטיבעל בעזונדער, וואו ער איז געשטאנען מיט'ן טייטעל און איינגעטהיילט עליות. ארויסנעהמען די תורה און אריינשטעלען אין ארון איז גע־ווען זיין עובדה, און ער האט ממש אנגעקוואלען, ווען די גאנצע קלייזעל האט זיך געדארפט אויפהויבען צוליעב איהם. און הגם אויפ־געהויבען האט מען זיך צוליעב דער רייניגקייט, האט ער אבער גע־וואוסט, אז דאס איז זיין אויפטהו.

עס קען זיין, אז פון דער „בלחש'ער איינלאדונג" האבען גע־וואוסט נאך עטליכע, אבער קיינער פון זיי האט ניט געדענקט צו שפארען זיך, וואו מען בעט ניט. פאר וועלוועלען אבער איז דאס שפארען זיך געווען א נחת. וואס הייסט זיי וועלען זיך מאכען א שמחה'לע אויף זיין רעכנונג? ער דארף זיי ווייזען, אז ער קוקט זיי אויף די פינגער. ער ווייס, אז קיינער צאהלט דא ניט פון זיין אייגענער קעשענע, דאס געלט געהט פון קהל'שער פושקע אין קליי־זעל. ער האט הושענא רבה אין דער פריה אריינגעווארפען דריי הארטע צעהנער אין דער קערה פאר'ן אתרוג בענשען. און מען

האט נאך איהם געקוקט אין די צייהנער. דער גבאי ביי דער קערה האט איהם געזאגט, או דאס איז ניט געגוג. ער איז א חכם א גבאי און האלט איבער דער קערה א לעדיגען טעלער, צו זעהן פיעל יעדער ווארפט אריין. ער האט איהם אפילו געסטראשעט, אז אויב ער צאהלט ניט מעהר פאר'ן אתרוג בענשען, וועט ער איהם ניט לאזען נעהמען קיין רייניגקייט. אדרבה, דאס טאקע וואלט ער ווע־לען זעהן.

די פערזאמעלטע זיינען געקומען פארטיג אין א יום־טוב'דיגען מוטה. דער פרוש האט ביים ערשטען לחיים א וויש געטהאן מיט ביידע הענט אן אלע שויבען פון דעם פענסטער, נעבען וועלכען ער איז געזעסען, און האט אויסגעזונגען:

לחיים, לחיים,
עד בלי שמים,
לשנה הבאה בירושלים.

דער עולם האט דעם פזמון אונטערגעכאפט, זשערנע עפעס צו זינגען. נאר ער איז געווען צו קורץ, אז ער זאל לאנג קענען אנ־האלטען. אברהם'ל דער לוסטיגער האט געזאגט א פאר המצאות, נאר די פרעהליכקייט איז ניט געוואקסען. און עס האט זיך ממש געבעט־טען עפעס צו זינגען. די פרעהליכע הערצער זיינען געווען אנגע־סטראיעט אויף געזאנג, די סטרונעס זיינען געווען אנגעצויגען, נאר עס האבען געפעהלט די פינגער, וואס זאלען קענען ארויסרופען די הארמאנישע קלאנגען. ניט געוואוינט א גאנץ יאהר צו שמחות, סיידען ווען עס האט זיך געמאכט א חתונה, און דער בדחן האט משמח געווען דעם עולם, אדער א ברית, און דער חזן האט עפעס געזונגען, האבען זיך די פערזאמעלטע דערפיהלט האלב פערלארען, ווען זיי האבען אליין געדארפט ארויסווייזען זייער פרייד. די גלעז־לאך זיינען געגאנגען פון מויל צום מויל, די פלעשלאך האבען זיך וואס ווייטער אלץ טיעפער געבויגען, די פירושקעס זיינען אלץ פערמינערט געווארען אין די טעלער, די פנים'ער זיינען געווארען רויטער, די אויגען גלאנציגער, נאר דער געפיהל פון שמחה האט בשום אופן ניט געפונען קיין וועג ווי ארויסצורייסען זיך. אונטער דער נאז האט זיך יעדער עפעס אונטערגעברומט א נגונ'דעל, וואס

האָט ארומגעבלאָנדזשעט אין מארך פון די פערשיעדענע תפילות און פיוטים, אומעטיגע ימים נוראים׳דיגע אָדער פרעהליכע יום־טוב׳דיגע. פון צייט צו צייט האָט אויסגעזעהן, אז א געוויסער נגונ׳דעל וועט באלד אויפגעכאַפּט ווערען פון אלעמען, ער האָט זיך געהערט העכער פון אלע אנדערע, און מעהר מענשען האָבען איהם אויסגעברומט, נאָר ער האָט זיך באלד איבערגעריסען און מען האָט ווידער געמאכט לחיים.

די טהיר האָט זיך געעפענט און אין שטוב איז אריין גרונם דער בעל תפילה, אַן אויסגעמאָגערטער, אויסגעדאַרטער אידעל פון עטליכע און דרייסיג יאָהר, מיט א שווארצליכע בערדיל, מיט שי־טערע וואָנסען. ער איז שטענדיג געוועזן אזוי אָפּגעשוואכט, אז פאר ימים נוראים האָט מען מורא געהאט, אז ער וועט ניט אויסהאַלטען די גרויסע אָנשטרענגונג וואָס א שליח צבור דאַרף מאכען און דעם שווערען יום כפור׳דיגען תענית, נאָר אויף מאָרגען נאָך יום כפור האָט ער אויסגעזעהן פיעל געזינטער ווי א גאַנץ יאָהר.

ער איז אריין אין שטוב מיט א ברייטען „גוט יום טוב, גוט יום טוב!“ און גלייך נאָך איידער מען האָט איהם געענטפערט און נאָך שטעהענדיג מיט איין פוס אויפ׳ן שוועל, האָט ער אָנגעהויבען צו זינגען און פאַטשען מיט די הענט:

— שישו ושמחו בשמחת תורה ותנו כבוד לתור־ר־רה!

דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אויסגעצויגען אויף א קונדס׳דיגען אופן און איז צוגעקומען צום טיש.

געוועהנליך איז דער בעל תפלה, הגם א איד א למדן וואָס איז שטענדיג געזעסען איבער א ספר, ניט געוועזן שטארק אָנגענומען ביים עולם. נאָר איצט האָט מען זיך מיט איהם דערפרעהט, ווי ער וואָלט געוועזן דער בעסטער גאַסט.

ער איז שוין א פארטיגער, — האָט וועלוועלע דער הויקער גע־מאכט א בעמערקונג סתם אין דער וועלט אריין.

גרונם האָט געהערט די בעמערקונג און ער האָט זיך גוט־מוטהיג א קעהר געטהאָן צו וועלוועלען און געזאָגט מיט א שכור׳ען קול:

— דו, שקאָץ, ניט אַז און איך וועל דיר ווייזן אַז איך בין נאָך ניט פאַרטיג.

עטליכע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט אַנצוגיסן איהם.

ער האָט אויסגעטרונקען דאָס גלעזעל און האָט אָנגעהויבען צו טרייסלען מיט'ן קאָפּ, ווי אַ אינגעל וואָס האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון אונטער'ן וואַסער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אונטער־געטונקט. און נאָך איידער ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער פּירושקע, האָט זיך ווערלוועל צו איהם געווענדט:

— רבי גרונם, זייט מכבד מיט אייער טערקישען!

אַ נאַרעשער, שכור'ער שמייכעל האָט זיך געוויזען אויף גרונם'ס געזיכט. ער האָט אַ פּזמון, וואָס די פּראָסטע מענשען אין קלייזעל האָבען גערופען טערקיש. צו דאָס איז געווען דערפאַר וואָס די ווערטער האָבען געקלונגען פאַר זיי טערקיש, צו דערפאַר וואָס דער נגון איז געווען אָריענטאַליש, נאָר אַזוי איז שוין דער פּזמון געווען בעוואוסט.

גרונם האָט זיך איצט שוין ניט געלאָזט בעטען. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויסגעהוסט, מעשה בעל תפילה, און אָנגעהויבען צו זינגען:

וי לן דחטאנו,
וי לן דפשענו...
ברם אנן
מחכי אנן
ברם אנן
מצפי אנן
קודשא בריך הוא
יפרוק לנו
מן גלותנא.

דער עולם האָט מיט האַלב שכור'ע קולות אונטערגעכאַפּט דעם רעפריין און דער געזאַנג איז אַלץ לעבעדיגער און לעבעדיגער גע־וואָרען. איבערהויפּט איז דעם עולם שטאַרק געפעלען געוואָרען דער נגון ביים לעצטען וואָרט גלותנא, וואָס מען האָט אויסגעזונגען

טיעף דורך דער נאז. דעם זמר'ל האט מען געקענט זינגען אהן א שיעור, אלץ וואס גרונם האט געדארפט איז געווען צוצוגעבען אויף „טערקיש" א פאר ווערטער פון „אשמנו". וואס ווייטער האט ער זיך אלץ מעהר געציקעלט און מעהר העויות געמאכט ביים „ווי לן" און דער עולם האט אלץ טיעפער אין נאז גענגדיגט דעם רעפ־ריין מיט גלותנא.

אין שטוב איז געווארען אמת שמחת תורה'דיג. דער עולם האט זיך ניט בענוגענט מיט רייסען די העלזער, מען האט געקלאפט מיט די הענט און מיט די פיס אין טאקט, און ביי יעדען אתנחתא אין דעם נגון האט יעדער זיך געסטארעט ארייצוגעבען עפעס א קונדס'דיגען בויג אין קול, א ווייסען־חברה'שען קוויטש, און וואס קונדס'דיגער און ווייס־חברה'שער דער אויפטהו איז געווען, אלץ גרעסער איז געווארען די שמחה און שטארקער האט זיך געהערט דאס פאטשען מיט די הענט און דאס קלאפען מיט די פיס.

די שמחה איז געווען אויף דער העכסטער מדרגה, און עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי די גאנצע פרייד פון דעם גרויסען און לאנגען יום טוב סכות האט זיך ערשט גענומען ארויסווייזען. עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי עס האט זיך געדארפט שאפען א גאנצע סביבה פון פרעהליכקייט, אז דער איד זאל פערגעסען אלע זיינע צרות און רדיפות, זיינע דחקות און זארגען, אז ער זאל קענען פער־געסען אלץ און אריין מיט לייב און לעבען אין דער שמחה פון זיין תורה, ווייל יעדער שטיף און יעדער לאף, יעדער קלאנג און יעדע העויה איז געווען געמיינט אויסצודריקען וואס בעסער די פרייד פון דער תורה. עס איז איצט פערשוואונדען יעדער אונטערשיעד צווישען אברהם איטשע, וועלכער האט די תורה געלערנט, און וועלוולען דעם הויקער, וועלכער האט קיין פירוש המלות ניט פער־שטאנען און אפשר רעכט קיין עברי ניט געקענט. פרעהען זיך אבער האבען זיי געקענט ביידע גלייך. די מאמע איז געזעסען אן א זייט און איהר געזיכט האט געשטראלט פאר פרייד. פאר איהר איז דער נגון ניט געווען קיין טערקישער און די ווערטער אוודאי ניט. פאר איהר זיינען זיי געווען הייליגע ווערטער, וואס זיי זאלען ניט בעדייטען, און זי האט אין דעם בראנפען און די פירושקעס

און אין דעם זינגען געזעהן אן אויסדרוק פון שמחה מיט דער תורה.

ווען דער צעטעל פון אשמנו האט זיך אויסגענומען האט זיך גרונם אויפגעהויבען און מיט א פאלצעטא אויסגעשריען:

— מעהר האט מען ניט געקא־אכט! לחיים!

— נו, וואס זאגט איהר צום טערקישען? — האט זיך וועלוועל געווענדט מיט א גליקליכען פנים צו זיין שכן.

— גוט, גוט! — האט יענער געענטפערט צופריעדען.

— דאס האב איך איהם דערמאנט.

דער פרוש האט צוויי מאל א פאטש געטהאן איבער'ן טיש מיט מעהר ענערגיע ווי דאס האט זיך געפאדערט און דער עולם האט בעצייטענס אנגעהויבען צו שמייכלען. דער פרוש האט אנ־געהויבען מיט'ן נגון פון גשם:

אף ברי
אויף מארגען נאך יום טוב אין דער פריה,
די שויבען זיינען צובראכען,
ניטא וואס צו קאכען,
און קיין געלד איז ניטא.

אלע האבען אויסגעשטעלט נאז און אויערען. דאס איז גע־ווען עפעס אן אראפפאל פון די הויכע געבעלדיגע גלגלים אויף דער רעאלער ערד. און דער אראבפאל איז געווען אזוי האסטיג, אז ער האט ביי אלעמען צוגענומען דעם אטהעם. אלע האבען זיך ווי עפעס אויסגעגלייכט, דער פזמון איז געווען אונבעקאנט די פער־זאמעלטע. די מאמע האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און איז צוגעקומען נעהענטער.

— נו, וואס שווייגט איהר? — האט זיך דער פרוש געווענדט צו אלעמען, קוקענדיג פריהער אין איין זייט און נאכדעם אין צוויי־טען. און ווי א קאפעלמייסטער האט ער מיט'ן פינגער אנשטאט א שטעקעלע און מיט'ן קאפ געוויזען, וואו זיי זאלען אונטערכאפען און האט ווידערהאלט דעם לעצטען פערז:

„און קיין געלד איז ניטא".

— און קיין געלד איז ניטא, — האבען עטליכע קולות אונ־טערגעכאפט.

אתת,
אין שטוב איז קאלט און נאס,
ווי אויפ'ן גאס,
אין מארק מוז מען לויפען,
בולבעס מוז מען קויפען,
און קיין געלד איז ניטא.

פאר דער לעצטער שורה האט זיך דער פרוש אבגעשטעלט אויף א סעקונדע, געוויזען דעם עולם מיט'ן פינגער, פעררויסען דעם קאפ און אראבגעלאזט, און אלע האבען אונטערגעכאפט:
— און קיין געלד איז ניטא.

שם שר מטר,
פון א חוב איז מען פטור,
דאס פעלצעל איז אויסגעקראכען,
דער דאך איז צובראכען,
און קיין געלד איז ניטא.

להעביב ולהעניו
דער מלמד קומט נאך פאר יענעם זמן
דאס מיידעל האט ניט קיין קאפיקע אויף נרן
און דער חדר־בחור
געהט מיט'ן צוריסענעם אחור
און קיין געלד איז ניטא.

— און קיין געלד איז ניטא, — האט דער עולם אונטערגע־כאפט.
— מעהר איז ניטא! האט דער פרוש געזאגט און אויסגע־שטרעקט די האנד נאכ'ן גלעזעל. לחיים!

— און קיין געלד איז ניטא, האט װעלװעל אויסגעזונגען אלס ענטפער אויפ'ן לחיים.

די מאמע האט ארויסגעלאזט א זיפץ און איז צוריק אבגעטרא־טען אויף איהר פלאץ, די גלעזלאך האבען גענומען געהן פון מויל צו מויל, די פלעשלאך האבען זיך געבויגען, און יעדער האט אויס־געברומט מיט'ן יום טוב'דיגען, גשמ'דיגען ניגון: „און קיין געלד איז ניטא", נאר עפעס א ניכטערקייט האט זיך גענומען פערשפרייטען איבער אלע פנים'ער.

— אי, װי אמת דאס איז! — האט װעלװעל געזאגט צום פרוש. — װי איך בין א איד, דאס איז דער ריינער אמת. װי האט איהר דארטען געזונגען? „דאס פעלצעל איז אויסגעקראכען, דער דאך איז צובראכען". אי, װי אמת דאס איז!

אין די אויגען, װאס האבען מיט א מינוט צוריק אזוי גע־שטראלט, האט זיך בעוויזען עפעס אן ערנסטקייט: די שטערנס װאס זיינען פריהער געװען אזוי ליכטיג, האבען זיך מיט א לייכטען װאלקען בעצויגען; די הענד װאס האבען אזוי פרעהליך געקלאפט צום טאקט האבען זיך מעהר ניט געהויבען.

— בזו כסף, שעהם זיך געלד! — האט זיך אנגערופען דער בעל תפילה. — װאס איז געלד? בלאטע! לאמיר בעסער מאכען לחיים.

איך בין צוגעלאפען צו דער מאמען און מיט א גליקליכען קול איבערגעזונגען פאר איהר:

און דער חתן בחור
געהט מיט'ן צוריסענעם —

די מאמע האט מיר א גלעט געטהאן איבער'ן אקסעל און האט קיין זאך ניט געזאגט. נאר אין איהר גלעט איז געװען אזוי פיעל זארג, אז איך האב כמעט געלייענט זיין בעדייטונג:

— נארעש קינד, פון װאס דא איז פאראן צו פרעהען זיך!

זייט איך געדענק, האט מיר די מאמע קיין מאל ניט גענלעט פון שמחה. נאר װען מען האט גערעדט װעגען פריזיװ, און איך בין געװען דערביי האט זי מיך לאנגזאם געגלעט, װי זי װאלט זיך װעלען פערענטפערן פאר מיר, פאר װאס איך בין ניט געבארען

געוואַרען קיין בכור און האָב ניט קיין ליגאַטש. זי האָט אויך געהאַט פאַר מיר א גלעט אין צייטען פון עפּעס א סכנה. איהר איצטיגער גלעט האָט אויף מיר געווירקט ווי א קאַלטע האַנד אויף א הייסען שטערן. איך האָב פּלוצים דערפיהלט די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דער שטימונג. מען האָט נאָך לחיים'ט, מען האָט זיך נאָך גע'בריה'ט צו זיין פרעהלאָך, נאָך די נשמה פון דער פרעהליכקייט איז פערשוואונדען.

אין א פּאָר שטונדען אַרום איז שוין דער גאַנצער עולם געווען אין קליינזעל ביים וואַכעדיגען מעריב, און פון דעם גאַנצען גרויסען יום טוב זיינען נאַר געבליבען אלם א סימן פערשמאַלצענע ליימענע ליכטערלאַך, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען לכבוד שמחת תורה ספּעציעל פאַר דער גרוסער אילומינאַציע. די שכרות פון דעם גאַנצען מעת לעת איז ווי מיט דער האַנט אָפּגעווישט געוואָרען. קנייטשען האָבען זיך אויסגעלעגט אויפ'ן שטערן, אין די אויגען האָט זיך אריינגע'גנב'עט א טיעפע זאָרג און א וואַכעדיגע פער־טראַכטקייט.

געווען א צויבער־וועלטעל און איז פערשוואונדען, געזעהן מענשען פריי ווי דער ווינד, שטיפעריש ווי די יונגע שטראַלען פון דער זון, געהערט געזונטע פרעהליכע שטימען פון געלעכטער און געזאַנגען, און פּלוצים איז דאָס אַלץ חרב געוואָרען, און פון הינטער דער גרויסער חורבה האָב איך פּלוצים דערזעהן מיין נייעם רבי'ן, דעם לאַנגען שמואל חיים. ער האָט צו מיר געמאַכט מיט'ן פינגער און געראופען אין חדר.

# נאָך סכות.

אוועק איז דער יום טוב, פערשוואונדען די פרעהליכע, לוסטי־גע טעג, ניטאָ מעהר די צופריעדענע געזיכטער, עס הערט זיך שוין מעהר ניט קיין געזאַנג, קיין שאַל פון פרייד.

די זון, די קאַלטע שעהנהייט פון סוף זומער, ווייזט זיך שוין מעהר ניט, דער הימעל וואָס איז געווען אזוי קלאָר און בלייך־בלוי האָט זיך פערצויגען מיט בליי. א קאַלטער ווינד האָט זיך ארויסגעריסען פון צפון זייט און בלאָזט, און פייפט און קלאָגט אין די קוימענס אזוי ווי ער וואָלט געשיקט געוואָרען צו בעוויינען דעם פערשטאָרבענעם זומער.

א דראַבנער, שטעכיגער רעגעלע שמייסט אין די שויבען, רייסט זיך אונטער׳ן קאָלנער און רופט ארויס בלעזלאך אויפ׳ן גאַנצען לייב.

די וואַטאָווע, פערשמאַלצענע קאַפּטעלס קריכען ארויס פון די אַלמערס און פערשפרייטען א גערוך פון טוכלע, שימעל.

אין די הייזער איז האַלב פינסטער, טהיר און פענסטער פער־האַקט. מען קנייטשט די שטערנס, פיעל דער יום טוב האָט אויפ־גענעסען, און ווי צופיהרט מען ווייטער די הענט.

די פערלאָזענע סכה איז נאָך ניט צונומען. דער ווינט האָט אָפּ־געריסען עטליכע דראַניצעס און קלאַפּט מיט זיי אין טאַקט צום וואָיען פון דעם ווינד. איז דאָס א צושפּיעל צו דער לויה פון דעם זומער? ער רייסט דער דאָזיגער צושפּיעל די נערוון און מען פיהלט ווי א מחנה קעץ וואָלטען געקראַכען מיט זייערע שאַרפע נעגעל איבער׳ן הוילען דוקען.

אין מאַרק איז דאָס גאַנצע לעבען פערשוואונדען. די מאַרק־

ווייבער איינגעוויקעלט אין אָפּגעקראַכענע, אָפּגעבליאַקעוועטע, דורכ־
געווייקטע פאַטשיילעס זעהען אויס ווי אַלטע, סאַרע מצבות פאַר
זייערע טישלאַך. די פרעהליכע אויבס מיט די רייצענדע קאָלירען
זיינען שוין מעהר ניטאָ, און אַנשטאָט זיי ליגען אונטער נאַסע
שמאַטעס „אָנגעגאָסענע״ בערנעס, צוקראַכענע עפּעל און שיטערע
פלוימען. עס הערען זיך ניט קיין ווערטלאַך, קיין רופען צו קונים,
קיין געפּאַרבטע קללות.

די צאַן קדשים לויפען איינגעקאַרטשעט אין דרייען מיט א
ספר אונטער'ן אָרם אין חדר. אין די קליינע הערצלאַך איז קאָ־
לאַמוטנע. א חודש, אַ גאַנצען חודש געווען פריי, די קעפּלאַך רוהיג,
געשטיפּט, געפרעהט זיך, געהוליעט, און איצט ווידער אין תפיסה.
מען זאָגט, אַז דער נייער רבי קנייפּט זיך. ער גיט אַזעלכע קליינינ־
קע, טייטשע קניפּעלאַך, אַז עס פערגעהט פון זיי אין די דער נשמה
און מען שפּרינגט אַזש פון זיי אונטער.

פויל, גענעצענדיג, עפענען די קינדער דעם חומש אין חדר.
די רייכע פאַנטאַזיע פון די ערשטע בלעטער פון דער ביבעל ווערט
פערווייקט פון דעם שטעכעדיגען אַסיענדיגען רעגען און די וואונדער־
באַרע געשיכטע פון דעם שלאַנג וואָס איז געווען קליגער פון אַלע
חיות אויף דער ערד, און פון די שטימע פון גאָט, וואָס איז אַרומ־
געגאַנגען אין גאַרטען און גערופען. איכה (איעקאָ), קומען אַרויס
אָהן פאַרב, אָהן לעבען.

ניין, עס איז איצט ניט די צייט פאַר וואונדערבאַרע געשיכ־
טעס, עס איז איצט ניט די צייט פאַר דער פאַנטאַזיע צו הויבען איה־
רע מעכטיגע פליגלען. די פאַנטאַזיע ליעגט אַן איינגעקאַרטשעטע
אין מאַרך, אומעדיג אין אויפ'ן הארצען, טרויעריג אויף דער נשמה.
עס ווילט זיך קיין זאַך ניט, עס בייגקט זיך ניט נאָך קיין זאַך, עס
גלוסט זיך קיין זאַך ניט. צוטראָטען איז דער גייסט, דערשטיקט
זיינען די געפיהלען.

אַלץ איז ווי אָפּגעשטאָרבען.

און נאָר דער ווינד בושעוועט און קלאַפּט מיט די שטעכיגע
טראָפּען רעגען איבער די שויבען און פייפט אין די קוימענס און
דערמאָנט דעם ביטערן יאָמער פון זינדיגע נשמות אין גיהנום.

דער ביטערער חשון שטעהט אויפ'ן שוועל.

ניט אומזיסט, זאגט דער רבי, רופט מען דעם אנקומענדען חודש מרחשון. דאס איז א צייט אהן פרייד, אהן שמחות, אהן עפעס א יום טוב'ל. דאס איז א צייט פון א בלייענעם הימעל, שטעכיגען רעגען און פייפענדען ווינט.

# שבת בראשית.

עס ציהען זיך שווערע וואלקענס איבער'ן הימעל, און דער חושך און דער אומעט ביי אלעמען אין די נשמות ווערט נאך גע־ ריכטער.

עס בלאזט א קאלטער ווינט פון צפון זייט און פערטרייבט יעדע זיסע עראינערונג פון דעם גרויסען און פרעהליכען יום טוב.

דורך די שווערע וואלקען רייסט זיך א שוואכער שטראל, וואס ברענגט זיך דורך שבת בראשית.

נאך מוסף געהט דער גאנצער עולם צום לעקאך און בראנפען. דער עולם מאטערט זיך אנצוהאלטען א יום־טוב'דיגע חשיבות און וויל געהן מיט געמאסטענע טריט און מיט'ן מאנטעל אריבערגע־ ווארפען איבער די אקסלען, נאר דער קאלטער צפונ'דיגער ווינט ווייסט ניט קיין דרך ארץ און וויל קיינעם ניט שוינען און רייסט זיך אריין אונטער'ן מאנטעל און גיט איהם א הויב אין דער לופ־ טען, און דער חשוב'ער בעל הבית גיט א כאפ די פאלעס און דרעהט זיך אלע וויילע אויס מיט'ן פנים אנטקעגען איהם און אויס חשיבות. אויס געמאסטענע טריט.

ביים לעקאך און בראנפען איז אפילו ניטא קיין שאטען פון יום־טוב'דיגקייט. זעלטען ווען איינער זעצט זיך צו, אזוי ווי ער וואלט פיהלען, ווי עמיצער שטעהט איהם איבער'ן קארק. די מייס־ טע מאכען די ברכה איבער בראנפען שטעהענדיג און אזוי גיך ווי יעדער קריגט זיין פיערקאנטיגען חלק לעקאך, ברענגט ער אפ א כזית און דאס איבריגע פערשטעקט ער אין דער הינטערסטער קע־ שענע, א מתנה פאר די קינדער אין דערהיים.

קיינער מאכט קיין שהיות ניט און יעדער איילט צו זיך אהיים.

צו מנחה, פאר׳ן אויסנעהמען, ווערט דער עולם אין קלייזעל לעבעדיגער. מנחה הויבט זיך אן פיעל פריהער ווי געוועהנליך, ווייל באלד דארף זיך אנהויבען דער גרויסער מסחור פון עליות אין מפטיר פאר א גאנץ יאהר. א מסחור אום שבת פאר א קהלה אידען אין די אויגען, ווען די פרומסטע און כשר׳סטע נעהמען אין דעם אנטהייל, און מען דארף אפילו דערביי ניט זאגען „ניט אום שבת רעדענדיג״, איז זעהר אינטערעסאנט.

דער מסחור געהט ניט אן אין דעם געוועהנליכען לשון. דער שמש רעדט א גאנץ יאהר, ווי אלע אידען אין שטעדטעל, נאר ביים איצטיגען מסחור, האט ער געהאט נאר א מאדנעם לשון.

גלייך פאר׳ן אויסנעהמען האבען אנגעהויבען צו לויפען סטאַ־פעטען פון איין ווינקעל צום צווייטען, און אומעדום האבען זיך פארמירט קליינע גרופען. דאס האט מען אפגערעדט ווי ווייט מען זאל זיך אנשטרענגען צו קריגען די בעשטימטע עליות און דערפון איז געווארען א היבשער גערויש. דער שמש האט א פאטש גע־טהאן איבער׳ן בעלעמער און גערופען דעם עולם צום שטילשוויי־גען. דאס סוד׳ען זיך האט גלייך אויפגעהערט און דער שמש מיט א קוויטשיגען קול האט אויסגערופען:

— דרייסיג גראשיין מפטיר! דרייסיג גראשיין מפטיר! צוויי גילדיין מפטיר! דריי גילדיין מפטיר!

ווען עס האט געהאלטען ביי די גראשיין און גילדיין האט מען געבאטען פון אלע זייטען. אפילו די יונגע קונדסים האבען א חלק גענומען אין דעם מסחור. די באטענים איז געקומען פון ארום דער בימה. נאר באלד האט זיך דערהערט פון אויבען אן א באט פון דריי רובעל.

— ווער? ווער? — האט דער שמש נעפרעגט א צוטומעלטער, און די פראגע האבען אונטערגעכאפט אלע, וואס האבען געוואלט קויפען מפטיר.

— איטשע דער מעהלער!

איטשע דער מעהלער איז געווען א שווערער בעל דבר. די יונגע איידימס וואס האבען געהאט אן אויג אויף מפטיר האבען געוואוסט, אז עס וועט זיין שווער איבערצובאטען איהם, און עס האבען גלייך

אנגעהויבען צו פליהען סטאפעטען פון איין אײדים צום צווייטען. זיי האבען אין דער גיך פארמירט א גרופע און בשותפות געזוכט איינצוהאנדלען דעם מפטיר.

עס האט זיך אנגעהויבען א באטענים צווישען איטשע דעם מעהלער און שלמה דעם ראדענער, וועלכער איז געווען דער פאר־שטעהער פון די אײדימס. אלע אויגען זיינען געווען אויסגעשטעלט דא אויף איטשען און דא אויפ׳ן ראדענער. רעדלאך האבען זיך ארומגעקליבען ארום זיי ביידען און מען האט צוגעגעבען היץ יעדען צד.

— ווייזט זיי, רבי איטשע, אז די יונגע שנעקעס וועלען אייך ניט אויסדינגען.

— שלמה, איהר זייט דאך עטליכע און ביי אייך וועט זיך א רובעל אזוי ניט אנזעהן. לאזט ניט איטשען קריגען מפטיר.

און די קונדסים זיינען פער׳הב׳וועטע ארומגעלאפען פון איין אײדעם צום צווייטען און גענומען סטאפעטען פאר שלמה דעם ראדענער.

און אזוי איז צוגעגאנגען ביי יעדער עליה וואס מען האט פער־קויפט.

דער מסחור איז פאר דעם כבוד פון דער תורה און כל זמן ער האלט אן רופט ער ארויס א געהויבענע שטימונג. נאר די ווייניגע עליות וואס מען קען פערקויפען זיינען שוין אויספערקויפט און ווען מען געהט ארויס נאך מנחה פון קלויז זיינען די וואלקען נאך געדיכ־טער און דער לעצטער בלאסער שטראהל איז שוין אויסגעלאשען.

דער צפונ׳דיגער ווינט בלאזט איצט שטארקער און דער לעצ־טער שפור, דער לעצטער סימן פון די גרויסע ימים טובים איז פערשוואונדען און ווי מיט א בעזים אפגעקערט.

מיר געהען איצט פון קלויז און זיינען דורכגעדרונגען מיט א שווערען געפיהל, אז א קיילעכדיג האלב יאהר וועלען די שבתים נאר שמעקען מיט טשאלענט, מיט ברכי נפשי און מיט שלוש סעודות־דיגע קאלטע פלאטקעס!

# מתתיהו.

## (א חנוכה־חלום)

איך בין אהיים געקומען דורכגענומען פון קעלט, און דער הייסער סאפער און די ווארעמקייט פון שטוב האבען אנגעפילט מיי־נע גליעדער מיט א גליקליכער פוילקייט. עפעס א חיה׳דיגע צו־פריעדענהייט האט מיך אין גאנצען ארומגענומען און אפילו דער מאנאטאנער נגונ׳דעל פון דעם ראדיאייטאר האט מיר איצט גע־קלונגען ווי זיסע מוזיק.

די חיה׳דיגע צופריעדענהייט איז געווען אזוי גרויס, אז זי האט אפילו פערשטופט די אונרוהיגע געדאנקען וואס האבען די לעצטע פאר שעה זיך געמישט מיר אין קאפ. איך האב געדאפט צונרייטען עפעס חנוכה׳דיגעס, און ווי אויף צו להכעיס האבען זיך אלע חנוכה טהעמאס אויסגענומען.

די גליקליכע פוילקייט האט זיך אלץ מעהר און מעהר פער־שפרייט איבער מיינע גליעדער און אז אמת׳ע יום טוב׳דיגע שטי־מונג האט מיך דורכגעדרונגען, און איך האב זיך דאריבער דער־פיהלט ניט זעהר אנגענעהם, ווען דער בכבוד׳יגער זקן וואס איז פלוצים אויסגעוואקסען פאר מיינע אויגען האט אויף מיר א קוק געטהאן מיט טרויעריגע אויגען, פון אונטער געדיכט־אראפהענגענ־דע ב־עמען, וועלכע האבען געאטהעמט מיט אויטאריטעט און שטרענגקייט.

די לאנגע גרויע באָרד מיט׳ן פלאקסענעם קאליר איז געווען אין ווידערשפרוך מיט׳ן אויסגעגלייכטען רוקען, און אויפגעהויבענע אקסלען און לייכטען טריט, וועלכע האבען עדות געזאגט אויף יונג־קייט, פלינקייט און געוואגטקייט.

ער איז געווען אנגעטהאן אין אן אפר און אויפ'ן קאפ האט ער געטראגען א מצנפת.

— ווער ביזטו, אלטער? — האב איך איהם געפרעגט.

— דערקענסט מיך ניט? — האט ער אויפ'ן אמת'ן אידי־שען שטייגער געענטפערט מיט א פראגע.

— עה־עה־עה — האב איך אנגעהויבען צו שטאמלען.

— איך זעה, אז דו דערקענסט מיך ניט, און ווי אזוי זאלסטו מיך דערקענען? קיין גרויסען פאראד האט מען פון מיר ניט גע־מאכט, האט ער געזאגט מיט א בעליידיגטען טאן. איך בין מתתיהו.

איך בין אויפגעשפרונגען, דערלאנגט איהם א שלום עליכם, נאר ער האט מיין האנט ניט אנגענומען.

— פאר וואס ביזטו בייז? — האב איך געפרעגט.

— מען האט אונטערגעשעצט מיינע פערדיענסטען אין דאס פאלק האט זיך ארויסגעוויזען אונדאנקבאר צו מיר.

— וואס רעדסטו? דיר האט מען איינגעטהיילט דעם גרעס־טען יום טוב. אכט טעג נאכאנאנד און אהן א שום חול המועד.

— מען זעהט איהם עפעס ניט, — האט ער געזאגט סאטיריש.

— ווען?

— איך מיין דעם יום טוב, איך האב ערשט דורכגעשוועבט דעם מארק — לויפען ארום אידען און הב'ענען ווי סאמע אין דער וואכען. די קרעמער זיצען איינגענורעט אין זייערע פוטערס און קוקען אוים די אויגען אויף א קונה, די קרעמערקעס זיצען איבער די פייער־טעפ מיט פערזארגטע, פער'חושך'טע פנימ'ער, אין די פאבריקען יאגט מען פון זיך ארוים די נשמה, אפילו די קינדער זיינען פון חדר ניט בעפרייעט —

— המ... מען זאגט הלל, — האב איך זיך פערענטפערט.

— דאס זאגט מען יעדען ראש חודש.

— אבער גאנץ הלל, האב איך איהם אונטערגעזאגט.

— ניט דוקא פאר חנוכה.

— און על הנסים?

— פורים האט אויך על הנסים.

— דיין על הנסים איז א גרעסערער.

— עטליכע ווערטער מעהר — און דאס איז אין גאנצען. וואו איז מיין מגילה? אפילו די פייטנים, וואס האבען בעזונגען אלץ אין דער וועלט, האבען קיין שום בעגייסטערונג ניט געפונען אין חנוכה.

ער האט געוואָרט איך זאל איהם דארויף ענטפערן, נאר איך האב קיין זאך ניט געקענט אויסטראכטען, וואס צו זאגען. דער־נאך האט ער זיך אפגערופען:

— אפילו פון א גאסטראנאמישען שטאנדפונקט קומט אויס חנוכה עפעס ווי א שטיעף־קינד אין דער פאמיליע ימים טובים. יעדע אידישע פרוי האט זיך פאר יעדען אנדער יום טוב געקלינגט צו מאכען עפעס א פאטראאווע וואס איז געבליבען א שם דבר. אויף פסח האט איהר קניידלאך און כרעמזלאך, אויף שבועות — זעמע־לאך און בלינצעס, פאר שמחת תורה — קרעפלאך, אזוי פאר יעדען יום טוב עפעס א מאכל וואס צוגעהט אין מויל, און דאס אלץ א צוגאב צו די גרויסע סעודות — און וואס האט איהר חנוכה?

— לאטקעס! — האב איך אויסגערופען מיט פרייד, וואס איך האב געהאט א געלעגענהייט צו ווייזען כאטש אויף עפעס חנוכה׳דיגעס.

— גרעטשענע לאטקעס און אפט פון האלב פערפרארענעם קארטאפעל אויף שמאלץ אויף א וואכעדיגען טיש, מיט וואכעדיגע פנימ׳ער, מיט הענט פון דער ארבייט.

— בא! — האב איך אויסגערופען, — און די ליכטעלאך? די אנגערוקטע געדיכטע גרויע ברעמען האבען זיך ביים זקן אויפגעהויבען און א גליקליכע עראינערונג האט דורכגעשטראלט זיין פנים. ער האט ווידער אמאל געזעהן, ווי די זיעגרייכע קעמפ־פער האבען זיך צוריקגעקעהרט אין ירושלים און ארויסגעראמט די טומאה פון בית המקדש, און ריין געמאכט דעם היכל און אנגעצונדען די ליכט, וואס האבען געוויזען דעם גרויסען טריאומף פון א הייל־פעלע מענשען, ווען זיי זיינען דורכגעדרונגען מיט א טיעפער איי־דעע, נעגען ריעזיגע מתנגדים, וואס שלאגען זיך נאר פאר זייערע איינענע נוצען.

דער זקן האט געביטען זיין סאטירישען טאן און זיין קול איז געווארען ווייך:

— די ליכטעלאך?

ער האט זיך אויף א ווײלע פערטראכט.

איך האב זיך בענוצט מיט׳ן שעת הכושר און האב אנגע־הויבען צו רעדען וועגען דעם טיפען קוואל בעגייסטערונג וואס די אידען שעפען דור איין־דור אויס, שוין איבער צוויי טויזענד יאהר פון די דאזיגע ליכטעלאך. איך האב געוויזען, ווי די דאזיגע קליי־נינקע ליכטעלאך זיינען דער אייביגער סימבאל פון דעם טריאומף פון דער אידעע איבער שווארצע גבורה.

ער האט מיך פלוצים איבערגעהאקט:

— א טיפער קוואל פון בעגייסטערונג — דער אייביגער סימבאל פון דעם טריאומף פון דער אידעע איבער שווארצע גבורה— דו לייענסט דאכט זיך א חנוכה ארטיקעל. איך האב בעמערקט, זיי האבען דאס רוב איין נאמען „הנרות הללו“ אדער „די ליכטעלאך“ און זיי האבען שטענדיג דעם זעלביגען נוסח.

— המ... — האב איך געזאגט האלב פערשעהמט, — מיר דאכט זיך, אז איך האב אויך געהאט א „הנרות הללו“.

— אן ארטיקעל?

— יא.

— און וואס איז מכח סקיצען? איך האב געזעהן פיעלע יום טוב׳דיגע סקיצען דיינע, נאר אויב מיין זכרון נארט מיך ניט, געפינט זיך ניט צווישען זיי פיעל חנוכה סקיצען.

— יא, חנוכה סקיצען טאקע ווענינ.

— פאר וואס? די ליכטלאך האבען דאך אזא טיפען קוואל פון בעגייסטערונג —

— בע—בע, — האב איך גענומען שטאמלען אויפ׳ן עכטען אידישען אופן און —

איבער מיר איז געשטאנען מיין ווייב און האט מיך גע־וועקט:

— וואס מורמעלסטו? — האט זי געפרעגט.

— א מארנער חלום. — האב איך בעמערקט.

# דאָס קריגעלע בוימאויל.

אין דער מנורה האָט איין ליכטעל געברענט און איך ווייס ניט פאר וואָס, עס האָט מיר אויסגעוויזען, אז דער קליינער פלאַם איז העלער און פרעהליכער ווי אין די אנדערע רעהרען. געוואוינליך האָט דעם ערשטען טאָג חנוכה דאָס איינציגע ליכטעל געמאכט אַן אומעריגען איינדרוק. מיט די אנדערע זיבען רעהרלעך פינסטער האָט דאָס איינציגע ליכטעל אויסגעזעהען ווי א קיילעכדיגער יתום.

איך בין ניט לאנג געקומען פון גאס א דורכגענומענער פון דער קעלט און האָב איצט מיט אלע גליעדער געפיהלט דאָס פערגעניגען פון דער ווארעמקייט פון הויז, ווי עס האָט זיך מיר צוגאסען איבער'ן לייב. פון קיך האָט זיך דערטראגען דער בעקאנטער ריח פון געפרעגעלטע לאטקעס און האָט געררייצט די נאָזלעכער און דעם גומען. איך האָב האָלט לאטקעס און פון מיינטוועגען האָט חנוכה געמעגט געדויערען א פּאָר חדשים לאנג.

איך האָב גענומען א צייטונג, ארייגגעזעצט זיך אין א בעקוועמען מאָרים שטוהל און געהאט ברעה צו לייענען. נאָך אין וואגאָן פאָהרענדיג אהיים האָב איך אין דער צייטונג אנגעהויבען צו לייענען א רעפּאָרט פון א מיטינג, וואו מען האָט גערעדט וועגען דער דעקלאראציע פון ענגלאנד און איך האָב איהם איצט געוואָלט ענדיגען. נאָר דער פרעהליכער פייערל פון דעם ליכטעל אין דער מנורה האָט צו מיר אזוי קונדס'דיג געוואונקען, אז איך האָב פון איהם די אויגען ניט געקענט אפּרייסען.

פּלוצים האָט זיך דאָס פייערל א בויג געטהאַן צום זיבעטען רעהר און איך האָב דערזעהן ווי אן אלטער איד האָט אנגעהויבען פון דאָר־טען ארויסצוקריכען. א פּאָר סעקונדען איז ער געבליבען שטעהן

אויף דער מנורה און דערנאך ארונטערגעשפרונגען אויפ׳ן פלאר.

איך האב איהם אנגעקוקט ערשטוינט. דער פנים איז מיר געווען בעקאנט, און דוקא גוט בעקאנט, נאר איך האב זיך ניט געקענט דערמאנען, וואו איך האב איהם געזעהן און ווער ער איז.

— דו דערקענסט מיך ניט? — האט ער געפרעגט מיט א לייכטער צומישונג פון שפאס אין זיין קול.

— בע—מע — האב איך אנגעהויבען צו שטאמלען. — דאס הייסט איך דערקען אייך —

— פטור, דו האסט דאך ניט לאנג א געדוס פון מיר איבערגעגעבען, — האט ער מיר איבערגעריסען און זיין קול איז געווארען נאך שפעטישער.

— ישראל סבא! — האב איך פלוצים אויסגעשריען און בין אויפגעשפרונגען פון מיין שטוהל און די צייטונג איז מיר ארויסגעפאלען פון האנט. — שלום עליכם.

— עליכם שלום. אזוי, ענדליך פארט דערקענט.

— ניט אומזיסט האב איך אייך אזוי גרינג ניט דערקענט,— האב איך זיך פערענטפערט. — איך האב אייך שטענדיג געזעהען מיט א וואלקען אויפ׳ן שטערן, מיט אנגערוקטע ברעמען, מיט א מיעפען עגמת נפש אין די אויגען און מיט אן אויסגעגאסענעם אורמעט אויפ׳ן פנים, און איצט זעה איך... איך בעט אייך איהר זאלט מיר פערצייהען —

— אז איך זעה גאר ניט אויס מעשה זקן, מיט א שפעטישען שמייכעל אויף די ליפען און מיט א פרעהליכען פייערל אין די אויגען, האט ער מיר איבערגעריסען.

— יא.

— דאס פרעהליכע פייערל אין די אויגען איז פון די חנוכה־ליכטלאך.

— און דער שפעטישער שמייכעל.

— איז פאר דיר.

איך בין א ווײלע געבליבען שטעהן ווי מבולבל. דערנאך האב איך זיך געכאפט אז דער גאסט שטעהט און איך האב זיך פערענטפערט:

— איך בין געוואָרען אַזוי איבעראַשט פון אייער בעזוך, אַז איך האָב פערגעסען צו בעטען אייך זיצען. זיצט רב ישראל סבא. מען וועט באַלד אַריינברייננגען לאַטקעס און געגזוענע גריבע־נעס און מיר וועלען דאָ האָבען אַן אמת'ע חנוכה'דיגע סעודה.

— איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר. איך בין היינט אַזוי גוט אויפגערעמט, אַז איך קען גאָר ניט איינזיצען. איך האָב גאָר חשק צו שפּריינגען. קוק ניט אויף מיינע אַלטע פיס. איך וועל זיך נאָך פערמעסטען מיט וועלכען יונגען דו ווילסט.

— וואָס איז מיט אייך אַזוי די שמחה ?

— סטייטש, דו זאָלסט עס פרעגען ! אָט גיב אַ קוק אויף די נייעס, וואָס דו האָסט ערשט געלייענט.

ער האָט מיט'ן פינגער געוויזען אויף דער אַרונטערגעפאַלענער צייטונג.

— אַה ,איהר מיינט די דעקלאַראַציע פון ענגלאַנד !

— געוויס מיין איך דאָס, נו, וואָס אַ שטייגער וועסטו איצטער זאָגען ? — האָט ער געפרעגט סאַטיריש.

— אַ פיינע זאַך, זעהר אַ וואוילע זאַך.

— אַ פיינע זאַך, אַ וואוילע זאַך און דאָס אַלץ ?

— וואָס נאָך זאָל זיין ?

— געדענקסטו, ווי איהר פלעגט פון מיר שפּאָטען פאַר וואָס איך האָב דעם נס געזעהן אין דעם קריגעלע בוימאויל ? איהר האָט נסים געוואָלט אוועקמאַכען מיט דער האַנט, און איהר האָט מיר שכל געוואָלט אַריינגעבען, אַז אַנשטאָט צו כאַפּען התפעלות פון דעם קריגעלע בוימאויל, זאָל איך זיך בעסער אַנשטעקען מיט דער בע־גייסטערונג פאַר גבורה.

— יאָ. איך געדענק זעהר גוט.

— גבורה ! — האָט ער געזאָגט סאַרקאַסטיש.

— יאָ, די חשמונאים האָבען עס געוויזען.

— און די איצטיגע אויפגעהויבענע האָפנונג קומט אייך פון אייער גבורה ?

— בע—מע — האָב איך אָנגעהויבען צו שטאַמלען. — איהר

פערשטעהט, איצט איז א מלחמה פאר די רעכטע פון קליינע מלוכות און געדריקטע פעלקער —

— יא, יא, די רעכטע פון קליינע מלוכות און געדריקטע פעלקער — און איהר ווילט איצט אויך ניט קיין קריגעלע בוימ־אויל ?

ישראל סבא האט דערביי געשמייכעלט אזוי איראניש און אזוי פיעל בעדייטענד, אז איך האב זיך דערפיהלט אונבעקוועם און בין געווען העכסט צופריעדען, וואס מיין ווייב איז אריינגעקומען מיט א טאץ לאטקעס און גריבענעס.

— איהר וועט מיט אונז לאטקעס עסען, — האב איך איינגעלאדען מיין גאסט.

— וואס מורמעלסטו ? — האט מיך מיין ווייב געוועקט און געטרייסעלט פאר׳ן אקסעל.

— מיר האבען א גאסט צו די לאטקעס, — האב איך ערקלערט מיין ווייב, עפענענדיג די אויגען.

— וואס פאר א גאסט ? וואו א גאסט ? דו רעדסט פון שלאף ?

— הא ! — האב איך אויסגערופען און ארומגעקוקט זיך. די צייטונג וואס איך האב פריהער אין האנט געהאלטען איז געלעגען פאר מיינע פיס און אין דער מנורה האט פרעהליך געברענט דאס ערשטע ליכטעל.

— ווי געפעלט עס דיר, איך האב דא אין די פאר מינוט גע־האט א חלום.

— אויב אזוי, האב איך מורא, אז איך וועל דיר די גריבענעס ניט לאזען עסען, — האט זיך מיין ווייב אנגערופען.

— ניין, ניין, מען דארף קיין חנוכה ניט פערשטערען, — האב איך זיך אנגערופען.

# ערב שבת.

מיט פרעהליכע הערצער, מיט שטראלענדע אויגען, מיט גרויס ליארעם שפארען זיך ארויס פון אן אלט איינגעפאלען הילצערן הייזעל ביי א טוץ קליינע קינדער.

— קונדסים! איהר קאנט ניט געהן שטילער? — הערט זיך דעם רבי'ס געשריי הינטער זיי. נאר ווער הערט איהם? די „וואר־שיעורים" גע'פטר'ט, פון „תגרי לוד" ארויס מיט גאנצע ביינער און ווער איז זיי איצט גלייך?

יעדער איינגעל האלט אונטער'ן ארעם א גרויסע גמרא. זיי טרעטען בכיון דארט, וואו דער שניי איז טיעפער, זיי געהען און שאקלען זיך אין אלע זייטען, ביז עס ווערט א ווארפעריי מיט „קולקעס". דרויסען איז ליכטיג, דער בלויער הימעל שפיגעלט זיך אף אויף דער ערד, דער פראסט ברענט און קנאקט אין דער לופט. די הילצערנע הייזלאך מיט די פערהאקטע לאדענס זעהען אויס זעהר טרויעריג, זיי לעגען זיך ווי שווארצע פלעקען אין דעם בלוי־ווייסליכען ים; די קינדער פילדערען און ליארמען און זייער לאכען, שרייען, הוזשען, קוויטשען דערגרייכט צו די פארווארפענסטע הייז־לאך.

אין מארק ווערען די קינדער שטילער. די געוועלבער זיינען נאך אפען און פון די טהירען פאלען געלע פאסען אויפ'ן שניי. אין די מעהל און בשמים־קראמען און ביי די הייוועניקעס איז איצט א שטיקעל שפע און אלע ווייבער בעווייזט זיך א ווייבערשע פיגור, פערוויקעלט אין א גרויסער פאטשיילע, לויפט אדורך דעם מארק פון שטוב אין קראם און צוריק. ביים שטאדט־ברונען איז א מחלקת, די וואסער־טרעגער, וועלכע פיהלען זיך ביים ברונען גאנץ

היימיש און האָבען אַ שנאה אויף יעדען איינציגען, וואָס טראָגט אַליין וואַסער, שלײדערן די בעל־הבית׳ישע עמערס, רייסען דעם קאַלאַוואַראַט פון די הענט, וואַרפען זיך מיט רוחות און בענשען מיט דער מאַמען... די קינדער ווערען דאָ שטילער; זיי זאַטשעפּען אפילו ניט יענטע שפּרינצע חיים זעליג׳ס ווייסע ציג, וואָס שטעהט מעלה־גרה׳דיג און שאָקעלט מיט איהר ציגענעם בערדעל לעבען סטאַדאָלע ביי אַ שיינק. דאָ פערנעהמען זיך די קינדער אין פערשידענע געסלאַך און געהען זיך פאַרנאַנדער סטאַטעטשנע, יעדער צו זיך אהיים.

הערשעלע נחמה דבורה׳ס נעהמט זיך פון מארק אראָפּ אין אַ דאַבייאַיגען געסעל, געהט צו אַ הילצערנעם הייזעל און לויפט אריין מיט אַ פרעהליכען גוטען אבענד אין שטוב.

אין שטוב לעבען שוועדסקען אייוועלע זיצט די מאַמע אויף די אונטערגעבויגענע פיס, מיט׳ן טיכעל פון קאָפּ פאַרבונדען אהינטער צו דער פּאַטילניצע. מיט אַן אָנגעברענטען געזיכט פון פייער.

— ראַזבויניק! ווי האָסטו דאָס ניט רחמנות אויף זיך אַליין? רופט אויס די מאַמע אָפּקעהרענדיג דעם קאָפּ פון אויוועז ביי הערשעל׳ס אריינקומען — אין אַזאַ ברענענדיגען פראָסט געהסטו פערנאַנדערגעשפּיליעטערהייט?

— ס׳איז גאָר ניט אַזוי קאַלט, — ענטפערט הערשעלע מיט אַ פרעהליך געלעכטער.

— ניט קאַלט?! — און די מאַמע נעהמט אריין הערשעלעס קאַלטע הענט אין איהרע צוקאָרטשעטע, אויסגעהאָרעוועטע, צווישען די קנייטשען כראָניש איינגעריכטע, נאָר זעהר וואַרימע הענט און דריקט זיי און הוקעט אויף זיי.

— אוי וועה איז מיר! זעה, ווי דערפראָרען דו ביזט.

— אופו! אופפּפו! — הויבט אָן די מאַמע פּלוצים צו בלאָזען, ארויסלאָזענדיג פלינק הערשעלעס הענט און אָנכאַפּענדיג פאַר׳ן הענטעל פון טעפּעל, וואָס האָט אָנגעהויבען צו לויפען.

הערשעלע געהט אָפּ פון אויוועז, לעגט אוועק די גמרא אויפ׳ן קאַמאָד, ציהט אראָפּ פון זיך דאָס פוטערעל און פרעגט עפּעס עסען.

— די וועטשערע איז נאָך ניט פֿאַרטיג, — ענטפֿערט זי מיט א קול פֿון א זינדיגע. דאָס האַרץ טהוט איהר וועה, וואָס דאָס קינד געפֿינט ניט עסען גרייט קומענדיג פֿון חדר. און אזוי ווי ווע־לענדיג פֿערלייכטערען איהר זינד פֿרעגט זי איהם: — אפשר וועסטו עסען בולבע־קאַשע מיט שמאַלץ?

נחמה דבורה וואַרט ניט אויף הערשעלעס ענטפֿער, זי ווייס, אז בולבע־קאַשע מיט טוקעווע שמאַלץ איז ביי איהם איינער פֿון די גרעסטע יום־טובים.

— מיר אויך קאַשע! — שרייט אויס א איינגערע שוועס־טערל.

— מיר אויך! — שרייט נאָך א איינגערע שוועסטערל.

— איהר האָט דאָך ניט לאַנג געגעסען, — זאָגט נחמה דבורה מיט א בייזער, און ער איז געקומען הונגעריג פֿון חדר.

— אָבער קאַשע האָב איך ניט געגעסען, — רופֿט אויס די עלטערע שוועסטערקע.

— איך אויך ניט קאַשע געגעסען, — כאַפּט אונטער די צווייטע.

— איך וואָלט אייך ניט געזשאַלעוועט, קינדערלאַך, קאַשע, נאָר מען קען ניט אויסלאָזען גאָר די בולבעס פֿון טאָפּ, — רעדט וויי־כער די מאַמע, אריינרוקענדיג דעם הילצערנעם קאָכלעפֿעל אין טאָפּ. יז יאָגט זיך אזוי לאַנג ארום מיט'ן קאָכלעפֿעל, ביז עס נעהמט זיך אָן א קאַרטאָפֿעל, זי שלעפּט איהם ארויס, לעגט אויף'ן טעלער און פּרובט זיין ווייכקייט. איינינע לאָזט זי אין טעלער און אנדערע, האַרטערע, וואַרפֿט זי צוריק אין טאָפּ.

— מיר א לעפֿעל קאַשע וועסטו געבען? יע, האַ? יע? — רוימט איין א סוד דאָס עלטערע שוועסטערקע הערשעלען אין אויער.

— און מיר אויך א שטיקעלע, א פּיצעלע, א טראַרעלע, — רעדט שטיל דאָס איננערע שוועסטערקע צום ברודער.

אין שטוב איז איצט זעהר ענג, ווי ביי א קרעמערקע דאָנערש־טאָג ביי נאַכט, וואָס דאַרף אַלעס אַנגרייטען אויף שבת אין אָבענד. ביי טאָג קען נחמה דבורה ניט פֿועל'ען ביי זיך איבערצולאָזען די קראַם אויף ירוחם'ס הענט. ער איז א שטיקעל נערבאַלישץ, ער

זיצט רוהיג אויפ'ן ביינקעל מיט'ן „פּיפּקע“ אין מויל און  װ ו א ר ט
דער קונה זאָל  א ל י י ן  אריינקומען (אַ גוטען פּנים קען מען
האָבען, מען זאָל װאַרטען אויפ'ן קונה!) און אפילו איצט רייסט
איהר אויך דאָס האַרץ פאַר'ן קראָם, כאָטש װייסען װייסט זי, אז
קיין קונה װעט איצט ניט פערשמעקען און מען קאַלייעט נאָר איינער
פון אנדערענס װעגען: װי קען מען פערמאַכען די קראָם, אז „יע־
נער“ זיצט נאָך? נאָר דאָס האַרץ איז איהר ניט רוהיג צוליעב
צופה חיענקען און ביילינקע איצינקעם (דאָס זיינען אַ פּאָר סוחר'טעם
— אויסגעפּוילט זאָלען זיי װערען!) זי אליין — איז אויך קוים
װאָס זי ספּראַװעט זיך מיט זיי, זיי פוילען איהר אויס דעם לונג
און לעבער ביי יעדער לייזונג — און װאָס איז זייער גאַנצע קניה?
אַ פּאָר הערינג אויף שבת, קיין אנדער פּדיון זעהט מען פון זיי קיין
מאָל אין די אויגען ניט אַז — און בפרט נאָך ער, ירוחם, זיי װע־
לען איהם צוריען די גאַנצע טון און ער װעט זיי אַ װאָרט ניט
זאָגען, ער װעט אפילו דעם ציבעק פון מויל ניט ארויסלאָזען. נחמה
דבורה האָט מורא, אז  ז י י  קענען בכיון אָפּהיטען די צייט, װען
זי איז אין קראָם ניטאָ. אמת, זי האָט איהם אפילו אָנגעזאָגט פאַר'ן
אװעקגעהן פון קראָם, אז ער זאָל זיי צום טון ניט צולאָזען. „אַ סך
גלייכער װאָלט געװען, װען דו זאָלסט זיי גאָר ניט ענטפערן. איך
װאָלט געװען אַ סך רוהיגער: נאָר מען קען דאָך דיך צו קיין נאַרען
ניט מאַכען, מען דאַרף דאָך נאָך די צרה בעהאַלטען: אָבער לאָמאַנ־
אַשעם און לאָמאַנאַשעם (למה"ש ולמה"ש) צום טון ניט צו לאָזען!
נעהם ארויס אַ פּאָר הערינג און װייז זיי. אָט דאָס איז די סחורה—
װילט איהר, איז גוט; ניין? געהט אייך געזונדערהייט. נאָר דו
װעסט דאָך מסתמא מורא האָבען ארויסצולאָזען די פּיפּקע פון
מויל!“ אזוי האָט זי איהם אפילו אָנגעזאָגט, און אַ קינד, דוכט זיך,
װאָלט עס אויך פערשטעהן, אבער איהם העלפט הפנים רייעדען?
(אח, ער איז גאָר קיין מענש ניט!) נאָר װי דאָס איז, ביי נאַכט איז
פאַרט בעסער איבערצולאָזען די קראָם אויף ירוחם'ס הענט איידער
ביי טאָג און אין די עטליכע שעה מוז זי אריינכאַפּען אַלע ארבייט
אויף שבת. די שכנות, כאָטשע זיי זיינען ניט קיין קרעמערקעס,
מוזען איהר נאַכטהאַז. צוואַנציג פּאַדראַדען מיט'ן אויװען קען מען

ניט מאכען און ווידער וואַלטען זיי זיך טאַקע ניט געקענט אויס־
קערעווען אין דעם קורצען ווינטער־טאָג — ס'איז הפנים א טאָג?
א טל ומטר'ל, א שיין די זון און מען קלאַפּט שוין אין שוהל —
ניט אַלע קענען זיך גלייכען צו נחמה דבורה'ן! ביי איהר ברענט די
ארבייט אונטער די הענט און זיי מוזען איהר נאָכטהאָן. פון אַלע־
מענס ארבייט איז אין קליינעם שטיבעל אזא ענגשאַפט, אז ס'איז
זיך ניטאָ וואו א קעהר צו טהאָן. דער טיש, די ביינק זיינען אנגע־
שטעלט אזוי, אז אפילו א שפּילקענע קעפּעל איז ניטאָ וואו אריינ־
צושטעקען. הערשעלע געפינט זיך קיין אָרט ניט, שטעהן ווי אַן
אנגעמאָלטער גולם איז קיין פּלאַן ניט, צו זעצען זיך איז ניטאָ
וואו, ביים אויווען קענען פייער איז א געדרענגעניש, שלאָפען גע־
לוסט זיך ניט. פאר איין ברירה ווערט ער גאָר א מתמיד, געהט צו
צום טיש, וויל מאכען לעדיג א שטיקעל אָרט. די מאמע בעמערקט
עס און וואַרפט אוועק שאַבען די מערען, כדי צו העלפען איהם מאכען
א שטיקעל לעדיג אָרט. די מולטער מיט די איינגעמאכטע חלה טראָגט
זי אוועק אין קאמער און שטעלט אויפ'ן בעט, וואו אונטער'ן קי־
שען ליגט א בלעטעל לאָקשען און טריקענט זיך. פון באַנק נעהמט זי
אראָפּ דאָס ברעטעל צום לאָקשען־בראַקען און שטעלט אויפ'ן צי־
מעס, פון טיש שאַרט זי נאָך אָפּ א פּאָר סקאַרמוטשען און מיט
אויגען פון פערגעניגען גיט זי א קוק אויף הערשעלען. הערשעלע
מייסטרעוועט אווײלע דעם לאָמפּ, פּרובט אויס זיין קול'כעל און
הויבט אָן מיט א סקאַרבאָוועו נגון זינגען די גמרא. די אינגסטע
שוועסטערעל זעצט זיך אָן א זייט לעבען אייווּעלע, פּערלענט איין
הענטעל אויפ'ן צווייטען און לאָזט ניט אראָפּ די אויגען פון הער־
שעלען. זיין שאָקלען און זינגען ערקלערען איהר פּיעל, פּיעל... ער־
קלערען איהר פאר וואָס קומט איהם א גאַנצע טעלער מיט קאַשע.
די מאמע, ניט אָפּנעהמענדיג דאָס מעסער פון מערעלע, וואַרפט
הינטערוויילעכטס בליקען פון ליעבע אין זיין ווינקעל. זיין זינגען
שלעפּערט אין איהר איין אַלע וואָכעדיגע געדאַנקען, מאַכט איהר
פערגעסען אָן ציפּה׳ חיענקען און ביילינקע איצינקעס און טראָגט
איהר ארויס אין א צויבער וועלט.

— נחמה דבורה, מיין טעפּעל לויפט! — רייסט איהר א שכנה

תיכף איבער איהרע זיסע פאנטאזיעס, — לאָזט מיר צו צום אויוועןֿ!
נחמה דבורה האלט שוין דעם אפּגעברענטען שטעקען און שלעפּט דאָס טעפּעל פון פייער, דאָס צויבער וועלטעל איז פער־שוואונדען.
נאָר הערשעלע זינגט ווייטער, פון א ים זיסע, מעלאָדישע קולות רייסען זיך ארויס די הייליגע ווערטער פון דער גמרא. די ווערטער זיינען פרעמד פאר איהר קאָפּ, נאָר זי פיהלט זיי און פער־שטעהט זיי מיט'ן הארצען. זי ווייס פון „צאינה וראינה“ פון „קב הישר“, פון „נחלת צבי“, אז די ווערטער, וואָס רייסען זיך ארויס פון הערשעלעס קולות, זיינען ניט פּשוט'ע ווערטער. אין יעדען וואָרט ליגט דער מאטעריאל פאר א גאָלדענעם קישעלע און א גין־גאָלדערנעם שטוהל און הערשעלעס זינגען פערשטעלט ווייטער פון איהרע אויגען דאָס פינסטערע, ביטערע, גראָשענע לעבען, פער־טויבט דעם גערודער, געטומעל פון ענגען שטיבעל און שוועבט ווייטער אוועק אין דעם ליכטיגען וועלטעל פון פאַנטאַזיעס און זיסע חלומות...
— זעהט, זעהט, וואָס שלעפּט דאָרטען די קאץ? — שרייט א שכנה, — א שטיק פלייש, דוכט זיך?
נחמה דבורה שפּרינגט אויף פון אָרט און ס'ווערט א גוואַלד־פעריי, א יאָגעניש ארום שטוב. א „פּסיק“, א „קיט“ און די קאץ שפּרינגט ארויס פון אונטער'ן ביינקעל, שלעפּענדיג די שטיק פלייש אין מויל, און כאַפּט זיך אריין צווישען אלמער, פון דאָרט א שפּרונג ארויף און א שופּ אויפ'ן אויוועןֿ. „יאַ טשעביע דאָס! יאַ טשעביע דאָס!“ שרייען אלע און די קאץ טראכט געווים: זאָגט, שרייט וואָס איהר ווילט און איך און וועל טהאָן מיין זאַך.

הערשעלע זיצט שוין ניט ביים גמרא, ער קלעטערט אויפ'ן אויוועןֿ, די קאץ לאָזט ארויס דערזעהענדיג הערשעלען דאָס פלייש, בלייבט א רגע אויפגעקאָרטשעט אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און נאָכ'ן ערשטען קלאַפּ — אוטשאַק!

אלע שטעלען זיך ארום דעם קאַשעק, וואו ס'זאַלצט זיך דאָס פלייש און מען מאכט א רעוויזיע אויסצוגעפינען, וועלכע שטיקעל עס פעהלט און פון וועמעס חלק האט די קאץ געכאַפּט. די קאץ

זיצט פערדרוקט אין ווינקעל אונטער'ן בעט און הארכט צו, וואס מען דרשה'ט וועגן איהר.

— א לאסוכע געווארען! — כאפען געזאלצענע פלייש פון קאשעק — ביז איצט איז גאר ניט געהערט געווען! — זאגט ברוגז'דיג נחמה דבורה.

— עהע! זי האט גאר קיין צייט ניט! אנדערש ווי ברוסט פאסט פאר איהר ניט! דאס בעסטע שטיקעל אראפגעכאפט, בע־מערקט א שכנה מיט אן איראניש קול, אין וועלכען עס האט זיך געהערט א טאן פון נקמה צו דער קאץ.

דערווייל איז שוין הערשעלעס לערנען קאפוט. דער געדודער, דאס קריכען אויפ'ן אויווען האבען איהם די התמדה אראפגעשלא־גען, דער שלייער, מיט וועלכען הערשעלעס לערנען האט אויף א ווײלע פערהילט די שטוב, איז אראפגעצויגען, און דער גאנצער זיסער צויבער ווערט פערשוואונדען

אויפ'ן ברעג טיש, וואו הערשעלע האט פריהער די גמרא געהאל־טען שטעהט א פאליוואנע שיסעל מיט וועטשערע. ביים טיש זיצען נאר ירוחם און הערשעלע, נחמה דבורה האלט די טעלער אין האנט און זופט די שיטערע וועטשערע שטעהענדיג. די שוועסטערקעס זיצען צוגעמאסצעט צום פוסביינקעלע און עסען גענעצענדיג. איין ירוחם וואלט געהאט הנאה פון דעם ווארעמען געקעכץ, ווען די פארע וואלט איהם ניט געצוואונגען אפקעהרען ביי יעדען לעפעל זיין אנגעפרוירענע נאז און ווישען איהר. אויסער איהם זופען אלע די וועטשערע מיט אזא חשק, פונקט ווי איינער פטר'ט א חוב־זאך.

מיט דער וועטשערע מאכט מען קיין שהיות ניט, אראפ די שי־סעל, אראפ דער האנדטוך און ווייטער ערב שבת. אלע שטובינגע געהען שלאפען, די שכנות האבען זיך ניט וואס צו איילען, זיי זייר־נען היימישע, אבי צוגעגרייט צום אויווען און פטור. פאר הערשע־לען עפענט זיך אויף א באנק און זיין געלעגער איז תיכף פארטיג. איין נחמה דבורה בלייבט אויף, זי האט נאך ארביים.

הערשעלע קריכט אריין אין שלאף־באנק און מיט האלב פער־מאכטע אויגען קוקט ער נאך דער מוטער ווי זי בראקט לאקשען:

אַט גיט זי אַ הויב מיט'ן מעסער עטליכע אַנגעבראַקטע פּעניצלאַך און עס ווערט באַלד אַ הויכער בערגעל פון דיבינקע לאַנגינקע פּעדימלאַך, נאָר פּלוצים הויבט אָן די מאַמע ווערען קלענער, קלענער. אַט איז זי נאָר אַ מאַנצעלע, אַט ווערט זי גאָר אַ קייקעלע, דאָס קייקעלע הויבט אָן ווייטער צו וואַקסען און ווערט גאָר פּער־שאונרען...

# שבת.

מיט א פולער קעשענע יאַדרעס (סעמעטשקעס) אין מיין שבת־דיגער קאַפּאָטקע לויף איך אין קלייזעל. די זון ווי א פייערדיגער קוגעל הענגט איבער'ן בלויען וועלדעל אין מעריב זייט און בע־פאַרבט ווייט, ווייט דעם האָריזאָן מיט א פּורפּור־רויטען פאַרב. א סנאָפּ שטראַלען פון דער פערגעהענדער זון שפּיגעלט זיך אָפּ אין דעם קיילעכדיגען פענסטערל אויפ'ן בוידעם פון שוהל און רופען ארויס ווי א העלען פלאַם אויפ'ן בעגילטען שפּיץ פון צערקווע. דער שמש לויפט און שרייט: „אידען, אין שו־ו־ו־ל אריין!“ אויפ'ן גאַס איילען די סעדיכעס אָפּראַמען די קאַשיקעס און גיכער אהיים צו בענטשען ליכט, נאַר דאָך קענען זיי ניט ביישטעהן דעם נסיון און ניט צו ענטפערן אויפ'ן וועג א קונה, וואָס גראַד איצטער איז איהם געקומען א חשק צו קויפען עפּעס. די קרעמערקעס טריי־בען, שטופּען מיט געוואַלד ארויס די פערשפּעטיגטע סוחר'טעס, „וואָס געפינען נאַר קיין אנדער צייט ניט, ווי דייקע נאָר ביי סאַמע ליכט־בענטשען“, פערמאַכען די קראָמען איינע נאָך די אנדערע און לויפען מיט די פייערטעפּלאַך און מיט נאָך צוואַנציג אנדערע פּעק־לאַך אויף די ברעמנעס אהיים. דער איסציסק פון מארק געהט אראָפּ, עס פערבלייבען נאָר די טישלאַך, ארום וועלכע עס איז ניט לאנג געווען אזא גערודער און וואו עס האָט געקאָכט מיט לעבען, און שטעהען איצט ווי מצבות אויף דעם, וואָס איז געווען. דער צייל קראָמען ווערט פּוסט, לעדיג.

איך לויף אין קלייזעל, אום פּטור צו ווערען פון שטוב־ארבייט. אויפ'ן שוהל־הויף לויפען מיר אנטקעגען פון מרחץ פערשפּעטיגטע אידען, מיט רויטע פערשוויצטע פּנים'ער, מיט אָנגעקלעבטע בלעט־

לאך אויפ'ן שטערען פון די בעזימער, מיט וועלכע זיי האבען זיך געשמיסען אויפ'ן פאל, מיט פרישע וואונדען פון די געהאקטע באנקעס אויף דער אפגעגאלטער פאטיליצע, מיט די ברודיגע וועש אונטער'ן ארם. נעבאך! זיי וועלען אפילו ניט אוספייען אפשניידען די נעגעל לכבוד שבת, פון כאפען א לעפעל צימעס נאכ'ן באד איז שוין געוועזען ניטא וואס צו רעדען.

אין קלייזעל טרעף איך שוין כמעט דעם גאנצען קאמפלעקט אודושליווע אלטע לייט, ווי זיי זיצען ארום דעם אנגעזשאריעטען אויווען. זיי זיצען אין זייערע פערגעלטע פון אלטקייט לאסטענע שבת'דיגע קאפאטעס איבער'ן פערשמאלצענעם פון חלב סידור און זאגען ווארט ביי ווארט מיט'ן נגון, מיט א פערראסטעטען קול, איבערגעריסען אלע ווייל'ע פון א שברים־הוסט, דעם הייליגען שיר־השירים.

— שני שדיך קהו, קהו קה—ה—ה—ו, כשני עפרים קהו, קה—ה—ה—ו תאמי צביה...

הערענדיג די ליבעסערקלערונג אין אזא פערראסטעטען קול, אקאמפאנירט מיט דעם שברים־הוסט פון מיילער אהן צייהנער, ווער איך קעלטער צו דער שענער ברונעטקע שולמית, זאל זיין אפילו. אז זי איז ניט מעהר און ניט ווענינער ווי די כנסת ישראל, זי ווערט ביי מיר זעהר וואכעדיג און פערלירט דעם גאנצען חן.

דער פראסט טרייבט און דער עולם איילט מיט שנעלע טריט גיכער אין די קלויזען, און ווען דער בעל תפילה קומט צו קדושה ווערט א פויקעריי פון אינעוויינינ איבער די שויבען און דרויסען א געלאפעריי, און פיינע אידען, שענע אידען, בכבוד'יגע אידען שטע־לען פיס ניט ערגער ווי קונדסים...

צו קבלת שבת איז שוין דאס קלייזעל געפאקט און איבער'ן גאנצען קלייזעל שוועבט דער הויך פון דער בת מלכה שבת. דער אנ־געהייצטער אויווען אויף א גאנצען מעת לעת לאזט ארויס פון זיך אזא היץ, אז מען ווערט שיער דערשטיקט. די חלב'נע ליכטלאך הויבען אן צו שמעלצען און די לאמפען ברענען זיך פערנאנדער און הויבען אן צו קאפטען און שטיקלאך אש הויבען אן ארומצוטראגען זיך אין דער לופט. די אויסגעשמיר־

טע פון דער ברייטער האַנט גרויסע ווינטערדיגע שטי־
וועל מיט רזשענאַכץ לכבוד שבת, גיבען אַרויס פון זיך אַ שווערען
גערוך, וועלכער, ביים אויסמישען זיך מיט׳ן ריח פון די פערשוויצ־
טע זאָקען, פערכאַפּט אַזש דעם אָטהעם...

די „ליעבע וואַרימקייט" צונעהמט דעם צוקאַליעטען עולם.
אפרים דער בעקער הויבט זיך אָן דער ערשטער צו וויגען און דרעמ־
מעלט געשמאַק איין תיכף ווי דער בעל תפילה גיט מיט אַן אָנגע־
בראַכענעם קול אַ זאָג: „לכו נרננה". דער שכן פון איין זייט גיט
איהם מיט׳ן עלענבויגען אַ וועק, ער עפּענט שווער פערנאַנדער
די אויגען, נעהמט אָן אַ גרויסען שמעק טאַבאַק, נאָר די האַנט ווערט
איהם פערשטאַרט אויפ׳ן וועג צו דער נאָז און ער דרעמעלט ווייי־
טער, און באַלד הויבט זיך אָן צו וויעגען אַ צווייטער, אַ דריטער
און זיי העלפען איינער דעם צווייטען מיט׳ן אָרם, מען טראָגט אונ־
טער די טאַבאַקערקעס פון איינעם צום צווייטען און מען טרייבט
אונטער איינער דעם אַנדערען און מען ניסט און מען מטהא׳קעט
און מען שאָקעלט זיך אין דרעמלען און מען דאַווענט.

צוויי כחות, צוויי געגעננעזעצטע כחות באַרען זיך. דער פער־
בליבענער כח פון אַ גאַנצע וואָך האָבעווען, יאָגענים, לויפענים,
דריקט נאָך שטאַרק אויף זיינע קרבנות, און אַ יונגער גוואַלדיגער
צווייטער כח, אַ כח פון רוה, פערגניגען, לעבען, פון פערגעסען אַלע
קליינליכקייטען וויל זיך אַריינרייסען, און די מלחמה צווישען די
ביידע כוחות איז שטאַרק און קומט פאָר אויף יעדען טריט און
שריט. אַוויילע זיעגט דער ערשטער וואָכעדיגער כח און די סצענע
בעקומט אַ וואָכעדיגען, הינטישען אויסזעהן, און אין אַוויילע אַרום
שפרייט זיך פאַנאַנדער אַ הייליגע רוה, אַלע געזיכטער בעקומען גאָר
אַנאַנדער אויסזעהן, און עס דוכט, אַז די בת מלכה שבת ווינקט
און שמייכעלט פון אונטער דעם פרישען פרוכת איבער דעם ארון
קודש און די אַלע קליינינקייטען ווי היץ, טשאַד, קאַפּאָט, שווערער
גערוך ווערען ווי פערשוואונדען און אויף דער נשמה ווערט אַזוי
גרינג, אַזוי לייכט!

צו קידוש ווערט דער עולם מעהר בעלעבט און צו אדון עולם
איז ער שוין פריש, מונטער, אין גאַנצען בעפרייט פון עול הפרנסה.

פון זארגען, פון קליינליכקייטען, מיט'ן גאנצען הארצען ווינשט מען איינער דעם אנדערען א „גוט שבת“. עס דוכט, ווי עס וואָלט גאר קיין מאָל קיין קנאה, שנאה, צאנקעריי, רייסעריי ניט עקזיסטירט און מיט שטילע, רוהיגע טריט, ניט קוקענדיג אויפ'ן ברענענדען פראָסט, לאָזט זיך דער עולם געהן אהיים.

א שענער ווינטערדיגער אָבענד! דער הימעל איז ריין און וואו ניט וואו בעפּוצט מיט א העלינקען שטערענדעל; פון דער לבנה ציהען זיך ווייסע זילבערנע שטראלען און פאר זייער שיין בלישטשען אויפ'ן ריינעם קלאָרען שניי טויזענדער, טויזענדער בריליאנטען. אין אלע הייזער זיינען די פענסטער בעפּוצט מיט די פראסט בלו־מען, נאָר פון די אָפּגעגאנגענע ווינקלען שויבען זעהן זיך די געדעק־טע טישען מיט די ווייסע טישטיכער, מיט די אָפּגעשייערטע מע־שענע לייכטער, מיט די האלבע קאראפינקעס רויטען וויין.

איך לויף אריין אין שטוב פאר'ן טאַטען. די פּאָדלאָגע איז אויסגעשאָטען מיט'ן געלען זאמד, אין אלע ווינקעלאך איז ליכטיג צונעקליבען, אויפגעראמט, און ווען דער טאַטע גיט א זאָג „שלום עליכם“, דוכט מיר, אז מלאכים פליהען ארום איבער'ן שטוב ארום דעם גרויסען הענגלייכטער, וואו די מאמע האָט פאר'ן שוהל געהן געבענשט ליכט.

דאָס עסען שמעקט טאקע גאָר אנטיק, דער עונג שבת לאָזט זיך פיהלען, און נאָך דעם ערשטען געריכט, א שטיקעל געפילטע פיש, נעהמט זיך ביים טאַטען א קול נגינה און ער זינגט מיט גרויס מתיקות „מה יפית“. דער נגון איז אונז אלעמען גוט בעקאַנט. און מיר העלפען אלע אונטער, אפילו די צוויי קליינינקע שוועס־טערלאך. נאָר די מאמע זיצט שטיל, זי זיצט נאָר און הערט און קלייבט נחת.

פון דעם שיסעל הייסע לאָקשען שפּארט אזש צו דער נידריי־גער סטעליע א זייל פּארע, די קליינינקע פּייערלאך פון די גראָשע־נע חלב'ענע ליכטלאך ווערען ווי פערלאָרען אין דעם זייל. שטיקלאך קאלך הויבען אָן צו פּאלען פון דער סטעליע גלייך אין שיסעל און דער טאַטע און די מאמע וואונדערען זיך, ווי אזוי קענען איצט פאלען שטיקלאך קאלך, וואָס ווייזט אויף רעגען, אז די זון איז

פערגאנגנען אזוי שעהן און אין דרויסען איז אזא ברענענדיגער פראסט...

צום צימעס ווערען אלע אנגעוואַרעמטע, אנגעזעטיגטע געזיכ־טער פערצויגען מיט א צופרידענער פוילקייט, די זמירות האבען זיך שוין געענדיגט און די ברעמען ווערען שווער ווי בליי.

עס גלוסט זיך שוין קיינעם ניט עפענען דאס מויל. נאר דער צימעס, דער צימעס, די פרוכט פון דריי טעג הארעוואניע, די קרוין פון אלע שבת׳דיגע פאטראוועס שטעהט איצטער אויפ׳ן טיש. איין ליכטעל אין לייכטער צאנקט, דאס קליינינקע פייערל הויבט אן שפרינגען און ארויפבלאזען זיך. פלוצים גיט עס א העלען שיין, לאזט ארויס א ניט אין ערך נאך א גרויסען פלאם און ווערט אויסגעלאשען. א דין שנירעלע פון בלויען רויך וויגט זיך אין דער לופט און אלע דערבייזיצענדע דערפיהלען פלוצים א מיאוסע ביי־טערקייט אין די מיילער.

די מאמע נאכ׳ן עסען קוים וואס זי דערציהט ביז׳ן בעט, זי האט אבער מורא לעגען זיך גלייך שלאפען, זי זאל חס ושלום קריאת שמע ניט פערפעהלען. זי זיצט האלב אנגעשפארט אויפ׳ן קישען מיט א פערגליווערטען ווארט פון קריאת שמע אויף די האלב אפענע ליפען. זי דרעמעלט אונרוהיג, קענטיג, אז זי האט זיך גע־לעגט מיט א שווערען רעיון, וועלכער פערפאלגט איהר אין דרע־מעל, זי רייסט מיט כח אלע וויילע אויף די אויגען, גיט עפעס א מורמעל און דרעמעלט ווייטער.

אין שטוב איז שטיל. דער לאמפ ברענט, אבער דער טאטע ליעבט בעסער דאס קלייזעל, און פערבייסענדיג נאך דער זאטער סעודה מיט א הויפען באב פון דניאל׳ס כבוד וועגען, לאזט ער זיך געהן צוריק אין קלייזעל. מיר שרעקט די הייליגע שטילקייט צווי־שען א שטוב טויט־פערשלאפענע מענשען און איך געה נאך דעם טאטען אהין. אבער אויסער דעם ציהט מיך אהין צום קלייזעל ווי מיט א מאגנעט גאר אן אנדער זאך. איך וויים, אז דארטען וועט מען דערצעהלען שעהנע, וואונדערבארע מעשיות, מעשיות פון גוטע אידען, פון שדים, פון מתים, פון גנבים און גזלנים, און כאטש פאר די לעצטע מעשיות האב איך מורא סכנות נפשות, פון הערען ווערט

מיר דאס לייב ווי א ריב־אייזען, נאר וואס מעהר מורא איך האב פאר זיי אלץ מעהר חשק האב איך צו הערען זיי...

דער שבת־גוי האט שוין די לאמפען פאפראוועט און זיי קאפ־טען ניט מעהר. די עטליכע מאנסביל, וואס געפינען זיך איצט דארטען, זיצען גאנץ בעזונדער, צושפרייט אין אלע ווינקלען, יעדער פאר א לאמפ און זיינען מעביר קריאה די סדרה... איך איינער וויל גאט ניט נארען און זעץ זיך לעבען דעם בלעכענעם סטאיאק־לייכטער אין פיער גארענס, די ליכט פון איין גארען און דעם צוויי־טען זיינען פעראייניגט מיט אנגע׳חלב׳טע קנייטלאך. מיר איז זעהר אינטערעסאנט צו זעהן, ווי דאס פייער פון איין גארען געהט אי־בער צום צווייטען און איך זיץ אנגעשפארט מיט׳ן קאפ אויףביידע צוזאמענגעלעגטע הענט און קוק אוןווארט ביז די ליכט פון ער־שטען גארען וועט אויסגעהן און דאס פייער וועט איבערגעהן צום צווייטען.

ענדליך הויבען אן די סדרה־לייענער צו כאפען אינטערוויי־לעכטס א דרעמעל ביי די הארטע ווערטער פון תרגום, און ביים ערוואכען לאזט זיך הערען א גרויסער גענעץ איבער דעם גאנצען קלייזעל. דער גענעץ איז א מין סיגנאל, און פון אלע ווינקעלאך הויבט זיך אן צו הערען א פאטשאינעם, גענעצען...

איינציגוויים קלייבען זיך אלע ארום לעבען אויווען. דארט ווערט גאנץ ענג, און איך האלט קוים, קוים אז א שטיקעל שטע־הענדיג ארט ביים טיש.

און דא ווער איך געוואר פון די הרי חשך, פון די רויטע איד־לאך און פון טייך סמבטיין, וואס ווארפט א גאנצע וואך, ביז פרייטאג צוועלף א זייגער שטיינער און רוהט שבת, און פון דער טומאה׳דיגער רוים וואו עס הענגט א וויגעלע אויף איין שטריקעל. דריי האבען זיך שוין אפגעריסען און ווען דאס לעצטע פיערטע שטריקעל וועט זיך אפרייסען, קומט די גאולה.

אלע הערען מיט קאפ און א פיעבער לויפט איבער ביי יעדען איינציגען פון א ברענענדיגען וואונש, אז דאס לעצטע שטריקעל זאל זיך שוין נעבען א ריס אפ... אזוי פיעל הונדערטער יאהרען

געוואַרט און דערלעבט, אַז דריי שטריקלאַך זאָלן לאַפּנען, סך הכל נאָך איין שטריקעלע... דוכט זיך, וואָס?...

— אַך, אַז מען זאָל דאָס וויסן, וואו דאָס ווינקעלע הענגט. ווי קלערט איהר? וואָלט זיך שוין געפונען, דוכט זיך, איינער, וואָס וואָלט מקרב געווען די גאולה, זיפצעט דער דערציילער. נאָר ווער ווייס? מסתמא דאַרף מען אזוי.

און דערנאָך געהען מעשיות וועגן כיטרע, קונציגע גנבות, וועגן שעהנע, פיינע שפּיצלאַך פון די ניט־שטוב־דערמאָנענדיגע, און יעדער איינער ווייס אַ גאַנצן שאָק אַזעלכע מעשיות און מיין קינדערשע פאַנטאַזיע ווערט אזוי ווייט אַנגעשראָקען, אַז ווען מיר געהען אַרויס פון קלייזעל און אונז קומט אויס צו געהן פאַרביי דער שוהל, טוליע איך זיך צום טאַטען און האָב מורא אַ קעהר צו טהאָן דעם קאָפּ, איך זאָל דאַרטען פּלוצים ניט דערזעהן אַ ניט־גוטען, אַרומגעגאַרטעלט מיט זיין איינענער צונג.

אין שטוב איז שוין פינסטער און איך געה טאַפּענדיג צו מיין בעטעל. איך קען לאַנג ניט איינשלאָפען און פון ליאַדע שאָרך אויפ׳ן בוידעם אָדער פון עפּעס אַ קראַץ איבער דער וואַנט, פּער־פּעהלט מיר אָטהעם פון שרעק. מיר דוכט, אַז איך בין אַרומגערינגעלט מיט גייסטער, רוחות און גראַב דעם קאָפּ אין קישען און מיך שרעקט מיין איינענער אָטהעם.

# נאָך שלוש סעודות.

שוין צו שלוש סעודות האָט זיך דערפיהלט דער אומעט פון זענגענען זיך מיט דער בת מלכה שבת. ביים טיש איז געווען פינס־טערלאַך, און די גאַנצע סעודה איז בעשטאַנען פון א קאַלטער פלאַטקע דערלאַנגט אויף אַן איבערגעקעהרטען טעלער. אין דעם קורצען ווינטערדיגען טאָג האָט זיך ביי קיינעם נאָך דעם זאַטען שבת׳דיגען וואַרעמעס קיין מויל ניט געעפענט צום עסען, און די קאַלטע פלאַטקע איז נאָר געווען אויסצופילען די צאָהל פון די דריי שבת׳דיגע סעודות. דער טאַטע האָט עפּעס יאָ אָנגעהויבען צו זינגען א שלוש־סעודות׳דיגען זמר׳ל, אָבער דער „הן בבקעה, הן בהר, הן בשדה, הן ביער, הן בעיר, הן בכפר“ האָט גיכער גע־קלונגען, ווי א „זיי געזונט“ צו דער נשמה יתירה.

נאָר, מחשבות׳ן, אין דער האַלב פינסטערנים פון דעם ווינ־טערדיגען פּאַרנאַכט איז מען קיין מאָל ניט זיכער, צי מען דאַרף איילען צו מעריב צי ניט, און אפילו ביי דער קורצער סעודה בע־מערקט זיך שוין די וואָכעדיגע יאַגענים.

אין קלייזעל ווערט דער אומעט פון שיידען זיך מיט דער נשמה יתירה נאָך דריקענדער. דער גרויסער עולם איז איצט פער־קליבען ארום דעם איינציגען לאָמפּ, וואָס איז געבליבען ברענען פון ערב שבת און דער טרויער־נגון פון אשרי תמימי דרך שניידט ביים הארצען. פערלאָזט איז דער טיש לעבען אייוועז, פון וועלכען די אנגעגרייטע היץ פאר א גאַנצען מעת לעת איז אויסגעגאַנגען, אזוי ווי עס איז אויסגעגאַנגען די שבת׳דיגע נשמה יתירה.

די קליינוואַרג האָט זיך איצט פערקליבען אויף די טרעפּלאַך פון ארון קודש. דאָ איז דער חושך נאָך גרעסער פון די אריבער־

געלעגטע שווערע פוטערס איבערביידע פארענצעז. און דער פלאץ וואו מיר האבען זיך אויסגעזעצט זעהט אויס, ווי א פינסטערע הייהל. מיט די שמות, וואס ווארטען אויף זייער קבורה אונטער די טרעפלאך, איז אזוי אונהיימיש, אזוי מורא׳דיג.

די שווארצע אריבערגעהאנגענע פוטערס מאכען די אימה נאך גרעסער, נאר איין פוטער טראגט אריין עפעס א ווייכקייט אין אונזער פינסטערער הייהל. דאס איז א פוטער, וואס איז צו אונז געקומען פון דער פרעמד און איהם האט געבראכט דער יונגער איידעם, וואס זלמן דער שיינקער האט גענומען פאר זיין טאכטער. דער פוטער האט דעם פרעהליכען געלבליכען קאליר, וואס פער־טראגט צו אן איידעלע העלקייט. דער דאזיגער קאליר שטראלט ארויס אפילו אין דער האלבער פינסטערקייט און דער פוטער איז אזוי ווייך און גלאט, און ער איז פול מיט קליינע עקלאך.

וואס טיפער עס ווערט די אימה אלץ ענגער טוליען מיר זיך איינער צום אנדערן און אונזער חבר שלום, וועלכער ווייסט אלץ, דערצעהלט שטיל, אזוי ווי ער וואלט א סוד איינגעראמט, ווי דעם גאנצען שבת האבען די זינדיגע געהאט רוה און גיהנם און איצט זיצען זיי און פלאטערען, ווייל דער גיהנם הויבט שוין באלד אן ווידער צו ברענען און עס וועלען זיך ווידער אנהויבען די גרויסע יסורים און ענוים. פון רוה צוריק בראטען זיך אין געקאכטע כמאלע. און דער פייער דארטען איז ניט ווי אונזער פייער. דאר־טען אז עס ברענט איז נאך ערגער ווי אין א קאלך־אויווען.

און דער פייער פון א קאלך־אויווען איז פאר אונז ניט קיין געוואוינליכער און ער האט אונז אויסגעוויזען צו זיין עפעס אזוינס, וואס נאר פארצייטען האט מען פון איהם געוואוסט, און מיט איהם פרובירט צדיקים.

עס הערט זיך א לייכטער ציטער אין שלום׳ס קול און אנדערע הערצלאך ענטפערן מיט א פלאטערן. מיר דריקען זיך צו נאך ענגער איינער צום צווייטען, ווי שעפעלאך אין א גרויסען שטורם. מיט דער געדיכטער פינסטערנים ארום אונז, מיט די שווערע פו־טערס איבער׳ן קאפ, מיט די שמות וואס ווארטען אונטער אונז

אויף זייער קבורה, איז אונזער הייהל גאר ניט א פלאץ פון דער וועלט, און די אימה וואקסט.

מיר האבען ניט געהערט, ווי דער עולם האט אויפגעהערט צו זאגען תהילים און מיר האבען זיך אלע א צאפעל געטהאן פון שרעק, ווען עס האט זיך פלוצים דערהערט, ווי דער שמש האט א פאטש געטהאן איבער'ן בעלעמער און געלאזט דערמיט וויסען, אז עס איז צייט צו דאווענען מעריב. עס האט אונז אויסגעוויזען, אז דאס איז געווען דער סיגנאל צו מאכען דעם פייער אין גיהנם און אנהויבען צו בראטען די זינדיגע נשמות.

# צוקערנע מענשעלאך.

נאך דעם לאנגען, אומעדיגען ווינטער האבען זיך בעוויעזען די ערשטע אנזאגער פון א בעסערער פרעהליכערער צייט. ביי די בעקער אויף די טישלאך האבען זיך בעוויעזען המן־טאשען און דער־צעהלט, אז פורים איז נאהענט. די סעמערס וואס זיינען געווען פערלאזט כמעט דעם גאנצען ווינטער האבען ממש אפגעלעבט און בעקומען א לעבעדיגען קאליר. עס זיינען מיט אמאל ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואקסען צוקערנע מענשעלאך אין די העלסטע קא־לירען, און די גאלדענע אפעלסינען האבען פשוט פערבלענדט די אויגען און די לעקאכדיגע עופות און די פערדעלאך און די נייע סאר־טען צוקערקעס האבען געגעבען די סעמערס אזא וואונדערבארען שעה־נעם פנים, וואס זיי האבען קיינמאל אין קיין אנדער צייט ניט געהאט, און אז מיר אינגלאך, זיינען געגאנגען פון חדר איבער׳ן מארק, צווישען די סעמערס זיינען אונזערע אויגלאך אזוי צולאפען אז מיר האבען ניט געוואוסט אויף וואס צו קוקען פריהער.

די גאלדענע אפעלסינען האבען ביי אונז ארויסגערופען בלויז א רוהיגע בעוואונדערונג. זיי זיינען פאר אונז געווען צו אריסטא־קראטיש און אין אונזערע געדאנקען האבען מיר זיך געהאלטען אויף א דרך־ארץ׳דיגען מרחק פון זיי. נאר דערפאר האבען די רויט אנגעפארבטע צוקערנע מענשעלאך און די לעקאכדיגע עופות פרעהליך געוואונקען צו אונז און אפגעגעבען אונז מיט אן אויפ־רייצענדער ווארעמקייט.

די ערשטע פאר טעג האבען מיר פשוט מורא געהאט אפילו צוצוטרעטען צו א סעמער. די סעדיכעס האבען מיט אזא כל טוב אנגענומען איבעריגע גאוה און מיר האבען זיך געפיהלט צו קליין,

צו נישטיג, אז מיר זאָלען וואגען צונעהן צו זיי. און אז איך האָב זיך ענדליך מיט מוטה אנגענומען און איינגעהאנדעלט א צוקערנעם אפּיצערל מיט עפּאָלעטען און א שפּאגע און בין געלאָפען אהן אז אטהעם ווייזען דער מאמען די מציאה, האָט זי זיך אויף מיר אָנ־געבייזערט:

— עס ניט! דאָס איז סם המות.

איך האָב געקוקט אויף דעם אנגעפּארבטען אפּיצערל און גע־וואָרפען א בליק פון אונטער'ן שטערען אויף דער מאמען און בין צום וויפּיעלטען מאָל געקומען צום שלוס, אז די מאמע איז א פּחד־לב'ע. פאר אלץ האָט זי מורא: זי האָט מורא איך זאָל א שפּרונג טהאָן, זי האָט מורא איך זאָל זיך א גליטש טהאָן, זי האָט אפילו מורא פאר'ן דראָט מיט די פּיסטאָנעס וואָס איך האָב געקויפט צו שיסען המנ'ען און זי וויל ניט אנדערס, אז איך זאָל בעסער איינ־שאַפען זיך א שרייער אָדער א קאלעקאָטקע און זי פערשטעהט ניט, אז פאר א אינגעל וואָס איז שוין ארויס פון די האלבע טייטשע מייטקעלאך איז א חרפה צו שלאָגען המנ'ען מיט אזעלכע קינדערשע זאכען.

פערשטעהט זיך, אז איך האָב דער מאמען ניט געפאָלגט און איך האָב מיין אפּיצערל שטייפער פערקוועטשט אין האנט און אז די מאמע האָט זיך פערקוקט, האָב איך מיט גרויס ליעבשאפט א לעק געטהאָן. איך האָב ערווארט צו דערפיהלען א טעם גן־עדן אין מויל, נאָר דער טעם איז געווען עפּעס א לאָקריץ זיסליכער. איך האָב פּרובירט אן עפּאָלעט, נאָר דער טעם איז ניט בעסער געוואָרען. אין א וועלכע עטליכע סעקונדען איז מיין אפּיצערל שוין געווען אהן א פּוס, מיט א האלבע שפּאגע, אהן ביידע עפּאָלעטען, און מיין ליעבשאפט און בעוואונדערונג פאר איהם איז אלץ קלענער און קלע־נער געוואָרען.

און מיין צער איז נאָך גרעסער געוואָרען דערפון, וואָס דער אפּיצערל איז איצט געווען אין אזא צושטאַנד, אז ער האָט אפילו ניט געטויגט פאר שלח מנות.

# פורים.

עס איז געווען א טאג פון גרויסע ערוואַרטונגען, ספּעקולאַציעס און ביטערע ענטטוישונגען. איך האָב זיך ניט אזוי גרינג געזעגענט מיט'ן שלח מנות, וואס איך האָב געשיקט מיינע חברים. איך האָב צעהן מאָל איבערגעקוקט די פּאָר צוקערנע מענשעלאך און די לעקאַכדיגע עופות און בהמות און די עטליכע ניס און איבערגעצעהלט און איבערגעמאָסטען יעדע זאַך בעזונדער און נאָכדעם געבליבען זיצען מיט א הארצקלאַפּעניש און האָב אויסגעקוקט די אויגען, וואס וועל איך קריגען צוריק. עס איז געווען א גרויסע ספּעקולאציע צו שיקען די דאָזיגע צוקערנע מענשעלאך און הארטע לעקאכדיגע העהנער און פערדעלאך און די טערקישע ניס, און פערלאָזען זיך אויף יענעמס יושר. און די נשמה איז ממש אויסגעגאַנגען פון פיבערישען ווארטען ביז יענער האָט צוגעשיקט זיין שלח מנות. און אזוי ווי דער גאנצער קונץ פון שלח מנות בעשטעהט פון מאכען א געניטען חלוף, האָט מיר שטענדיג אויסגעוויזען, אז מען האָט מיך געקריוודעט. און ווען עס איז געקומען צו דער סעודה, בין איך צום טיש צוגעגאַנגען גאָר ניט אין א יום טוב'דיגער שטימונג.

ביי דער סעודה איז פערזאַמעלט געווען די גאנצע הויז-געזינד. און הגם דאָ האָב איך זיך געקענט אביסעל בעפרידיגען, ווייל איך בין געווען דער מיזיניק און איך האָב געקענט ארונטערנעהמען פון דעם שלח מנות, וואס מען האָט געשיקט טאַטע-מאַמען אבי וועלכע נאַשעריי האָב איך געהאַט עגמת נפש פון דעם אופן, ווי אזוי זיי האָבען דעם חלוף געמאכט. עס איז אויסגעקומען, אז זיי האָבען זיך תמיד גענאַרט. אפּגערעדט פון דעם

שלח מנות, וואָס די כלי קודש האָבען געשיקט, א שלח מנות צו וועל־כען מען האָט זיך כמעט ניט צוגעריהרט און דער טאַטע פלעגט נאָר אָפּרעקען דאָס טיכעל פון טעלער, אריינלעגען אביסעל מזומן און גלייך אָפּגעבען דעם שליח צוריק, מיט א מתנה פאַר'ן גאַנג. נאָר אפילו פון דעם שלח מנות וואָס קרובים און גוטע פריינד האָבען צו־געשיקט, האָט דער טאַטע ארונטערגענומען עפּעס א קלייניגקייט פון יוצא וועגען און געלאָזט דער מאַמען זי זאָל אַנלעגען מגדנות פיעל עס האָט געקענט אריין אין טעלער. און די מאַמע האָט אָנגע־גרייט אויף שלח מנות טאַקע גאָר פיינע מגדנות. דאָ זיינען געווען די אריסטאָקראַטישע אָפּעלסינען, דאָ זיינען געווען פערשיעדענע טאָרטען און נאָך אזעלכע גוטע זאכען, וואָס האָבען ממש ארויס־גערופען וואסער אין מויל. און הגם אפילו א בלינדער האָט געקענט זעהן ווי אזוי טאַטע־מאַמע נאַרען זיך אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס, זיינען זיי געווען זעהר צופריעדען דערמיט און האָבען ממש הנאה געהאַט דערפון.

די סעודה איז צוגעגאַנגען שטיל הגם אלע וואָס זיינען גע־זעסען ארום טיש, א חוץ די ווייבער און קינדער, האָבען שוין עט־ליכע מאָל געמאַכט לחיים. און שטילער פון אלעמען איז געווען דער פּרוש, וועלכער האָט ביי אונז געגעסען שבת און יום טוב. ער איז שטענדיג געווען א שווייגענדיגער און האָט געהאַלטען די אויגען תמיד אראָפּגעלאָזט. ער איז געווען א שוואכער, אויסגעווייקטער יונגערמאַנטשיק און די מאַמע האָט אָפט מיט רחמנות געזאָגט, אז זי ווייסט ניט ווי אזוי די נשמה האַלט זיך אין איהם. ער האָט קיין מאָל קיין הויך וואָרט ניט ארויסגערעדט און בכלל האָט ער זעהר וועניג גערעדט.

די פּורים'דיגע פּאַטראָוועס זיינען געקומען מיט גרויסע הפסקות און דערווייל האָט די משקה אין פלעשעל דערגרייכט צום דעק. פון א שכנ'ישע הויז האָבען זיך באַלד דערהערט פרעהליכע קולות.

— דאָס איז ביי וואָלפע דעם חסיד, — האָט דער טאַטע בע־מערקט.

די פרעהליכע קולות און באַלד דער לעבעדיגער געזאַנג, וואָס

האט זיך אנגעהויבען ביי וואלפע דעם חסיד האט ארויסגערופען ביי אלעמען ביים טיש עפעס א מין ביינקענים. אלע האבען מיט אמאל דערפיהלט, אז די שטילקייט און רוהיגקייט ביים טיש איז א מין בעליידיגונג פאר דעם יום טוב פורים, ווען עס איז א מצוה צו טרינ־קען און צו הוליען. און מיט א מין קנאה אין קול האט דער טאטע געזאגט:

— די חסידים — זיי קענען זיך פרעהען.

צוזאמען דער געזאנג האט זיך אנגעהויבען ביי וואלפע איז דער פרוש געווארען ווי עפעס אונרוהיג. ער האט עטליכע מאל אויפגע־הויבען דעם קאפ ווי ווען בעסער כאפען די נגונים וואס הא־בען דערגרייכט צו אונז, און פלוצים האט ער א פאטש געטהאן איבער'ן טיש און א קאמאנדעווע געטהאן קורץ:

— בראנפען!

דאס איז געווען אזוי אונגעריכט אז איך האב זיך פאר'ן פאטש דערשראקען, נאר דערהערענדיג וואס ער פאדערט, בין איך אזש אויפגעשפרונגען פאר פרייד. איך האב זיך גלייך אנגעשטוי־סען, אז ערשט איצט וועט זיך אנהויבען דער אמת'ער פורים און איך האב פערגעסען אלע מיינע קריוודעס. וואס מען איז געגען מיר בעגאנגען מיט'ן שלח מנות.

באלד איז שוין געשטאנען א נייע פלאש אויפ'ן טיש און איצט האט דער פרוש אנגעגאסען און גענומען בעל הבת'עווען.

ער האט איצט געקראגען דעם דבור און האט געערדט פאר פייער און פאר וואסער.

— וואו איז אייער שכן? — האט ער פלוצים א פרעג גע־טהאן.

ביי אונז האט געוואוינט א פאר פאלק אין שכנות. זיי הא־בען געוואוינט אין א קאמער און האבען דארטען געמאכט די סעודה פאר זיך. און אזוי ווי זיי זיינען פארטיג געווארען פאר אונז האבען זיי זיך שוין געלעגט שלאפען.

— רוף אריין דעם שכן! — האט ער צו מיר געזאגט.

איך בין צוגעגאנגען צו דער טהיר און א רוף געטהאן:

— רב גרונם, מען בעט אייך צום טיש.

קיינער האָט ניט געענטפערט. די טהיר איז געווען פערשפּאַרט און אין קאַמער איז שוין געווען פינסטער.

— זיי שלאָפען! — האָב איך אָפּגעגעבען אַ רעפּאָרט!

— וועק איהם אויף!

— איך האָב געפּאָלגט און גרונם האָט געענטפערט:

— איך דאַרף געהן מאָרגען צו דער אַרבייט.

— וואָס הייסט, ער וויל ניט פאָלגען? — האָט דער פרוש געפרעגט אַזוי פער'חדוש'ט, אַזוי ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבען געווען געוואוינט אַז מען זאָל פאָלגען זיינע בעפעהלען.

— איך וועל איהם בעטען, — האָט דער טאַטע געזאָגט און געלאָזט זיך געהן צום קאַמער.

ער האָט אויך געקראָגען דעם זעלביגען ענטפער און פיעל דער טאַטע האָט מיט איהם ניט אַריינגע'טענה'ט דורך דער פערשפּאַר־טער טהיר, אַז היינט איז פּורים און עס וועט זיין פרעהליך, האָט ניט געהאָלפען.

איך זעה, אַז איך מוז זיך שוין אַליין מטריח זיין, — האָט דער פרוש געזאָגט — האָט איהר ערגעץ אַ האַמער?

— אַ האַמער? — האָט דער טאַטע און נאָך איהם אַלע ביים טיש איבערגעפרעגט — וואָס דאַרפט איהר אַ האַמער?

— איהר פאָלגט וואָס מען הייסט, האָט ער געזאָגט ווי אַן אמת'ער בעפעהלער.

ער האָט מיט'ן האַמער געגעבען צוויי קלעפּ אין טהיר און נאָך אַ קורצער הפסקה אַ דריטען קלאַפּ און געזאָגט מיט אַ קול ווי מען רופט אויף צו אַן עליה:

— יעמוד מורנו רב גרונם און קומט מאַכען לחיים!

גרונם האָט אַלץ געענטפערט, אַז ער ליגט שוין אין בעט און דאַרף מאָרגען געהן צו דער אַרבייט.

— איך בין גוזר אויף אייך, אַז איהר זאָלט תיכף ומיד אַריינ־וואַרפען זיך אין די הויזען ווייל אין צוויי מינוט אַרום וועט איהר זיצען ביים טיש און מקיים זיין עד דלא ידעי.

— אדרבא, ווייזט אַ קונץ, — האָט שוין גרונם געענטפערט מיט אַ האַלבען געלעכטער.

דער שוואכער און אויסגעווייקטער פרוש, וועלכער האט קיין מאל קיין הויך וואָרט ניט ארויסגערעדט און אין וועלכען די נשמה האט זיך קוים געהאלטען, האט א שליידער געטהאָן דעם האמער, ארונטערגעוואָרפען פון זיך זיין קאפאטע און מיט א געשריי „לשם ולגדעון" האט ער גענומען קלעטערען איבער דער טהיר.

איבער'ן טהיר און סופיט איז געווען אַן עפענונג און אהין האט ער זיך ארויפגעדראפעט מיט דער פלינקקייט פון א קאץ און באלד איז ער פערשוואונדען דורך דער עפענונג צו גרונם'ן אין קאמער.

ביים טיש איז שוין קיינער ניט געזעסען. און איינער האט זיך איבערגעקוקט מיט'ן צווייטען מיט א בליק פון אנגענעהמער איבער־ראשונג און בעוואונדערונג.

— לאָזט מיר אַנטהאָן די שטיוועל און די קאפאטע! — האט זיך געהערט גרונם'ס קול פון קאמער.

— מען האָט אייך מתרה געווען פריהער און איהר האט צייט געהאט פריהער. איצט זייט צופריעדען וואס איהר האט אויף זיך די הויזען.

און דער שוואכער, אויסגעווייקטער פרוש האט טריאומפירענ־דיג ארויסגעפיהרט פון קאמער א פערשעמטען גרונם'ן, געזעצט איהם ביים טיש. ער האט איהם אַנגעגאסען בראנפען און געזאָגט:

— היינט איז פורים און א איד געהט ניט א ניכטערער שלאָפען.

— לאָזט מיר כאטש אַנטהאָן א קאפאטע, — האט זיך גרונם געבעטען.

— איהר וועט טרינקען, וועט איהר ניט וויסען צו איהר האט א קאפאטע צו ניט.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער פרוש קען זינגען און טאנצען, דאס הייסט שפרינגען און מען האט געטרונקען און מען האט געזונגען און מען איז געשפרונגען ביז שפעט אין דער נאכט.

און ווען מען האט זיך נאך האלבער נאכט אויפגעהויבען פון טיש האט שוין קיינער אויף די פיס ניט געקענט שטעהן און אלע מאנסביל, און גרונם אויך צווישען זיי, האבען זיך ארויסגערופען

צו געהן בעגלייטען דעם פרוש. אויפ׳ן וועג האָט ער ערגעץ דער־זעהן א ציעג און האָט זיך אויף איהר ארויפגעכאפּט רייטענדיג און אזוי איז ער געפאָהרען אין דער בעגלייטונג פון דער גאנצער סוויטע און דעם גאנצען וועג האָט ער שוין מיט א הייזעריגען קול געזונגען מיט׳ן מגלה-ניגון: „ככה יעשה לאיש אשר המלך חפץ ביקרו“.

און ווען ער איז דעם קומענדען פרייטאג אבענד געקומען עסען, איז ער ווידער געווען דער שוואכער און אויסגעווייקטער יונגערמאנטשיק, מיט די אויגען אראָפּגעלאָזט און קוים די נשמה האָט זיך אין איהם געהאלטען. נאָר זיין קול איז געווען הייזעריגלאך.

און לאנגע, לאנגע יאָהרען האָבען מיר ניט געקענט פערגעסען די קונדסעריי, און די פלינקייט און דעם קוראזש און די גבורה אין טרינקען, וואָס דער אויסגעווייקטער פרוש האָט געוויזען אין יענער נאכט פון פורים.

און דאָס איז געווען דער לעצטער פרעהליכער פורים, וואָס איך האָב געזעהן.

# דער ערשטער ווארעמער שטראהל.

## (פון די קינדערשע יאהרען).

מיר האבען נאך רעכט ניט אפגעכאפט דעם אטהעם פון די סאמע גרויסע פרעסט, ווי עס האט אויף אונז א שיין געטהאן דער ערשטער ווארעמער שטראהל.

נאך איז דאס גאנצע שטעדטעל געלעגען איינגעקאוועט אין דעם איינגעפרארענעם שניי, וואס האט זיך דורך לאנגע דריי הדשים אין די גאסען אונטער די שווערע טריט פון די תושבים אין א ברודיגען אייז פערוואנדעלט; נאך זיינען די דעכער געווען בעלאדען מיט'ן פיערטעל־יעהריגען וויסליכען שניי; נאך זיינען ז'י שויבען און די פענסטער געווען באדעקט מיט'ן קווייטעלדיגען פראסט; נאך זיינען טהיר און טהויער געווען פערשפארט, אז די בייזע קעלט זאל דורך זיי ניט קענען אריינכאפען זיך; נאך זיינען די דובאלטאווע פענסטער געשטאנען אויף דער וואך אז די אייזיגע לופט זאל זיך דורך א שפארע ניט אריינ'גנב'ענען אין די הייזער.

און פלוצים האט א שיין געטהאן א ווארעמער שטראהל. די לופט איז מיט אמאל פול געווארען מיט גינגאלדענע פערימלאך און זיי האבען גענומען וועבען די פערגליווערטע האפנונגען און בעפליגלען די איינגעפרוירענע פאנטאזיע; טרערען פון שמחה האבען אנגעהויבען צו קאפען פון די איינגעקאוועטע דעכער, און א זיפץ פון ערלייכטערונג האט זיך ארויסגעריסען פון אלעמענס הערצער.

א סוף פון דעם בייזען און שטרענגען ווינטער.

דורך דעם לאנגען ווינטער האט זיך מיט יעדען נייען אויסגעפאלענעם שניי אונזער נעסעל אויפגעהויבען. די צייטען פון יאהר זיינען אין מיין אלטער היים געווען שטרענג אויסגעהאלטען. סוף

אסיען האָט אָנגעהויבען צו פאַלען דער שניי און איז געבליבען ליגען ניט געריהרט, נאָר מיט יעדען טאָג איז ער אין די גאַסען אַלץ הארטער און הארטער איינגעטראָטען געוואָרען און ווען די ווינטערדיגע פרעסט זיינען געקומען און פערוואנדעלט איהם אין אייז, איז ער שוין געווען אַזוי הויך, אַז ווען מען האָט געדאַרפט אריינקומען אין אַ שטוב האָט מען זיך פון גאַס אין פאַרהויז גע־דאַרפט ארונטערלאָזען ווי אויף טרעפּ. די אָרימע איינענטאַזשיגע שטיבער האָבען זיך ווי איינגעקאָרטשעט און האָבען אויסגעזעהן אַ סך נידריגער. און אפילו די קלענסטע קונדסים האָבען געקענט אויס־שטרעקען זייערע הענט און ארונטעררייסען די אייז־ליכטלאַך, וואָס זיינען ארונטערגעהאנגען פון די דעכער, ווען דער ווינטער איז מיט אַ מאָל משוגע געוואָרען און ניט געוואָלט געבען אַ פּאָר טעג זיינע פרעסט.

נאָר יענע משוגע'נע אַדליגעס האָבען קיינעם ניט גענאַרט. מען האָט געוואוסט, אַז מעהר ווי אַ טאָג אָדער צוויי וועלען זיי ניט גע־דויערען און די גאַסען און די דעכער וועלען ווידער איינגעקאָוועט ווערען.

אַנדערש איז אָבער געווען מיט די ערשטע וואַרעמע שטראַה־לען. זיי זיינען געווען די אמת'ע אָנזאָגערס אַז די גבורה פון דעם ווינטער איז שוין געבראָכען און די שווערע קייטען וואָס ער האָט אָנגעטהאָן אויף אַלעמען און אוי ף אַלץ וועלען מעהר קיין קיום ניט האָבען און וועלען צושפּרונגען ווערען ביי די ערשטע בעריהרונג מיט זיי. און די ערשטע וואַרעמע שטראַהלען האָבען ניט נאָר אָנ־געזאָגט, אַז דער סוף פון דעם ווינטער איז שוין געקומען, נאָר אַז עס קומט אויך דער סוף פון דעם זמן אין חדר.

מיט די ערשטע וואַרעמע שטראַהלען האָט אונז דער רבי אָנ־געזאָגט די פרעהליכע בשורה, אַז דער למוד ביי נאַכט האָט אויפגע־הערט און מיר זיינען פריי אין אָבענד. די שמחה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבען זיך אונטערגענומען אַפצוראַמען דעם ווינ־טער פון אונזער געסעל און מאַכען זיין סוף פיעל גיכער. מיט האַק און אייזען האָבען מיר זיך גענומען גרונטעווען אין דעם אייז און רייסען פון איהם שטיקערווייז.

און נאך קיינמאל איז מיר פיזישע ארבייט ניט געווען אזוי זיס ווי אין יענע גליקליכע טעג, ווען די זון האט ארונטערגעשיקט איהרע ערשטע גינגאלדענע שטראהלען, און מיר האבען אונזער געסעל געגומען אויסלייזען פון דעם אייזיגען יאך. טרערען פון פרייד, וואס די דעכער האבען געגאסען זיינען געווען א ווארנונג, אז דער הויכער אייז פון געסעל מוז אפגעראמט ווערען איידער ער לאזט, און פון יעדער שטוב איז עמיצער ארויסגעקומען מיט אן אייזען און האק און גענומען זיך צו דער ארבייט.

נאר אויב די ערוואקסענע מענשען איז די דאזיגע ארבייט געווען א הכבדה, איז זי פאר אונז געווען אן אמת'ער תענוג. און אזוי גיך ווי מיר חדר־אינגלאך זיינען פארטיג געווארען מיט'ן ווארעמעס האבען מיר אנשטאט צו לויפען געשווינד צוריק אין חדר געכאפט א האק און אן אייזען און גענומען זיך צום אייז, און זיכער האט דער טאטע מוצאי יום כפור ניט ארייגעקלאפט דעם ערשטען פלעקעל פאר דער סוכה מיט מעהר שמחה, ווי איך האב ארייגעלאזט די האק אין דעם נאכגיביגען אייז.

שווער איז געווען דער אייזען פאר די קליינע דארע הענטלאך, נאר עס איז געווען ממש אין לעבען אריין, ווען דער עלטערער ברודער אדער דער טאטע האט געוואלט צולעגען א האנט. מיט דער גרעסטער אייפערזיכטיגקייט האבען מיר אונזערע כלי מכשירים געהאלטען ביי זיך און ניט געלאזט די עלטערע מענשען צוריהרען זיך צו זיי. און איבער'ן גאנצען געסעל ווי דורך א סיגנאל האבען זיך געהויבען די העק אין דער לופטען, אויפגעכאפט אויף זיך די שטיפערישע גינגאלדענע שטראהלען און ארונטערגעלאזט זיך מיט א טויבען קלאפ.

און ווי דורך א כשוף ווערט דאס געסעל בעפרייט פון די אייזיגע קייטען, עס ווערט פערשוואונדען די ברודיגע שווערע אייזיגע דעקע און די שטיינער פון ברוק כאפען אפ דעם אטהעם נאכדעם ווי זיי זיינען דריי חדשים געווען טיעף בעגראבען. העכער הויבען זיך אויף די הייזער און אומעדום פיהלט זיך דער פרייער אטהעם.

און די טראפענס וואס קאפען פון די דעכער, און די נאסע שטיינער פון דעם בעפרייטען ברוק, און די גינגאלדענע שטראהלען וואס

שטיפען, שפרינגען און טאַנצען אין דער קלאָרער לופט און בלענדען די אויגען מיט זייער פרישען און העלען שיין. זאָגען, אז עס איז שוין אַ סוף פון דעם ווינטער.

און די איינגלאַך מיט די אויפגעהויבענע קעפּלאַך, מיט זייערע פרייע אבענדען זאָגען אז עס איז אַ סוף צום זמן מיט די לאַנגע נעכט, אַ סוף צו דער הארטער באַנק פון חדר און נאָך עטליכע געצעהלטע טעג און זיי זיינען בני חורין.

# שבת הגדול.

דער הויך פון יום טוב האט זיך שוין געפיהלט שבת הגדול ביים ווארעמעס ביי בעריל דעם סטאָליער אין שטוב, הגם די איינ־ציגע זאך וואס האט אפשר א שייכות געהאט מיט'ן פסח איז גע־ווען דער כריין פעררויטעלט מיט ראסעל פון בוריקעס, וואס איז געשטאנען אין א פלאש אויפ'ן טיש. דער הויך פון יום טוב האט זיך געשפירט אין דער זעלטענער ריינקייט און ליכטיגקייט, וואס מען האט אין שטוב געזעהן א קיילעכדיגען האלב יאהר, צייט מען האט תיכף נאך סכות אריינגעשטעלט די דובולטאווע פענסטער. איצט איז די שטוב געווען פריש אויסגעקאלכט, די פאדלאגע אפ־געסקראבעט און אויסגעוואשען, די לייכטער און די מעשענע און קופערנע כלים ארומגעשייערט און אלץ האט געפינקעלט און גע־בלאנקט.

דער צוואנציגיעהריגער הענאך, בערילס מוזיניק. האט דוקא איצט דערפיהלט עפעס א מין ענגשאפט און ער האט זיך קוים דער־ווארט אז מען זאל שוין אפבענשען. ער האט גענומען די הגדה און געזאגט:

— איך געה אין קלייזעל.

הענאך איז געווען א שטילער, סטאטעטשנער בחור און האט נאר געוואוסט פון זיין שטוב, זיין ווארסטאט און זיין קלייזעל. אויב ווייבער האבען זיך מיט איהם ניט געבענשט איז דאס נאר געווען דערפאר, וואס ער איז געווען א פראסטער בעל מלאכה און ניט קיין לערנער. ער איז ניט געגאנגען אין קלייזעל לערנען, ווייל ער האט לערנען ניט געקענט; ער איז אויך ניט געגאנגען זאגען תהלים אדער הערען עין יעקב — ווייל ער איז נאך ניט געקומען

אין יענע יאהרען ווען מען גיט זיך אפּ דערמיט: נאר אין קלייזעל האט ער זיך געפיהלט פיעל געהויבענער, ווי אין שטוב אדער ביי דער ארבייט, דא איז איהם עפּעס ווי צוגעקומען א נשמה יתירה און ער האט ליעב געהאט צו הערען די שיחת חולין פון קלייזעל.

אין זיין געסעל האט זיך שוין בעוויזען אז אנדער סארט אר־בייטער, וואס האט געפונען אן אנדער צייט־פערטרייב און אנדערע פערגניגענס. אנטקעגען הענאך׳ס שטוב האט געוואוינט היגדע די נייטערקע און, א שטייגער, שבת ביי טאג האבען זיך דארטען פער־קליבען די מיידלאך, וואס האבען ביי איהר געארבייט, זייערע חברת׳עס און זייערע בעקאנטע יונגע בחורים און מען האט דארטען געטאנצט און שמחות געמאכט און פרעהליך פערבראכט.

הענאך האט מיט יענע בחורים קיין מחזקות ניט געמאכט און מיט קיין מיידלאך קיין בעקאנטשאפט ניט געפיהרט. זיין לע־דיגע צייט האט ער פערבראכט אין קלייזעל און דארטען האט ער געהאט זיינע אייגענע פערגניגענס. ער איז געווען א געזונטער בחור און ער האט אפט געוויזען גבורות אין הויבען די שווערע גמרות. ער האט ליעב געהאט צו שטעהן פאר׳ן טיש ביים אייווען וואו מען האט געקענט הערען אלערליי נייעס און די וואונדער־בארסטע מעשה׳לאך. ער האט געהאט א חוש פאר דער הומאר וואס מען הערט אפט פון פראסטע מענשען און אונטער זיין לאנגלי־כער און דיקליכער נאז איז אפט געוועזן פערבארגען א שמייכעל, און האט אליין אויך ליעב געהאט צו זאגען א המצאה אין דעם דאזיגען גייסט.

הענאך איז געקומען אין קלייזעל און האט דא קיינעם ניט גע־טראפען. די ארים בחורים און פרושים זיינען זיך צופאהרען אויף יום טוב און פון בעלי בתים איז קיינער ניט געקומען זאגען די הגדה אין קלייזעל.

הענאך׳ן האט אויסגעוויזען, אז דאס קלייזעל זעהט איצט אויס נאר אנדערש ווי אלע מאל. דורך די גרויסע פענסטער האבען זיך געשאטען גינ־גאלדענע שטראלען און דאס גאנצע קלייזעל איז מיט זיי געווען פערפלייצט, און עפּעס א זעלטענע ווייכקייט, לאסטשע־דינקייט האט זיך געפיהלט אין די דאזיגע שטראלען.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ'ן טאַטענס שטאָט און אָנגע־הויבען צו זאָגען די הגדה, מיט'ן ריכטיגען נגון און מיט'ן ריכטיגען טראָפּ. ער האָט געזאָגט אַ גלאַטע עברי און די הגדה איז איהם געווען גוט בעקאַנט. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ מיידעלשען גע־לעכטער. דאָס האָט געלאַכט שמואל איטשע דעם סטאָליערס טאָכ־טער, וועלכע האָט געוואוינט אין דעם שטיבעל אַנטקעגען איבער דעם קלייזעל.

ער האָט אַ וואַרף געטהאָן אַ בליק אין דער ריכטונג פון וואַ־נען דאָס געלעכטער איז געקומען. ער האָט קיין טעות ניט גע־מאַכט. דאָרטען איז אין טהיר געשטאַנען איטקע שמואל איטשעס מיידעל, מיט נאָך אַ פּאָר מיידלאַך וואָס זיינען איצט צו איהר געקומען.

איטקע איז העַנאַד'ן קיינמאָל ניט געווען געפעלען. זי איז געווען אַ קליינע און אַ קיילעכדיגע און ווען זי איז געווען שטייף איינגעגאָרסעוועט האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס דריי־גאָרענדיגעס אין אַ קליינעם פאָרמאַט, און האָט דערמאָנט דריי טעפּלאַך, ווי זיי שטעהען איינער אויפ'ן צווייטען: פון אויבען אַ קלענערער, אין מיטען אַ גרעסערער און אונטען נאָך אַ גרעסערער. מען זאָגט, אַז זי איז אַ גרויסע פערדיענערקע, זי אַרבייט ביים בעסטען דאַמסקען שניידער און זי איז דאָרטען די ערשטע מאַס־טעריצע, נאָר מיט אַזאַ פּנים ווי איהרען און אַזאַ פיגור ווי איהרע וועט זי מיט אַלע איהרע פערדיענסטען לאַנג דאַרפען וואַרטען אויף אַ חתן.

ניין, איטקע איז העַנאַד'ן לחלוטין ניט געווען געפעלען, און ער האָט קיין מאָל אין איהר זייט ניט געוואָלט אַ קוק טהאָן, און ער האָט אַליין ניט פערשטאַנען פאַר וואָס ער האָט אָפּגעקעהרט די אויגען פון דער הגדה און נאָכגעקוקט איטקען און איהרע חברת'עס, און ווען זיי זיינען פערשוואונדען הינטער דער טהיר, האָט ער זיך באַלד אַריבערגעזעצט צום פענסטער, וואָס איז אַרויסגעקומען אַנט־קעגען שמואל איטשעס שטיבעל און ער האָט מיט מעהר חשק גענומען זאָגען די הגדה.

אין קלייזעל זיינען דערווייל אָנגעקומען נאָך עטליכע בחורים.

מיט וועלכע הענאך האט זיך גע'חבר'ט. זיי זיינען אויך געקומען מיט די הגדות און ווי הענאך זיינען זיי אויך ניט געווען אזוי אויסען צו זאגען די הגדה, נאר וויל זיי האבען זיך געפיהלט עפעס ענג ביי זיך אין דער היים און עס האט זיי געצויגען צו א פרייערען פלאץ.

— וואס האסטו זיך עפעס געזעצט דא? — האט געפרעגט ברוך, א געזונטער בחור, מיט ברייטע באקען און עטוואס אנגעבוי־געגעם רוקען.

— דא איז בעסער, — האט הענאך געענטפערט קורץ.

פון שמואל איטשעס שטיבעל האט זיך איצט דערהערט דער נגון פון א קאדריל, אויסגעברומט מעהר אונטער דער נאז ווי דורכ'ן מויל. דאס האבען די מיידלאך אונטערגעברומט דעם נגון און הא־בען זיך געשטעלט טאנצען.

ביי שמואל איטשען אין שטיבעל איז דאס טאנצען ניט געווען פערשייט. דא האבען זיך צוזאמענגעקליבען מיידלאך, אהן בחורים, און האבען אליין אונטערגעזונגען און אליין געטאנצט.

— אהא! — האט זיך אנגערופען אלטער, א הויכגעוויקסיגער דארער בחור. — הענאך וויל זיך אויסלערנען טאנצען.

זיי האבען זיך אנידערגעזעצט לעבען הענאך'ן און אויך אנ־געהויבען צו זאגען די הגדה אויפ'ן קול, מיט'ן ריכטיגען נגון. זיי האבען זייער קול געהויבען פיעל העכער און דעם נגון מעהר אויס־געצויגען, ווי עס פאדערט זיך ביים זאגען די הגדה שבת הגדול. די הגדה האט לאנג ניט געדויערט, און די ערשטע ווייכע לאסטשעדיגע שטראלען פון דער פריהלינג־זון האבען זיך געשאטען דורך די גרויסע פענסטער און געגומען שטיפען מיט די פריזמעס, וואס זיינען אין צוויי גארען אראפגעהאנגען פון דעם הענגלייכטער און ארויסגערו־פען ארום זיי א וואונדערבארען געמיש פון די רייכסטע קאלירען, וועלכע האבען פערבלענדט די אויגען.

דאס שטילע ברומען פון די יונגע מיידעלשע שטימען, וואס האט דערגרייכט פון שמואל איטשעס שטיבעל דורך די אפענע פענסטער האט געהאט אין זיך עפעס אנ'שכור'ענדעס. הענאך האט פלוצים דערפיהלט, ווי א פערשפארטע קראפט הויבט זיך אן צו

שטויסען ביי איהם אינעווייניג און רייסט זיך ארויס. ער האט זיך ענערגיש א הויב געטהאן פון באנק, אנגעכאפט ברוך'ן און א הויב געטהאן איהם אין דער לופטען.

— א חכם אויפצוהויבען מיך, ווען איך האב זיך ניט גערעכט! אדרבה, ווייז א קונץ און הויב מיך איצט אויף, — האט ברוך זיך אנגערופען.

זייער ראנגלען זיך האט באלד צוגעצויגען די אויפמערקזאמ־קייט פון די מיידלאך אין שמואל איטשעס שטיבעל און זיי האבען אוועקגעווארפען זייער טאנצען און געשטעלט זיך אין פענסטער און צוגעקוקט זיך. הענאך האט אין זייער זייט ניט געקוקט, נאר ער האט געוואוסט, אז ער האט א פובליקום און ער האט מעהר כח און ענערגיע אריינגעגעבען אין זיין ראנגלען און בארוקען זיך, און ער איז געווען אויף'ן זיבעטען הימעל, ווען ער האט זיין געגנער אומגעווארפען און דערביי האט זיך דערהערט א געלעכטער פון פענסטער, וואו די מיידלאך זיינען געשטאנען.

— צו־יושעט זיך אין א מקום קדוש! — האט הענאך דער־הערט דעם שמש'ס קול.

די גאנצע שכרות איז פלוצים ווי מיט דער האנט אוועקגע־נומען געווארען. הענאך און זיינע צוויי חברים האבען זיך גלייך אויסגעניכטערט. זיי האבען איצט אלע שווער געסאפעט און קוים געקענט שטעהן אויף די פיס. די ווייכע, לאסטשענדע שטראלען זיינען דערוייל פערשוואונדען און די פריזמעס פון דעם הענג־לייכטער האבען פערלארען דעם וואונדערבארען געמיש פון די רייכסטע קאלירען און האבען ווידער אויסגעזעהן ניט מעהר ווי געשליפען גלאז.

הענאך האט א ווארף געטהאן א בליק צום פענסטער פון שמואל איטשעס שטיבעל. דארטען איז געשטאנען איטקע אין איהרע אלע דריי גארענס, און הענאך'ן האט אויסגעוויזען, אז זי איז איצט נאך מאוס'ער ווי אלע מאל...